# וויסענשאַפטליכע ביבליאָטעק

אין צעהן בענד.

אונטער דער רעדאקציע
פון
**דר. יצחק אייזיק הורוויטש.**

פאַרלאַג „די הוים“
ניו יאָרק — 1919.

אינהאַלט פון דער וויסענשאַפטליכער ביבליאָטעק:

ווילִיאם מעַקדוּגעַל

# פּסיכאָלאָגיע

מיט אַן אַלגעמיינעם אַריינפיר

פון

הוגא מינסטערבערג.

אידיש: ל. לערער.

פארלאג „די היים"

ניו יארק.

# אינהאַלט:

# די נאַיִווע פּסיכאָלאָגיע.

(אַלגעמיינער אריינפיר)

ערשט נעכטען האָבען זיך די וויסענשאַפטליכע פּסיכאָלאָגען גע־לאָזען אויף אַ נייעם וועג. אַ לאַנגע צייט זענען זיי הויפּטזאַכליך געווען פאראינטערעסירט צו שטודירען די געזעצען פון דער פּסיכיק. דער ענדציל איז געווען אַ טעקסט־בוך וואָס זאָל פאַרמאָגען אַ סיסטעם פון געזעצען צו וועלכע יעדע מענשליכע פּסיכיק מוז זיך אונטערוואַר־פען. אָבער אין די לעצטע צייטען האָט זיך די זאַך געביטען. פיעל פון די בעסטע פּסיכאָלאָגישע ארבייטען אין דער איצטיגער צייט האָבען אַ טענדענץ צו שטודירען אינדיווידועלע פארשידענקייטען. אין דער אמת׳ן האָט די מאָדערנע פּסיכאָלאָגיע מאָדנע פאַר־נאַכלעסיגט די נויטיגקייט אריינצודרינגען אין דער מענשליכער פּערזענליכקייט. דאָס הייסט ניט אז די דעקלאַראַציע פון פּסיכאָלאָ־גישער אומאָפּהענגיגקייט איז באַשטאַנען דערויף, אז אַלע מענ־שען זענען געבוירען געוואָרען גלייך. עס האָט זיך אויך קיין פּסיכאָלאָג ניט גע׳חלום׳ט אז בילדונג אָדער די געזעלשאַפטליכע סביבה קען אויסקנעטען אַלע מענשען אויפ׳ן זעלביגען אופן. אָבער ווי ווי־סענשאַפטלייט האָבען זיי ניט געפיהלט קיין באַזונדערן אינטערעס אין דער רייכקייט פון קאָלירען און שאַטירונגען. זיי האָבען בכיוון פאַרנאַכלעסיגט די פראַגע וועגען דעם ווי אַזוי מענשען אונטערשיי־דען זיך, ווייל זיי זענען געווען אריינגעטון אין שטודירען די פונדאַ־מענטאַלע געזעצען וועלכע דאַרפען זיין גילטיג פאַר יעדען איינצי־גען. עס איז דוכט זיך קיין וואונדער ניט פאַרוואָס פּסיכאָלאָגען האָ־בען אויסגעקליבען דעם דאָזיגען טיילווייז אומפּרוכטבאַרען וועג; עס

## הוגאָ מינסטערבערג

איז געווען אַ מין רעאַקציע אַנטקעגן דעם פאַנטאַסטישען שוואונג פון דער פּסיכאָלאָגיע פון די אַלטע צייטען. יאַרהונדערטען לאַנג האָט מען זיך באַנוצט מיט חקירות וועגען דער נשמה. די מעטאַפיזיק האָט געהערשט און מען האָט איגנאָרירט די נויטיגקייט צו באָאָבאַכטען די אמת׳ע פאַקטען פון וועלט און לעבען. ווען די נייע צייט האָט זיך באַוויזען, בעת די פּסיכאָלאָגען זענען געווען מלא שמחה צוליב דעם גייסט פון אַ וויסענשאַפטליכער מעטאָדע און אַן עקזאַקטען שטודיום פון ווירקליכע פאַקטען, איז דער זיכערסטער וועג געווען פאַר זיי נאָכצומאַכען די גוט־אויספּרובירטע און טריאומפירענדיגע פּראָצעדורען פון דער נאַטור וויסענשאַפט. דער פיזיקער און דער כעמיקער זוכען די געזעצען פון דער פיזישער וועלט, און דער פּסיכאָלאָג האָט זיך גע־סטאַרעט צו האַנדלען אַזוי ווי זיי, צו שטודירען די עלעמענטען וואָס שטעלען צונויף די פּסיכישע וועלט און געפינען די געזעצען וואָס קאָנט־ראָלירען זיי. אָבער כאָטש עס איז געווען קלוג צו מאַכען דעם ערש־טען שריט פאָראויס אין דער דאָזיגער איינציגער ריכטונג, האָט אָבער דער פּסיכאָלאָג ענדליך געמוזט צוגעבען, אַז אַן אינטערעס וואָס איז ניט ווינציגער וויכטיג מוז איהם שטויסען אין אַ פאַרקערטער ריכטונג. די מענשליכע פּסיכיק איז ניט וויכטיג פאַר אונז בלויז ווי אַ טיפּ. יעדער געזעלשאַפטליכער ציל דערמאַנט אונז, אַז מיר דאַרפען פאַרשטעהן די איינצעלנע פּערזענליכקייט. בעת מיר האָבען צו טון מיט קינדער אין קלאַס־צימער, מיט פאַרברעכער אין געריכט, מיט קונים אין מאַרק, אָדער מיט פּאַציענטען אין שפּיטאָל, דאַרפען מיר ניט בלויז וויסען אַלץ וואָס איז אמת וועגען יעדען איינצעלנעם מענשען, נאָר מיר דאַר־פען קודם כל אויסגעפינען די נייגונגען און דעם צוזאַמענשטעל פון יעדען יחיד באַזונדער, אָדער אַלץ וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר ספּעציעלע גרופּעס, פעלקער, ראַסען, געשלעכטער און עלטערס. עס איז קלאָר אַז מען האָט זיך גענויטיגט אין נייע מעטאָדען צוצוקומען צו די דאָזיגע יונגערע פּראָבלעמען פון דער וויסענשאַפטליכער פּסי־כאָלאָגיע, און די וויסענשאַפטלייט האָבען מיט חשק און בשותפות׳־דיגער אַרבייט זיך אַוועקגעלאָזען אויף אַט דעם ניט אויסגעפאַרשטען

## נאַיווע פּסיכאָלאָגיע

פעלד און זיך אָפּגעגעבען מיט אויספּרואוו־עקספּערימענטען,*) סטאַטיסטיק און לאַבאָראַטאָריע אויסמעסטונגען כדי אויסצוגעפינען כל'ע מינים אונטערשידען צווישען פאַרשידענע מענשען און גרופּעס.

אבער אין די דאָזיגע אַלע נייע אנשטרענגונגען באַגעגענט דער פּסיכאָלאָג אַ געוויסען עפּענטליכען ווידערשטאַנד, אָדער לכל הפּחות אַ געוויסע איגנאָרירונג, וואָס ער איז געוואוינט צו באַגעגענען אין זיינע טאָג־טעגליכע עסקים. אַזוי לאַנג ווי ער האָט בלויז שטודירט די געזעצען פון דער פּסיכיק האָט ער באַקומען די הסכמה פון ברייטען פּובליקום. מען האָט אָפּגעשאַצט זיין ארבייט אַט פּונקט ווי די אַר־בייט פון'ם ביאָלאָג אָדער בעמיקער. אבער ווען מען פאַרנעמט זיך אויסצוגעפינען די פּסיכישע כאַראַקטער־שטריכען פון'ם איינצעלנעם און פאַראויסצוזעהן אויף וואָס ער קען זיך ריכטען פון מענשליכע גע־זעלשאַפטליכע גרופּעס, דעמאָלט לאָזט זיך צו איהם אַראָפּ דער דרווי־סיגער מענש און דערצעהלט איהם אַז עס איז אַן איבעריגע ארבייט, ווייל דער אינסטינקט און די אינטואיציע און די נאַאיווע פּסיכאָלאָגיע פון דער גאַס וועט האָבען אַ גרעסערע פּעולה איידער כראָנאָסקאָפּישע און קימאָגראַפישע אויסמעסטונגען. ווייסען מיר דען ניט ווי אַזוי דער געשיקטער פּאָליטיקער אָדער דער פעהיגער אויפזעהער נעמט דורך אַ מענשענס נשמה מיט'ן ערשטען בליק? איידער דער אגענט פון לע־בענס פאַרזיכערונג געהט גאָר אריבער די שוועל ווייס ער שוין ווי מען דאַרף אומגעהן מיט'ן געגעבענעם מענשען. יעדער קאָמערציעלער ריי־זענדער ווייס מעהר ווי וואָסער ניט איז פּסיכאָלאָג קען איהם זאָגען. און אפילו דער קעלנער אין רעסטאָראַן זעהט פאַראויס, גלייך ווי דער גאַסט זעצט זיך אוועק, ווי גרויס עס וועט זיין דאָס טרינק־געלט אויף וואָס ער קען זיך ריכטען. אין דער אמת'ן וואָלט אונז ניט איבער־

*) אַ פּסיכאָלאָגישער „אויספּרואוו" באַשטעהט אין דעם וואָס מען פרעגט אַ מענשען אַ רייה פאַרשידענע פראַגען אויף וועלכע עס איז פעסטגעשטעלט געוואָרען, אַז יעדער נאָרמאַלער מענש דאַרף קענען ענטפערן. געוויינליך ווענדט מען אָן אַזעלכע „אויספּרואוון" אויף קינדער כדי צו קענען אָפּטיי־לען די נאָרמאַלע פון די אומנאָרמאַלע. איבערזעצער.

## הוגאָ מינסטערבערג

ציינט די טענה, אַז עס איז ניט נויטיג קיין וויסענשאַפטליכע טרהאָ
אוועקצושטעלען אַ פּראָצעס אויף עקזאַקטע פּרינציפּען בלויז דערפאַר,
ווייל דער פּראָצעס קען דורכגעפירט ווערען פונ'ם אינסטינקט. מיר קע־
נען אַלע גיהן ניט דאַרפענדיג קיין ידיעות וועגען די מוסקולען וואָס
ווערען דערצו באַנוצט און קענען געפינען נאַרונג ניט זייענדיג באַקאַנט
מיט דער פיזיאָלאָגיע פון נאַרונג. דאָך האָט דער פיזיאָלאָג ניט בלויז
קלאָר ארויסגעבראַכט די פּרינציפּען לויט וועלכע מיר עסען, נאָר עס איז
איהם אויך געלונגען צו מאַכען וויכטיגע אַנווייזען אויסצובעסערען
אונזער דיעטע, און אין געוויסע פאַלען קען זיין וויסען ברענגען אַזעל־
כע נוצען וואָס קיין שום אינסטינקטיווער אַפּעטיט קען ניט דעקען.
אויך דער פּסיכאָלאָגישער שטודיום פון מענשליכע כאַראַקטער־צוגען
קען ניט בלויז אויסגעפינען די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּען פון די גע־
וויינליכע מענשליכע ידיעות, נאָר ער קען אויך אַנטדעקען מיטלען
אַריינצודרינגען אַ סך, אַ סך טיפער ווי דער אינסטינקטיווער מענש־
ליכער פאַרשטאַנד, פונקט ווי די וויסענשאַפטליכע דיעטע וואָס אַ
דאָקטאָר פאַרשרייבט שטייגט אַריבער די פאַנטאַזיעס פון אַ קעכין. אַז
אויפזעהער מעג זיך גלויבען אַז ער קען מיט דעם ערשטען בליק דער־
קענען פאַר וואָסער סאָרט אַרבייט אַן אַרבייטער פּאַסט זיך, און דאָך
קען אַ פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז, מיט די מעטאָדען פון עקזאַקטע עקס־
פּערימענטען, לייכט באַווייזען אַז זיין אורטייל איז לחלוטין פאַלש.
נאָך מעהר, כאָטש אַזעלכע פּראַקטישע פּסיכאָלאָגען פון דער גאַס אַדער
פונ'ם קאָנטאָר קענען ביי זיך אַנטוויקלען אַ געוויסע קונסט אין דער־
קענען באַשטימטע שטריכען אין אַ מענשען, קענען זיי אָבער ניט פאַר־
מולירען די געזעצען און קענען ניט אוועקשטעלען די שטענדיגע
שייכות'ן פון וועלכע וואָלטען אַנדערע געקענט לערנען.

פון דעסטוועגען איז, דוכט זיך, די דאָזיגע טענה פונ'ם געלערנ־
טען פּסיכאָלאָג ניט מעהר ווי גאוה. האָט טאַקע די וועלט געדאַרפט
וואַרטען אויף זיין גענויער סטאַטיסטיק און זיינע פאָרמולעס פון גע־
גענזייטיגע שייכות'ן פון פּסיכישע אייגענשאַפטען כדי צו באַקומען
אַן אַלגעמיינע דערקלערונג און אַ באַשטימטע שילדערונג פון מענשלי־
כע טיפּען און פון פּסיכישע פאַרשידענקייטען? זעהען דען די שריפט־

# נאַיווע פּסיכאָלאָגיע

מען פון די גרויסע מענשען פון אַלע צייטען ניט פול מיט אַזעלכע פּסיכאָלאָגישע באַאַבאַכטונגען? האט דען ניט דאס באוואוסטזיין פון די פעלקער זיך אויסגעדריקט אין אַהן א שיעור ווערטלעך, לידער, שפּריכווערטער און פילאָזאָפישע אמת'ן, וועלכע דרינגען אריין אויפ'ן דאָזיגען נאַאיווער־פּסיכאָלאָגישען אופן אינ'ם כאראקטער און טעמפּעראַמענט פונ'ם מענשען? לאָמיר זיך אומקערען צו די געדאנקען פון דער אָריענטאַלער וויזהייט מיט טויזענטער יאָרען צוריק; לאָמיר לייענען די פּאָעזיע פון קלאַסישען אַלטערטום, אָדער פון שעקספּיר'ן, אָדער געטע'ן; לאָמיר שטודירען דאס, וואס די גרויסע רעליגיעזע פירער, שטאַטס־מענער, היסטאָריקער און יוריסטען האבען געזאָגט וועגען דעם מענשענס האנדלונגען, און מיר וועלען אויסגעפינען א געוואַלטיגע צאָל ווערטלעך מיט וועלכע קיין פּסיכאָלאָגיש טעקסט־בוך קען זיך ניט פאַרגלייכען.

דאס אַלץ איז אמת. און דאָך, אפשר איז דאס אַלץ פאַלש? קען די דאָזיגע נאַאיווע פּסיכאָלאָגיע פון אַלע צייטען, וואס די געפיהלען און די חכמה פון די טיפסטע מחות האבען מיט אַזא פולער האַנט באַרייכערט, קען די דאָזיגע פּסיכאָלאָגיע פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון וויסענשאַפטליכע באמיהונגען צו שטודירען די פּסיכאָלאָגיע פון גרופּעס, געגענזייטיגע שייכות'ן און אינדיווידועלע אייגענשאַפטען? עס קוקט אוים כמעט ווי א וואונדער וואס מען האט קיינמאָל ניט אויסגעפאָרשט פונ'ם שטאַנדפּונקט פון דער וויסענשאַפטליכער פּסיכאָלאָגיע די געוואַלטיג רייכע פרוכטבאַרקייט פון דער פאַר־וויסענשאַפטליכער פּסיכאָלאָגיע, און וואס קיינער האט נאָך ניט אָפּגעזונדערט דעם ווייץ פון די פּלעווען. נאָר דאס בעסטע וואָלט געווען ניט בלויז צונויפצוזאַמלען אַזא סאָרט מאַטעריאַל, נאָר צו פאַראייניגען די ווערטלעך פון די נאַאיווע פּסיכאָלאָגען אין אַן אָפּגעשלאָסען פּסיכאָלאָגיש סיסטעם. אין אַלע צייטען זענען זיי זיכער געווען די בעסטע באַאַבאַכטער פון דער מענשליכער נאַטור. ווארים אפילו דאס וואס איז ניט פאַרבונדען מיט'ן נאָמען פון א באַשטימטען מחבר, ווי למשל די שפּריכווערטער און פאָלקס־מעשיות פון די פעלקער, האט זיך אויך מסתמא געשאַפען אינ'ם מח פון איינצעלנע פירער. מיין צוועק איז דאָ ניט אַזא פאָרש־

## הוגאָ מינסטערבערג

טענציעזער: איך האָב אביסעל ארומגעוואנדערט אין דער ליטעראַ־טור אויסצוגעפינען אזוי, אויף דערוויל, צו די פּסיכאָלאָגישע מאַטע־ריאַלען, אַ חוץ וויסענשאַפט, איז ווירקליך אזוי רייך און ווערטפול ווי מען גלויבט געוויינליך. איך וויל דאָ פאַרלייגען בלויז אַ ערשטע זאַמלונג פון פּסיכאָלאָגישע געדאנקען, וועלכע די פאַר־וויסענשאַפט־ליכע פּסיכאָלאָגען האָבען ארויסגעזאָגט, און וועלכע זיי וועלען זיכער ווייטער ארויסזאָגען אויף זייער שעהנעם אופן, בעת מיר וויסענ־שאַפטלייט האָבען גאַר ניט אַ חוץ נודנע פאָרמולעס.

לאָמיר אָנהייבען פון'ם אָנפאַנג. עס איז נאָך קיינמאָל ניט גע־וועזן אזאַ פאָלק וועמעס געדאנקען עס זענען געווען רייכער אין חכמה, וועמעס בליק אויף דער מענשליכער נאַטור עס איז געווען פיינער און טיפער ווי ביים פאָלק פון אלטען אינדיען. די ווערטער פון זייערע פילאָזאָפען, פּאָעטען און דענקער זענען אָפט געזאַמעלט געוואָרען אין גרויסע ביכער מיט אפאָריזמען. וויפיעל פון די דאָזיגע געשליפענע באַמערקונגען פאַרמאָגען אמת'ע פּסיכאָלאָגיע? די גרעסטע זאַמלונג וואָס איך האָב געפונען איז בייטלינק'ס, וועלכער האָט איבערגעזעצט אין דייטש זיבען טויזענט פינף הונדערט אינדישע ווערטלעך. אַ היב־שע צאָל פון די דאָזיגע ווערטלעך האָבען צו טון מיט דער דרויסענדיגער וועלט, אבער די סאַמע גרעסטע צאָל רעדט וועגען דעם מענשען, וועגען מענשליכע געפיהלען און האַנדלונגען. אבער דאָ, אין אינדיען, האָב איך זיך צום ערשטען מאָל גענאַרט, און דאָס זעלביגע האָט זיך איבערגע'חזר'ט אין יעדען ווינקעל פון דער ערד. איבערלייענענדיג פאַרזיכטיג יענע טויזענטער אַלגעמיינע באַמערקונגען, האָב איך ניט געקענט געפינען מעהר ווי הונדערט און ניין וואו די באַאָבאַכטונגען האָבען אַ פּסיכאָלאָגישע פאַרב. אַלע איבעריגע טויזענטער געדאַנ־קען וועגען מענשען זענען אַדער מעטאַפאָרען און פאַרגלייכען מיט אַ באַשטימטער עסטעטישער כונה, אַדער כללים וועגען פּראַקטישע האַנדלונגען מיט אַ געזעלשאַפטליכען, מאָראַלען, אדער רעליגיעזען ציל. און ווען אפילו מיר באַטראַכטען די אַנדערהאַלבען פּראָצענט וואו מיר דערפיהלען אַ פּסיכאָלאָגישען טעם, געפינען מיר גלייך אויס, אַז מעהר ווי אַ העלפט פון די הונדערט און ניין וואו די באַאָבאַכטונ־

# נאַאיווע פּסיכאָלאָגיע

גען האָבען אַ פּסיכאָלאָגישע פאַרב. אַלע איבעריגע טויזענטער גע־
דאַנקען וועגען מענשען זיינען אָדער מעטאַפאָרען און פאַרגלייכען מיט
אַ באַשטימטער עסטעטישער כונה, אָדער כללים וועגען פּראַקטישע
האַנדלונגען מיט אַ געזעלשאַפטליכען, מאָראַלען, אָדער רעליגיעזען
ציל. און ווען אַפילו מיר באַטראַכטען די אַנדערהאַלבען פּראָצענט וואו
מיר דערפיהלען אַ פּסיכאָלאָגישען טעם, געפינען מיר גלייך אויס, אַז
מעהר ווי אַ העלפט פון די הונדערט און ניין זענען פּשוט דעפיניציעס
פון אַזאַ מין: „נאַראַנים זענען די, וועלכע פאַרלאָזען זיך אויף ווייַ־
בער אָדער אויפ'ן מזל, ווייל ביידע קריכען אהין און אהער ווי יונגע
שלאַנגען." אָדער אַזאַ: „רייכע לייט זענען ווי שכורים; זיי געהען מיט
דער הילף פון אַנדערע, זיי וואַקלען זיך אויף אַ גלאַטיגען וועג און
רעדען אהן צוזאַמענהאַנג". מען קען ניט זאָגען, אַז דאַ געפינען מיר
אַ באַריכט פון דער פּסיכיק פונ'ם נאַר אָדער פונ'ם רייכען. ווען איך
זיפּ דורך די דאָזיגע גלייכווערטלעך נאָך פאַרזיכטיגער, קען איך ניט
געפינען מעהר ווי פערציג וועלכע — אויב מען זאָל אוועקנעמען זייער
געצאַצקעטע פראַזאָלאָגיע — וואָלטען געקענט אַריין אין אַ וועלט
סיסטעם פון נאַאיווער פּסיכאָלאָגיע. און דאָך איז די דאָזיגע צאָל
נאָך אַלץ צו גרויס. פון די פערציג זענען מייסטע, נאָך אַלעמען, עפּיג־
ראַמען, גענעראַליזאַציעס פון געוויסע צופעליגע פאַלען, גוזמאות פון
אַ קליינטשיגען אמת, אָדער אויסדרוקען פון אַ געפיהל פון כעס, פון
ליבע פון קלאַסען־גייסט, אָדער פון מאַנסבילשער חוצפּה. דער אַנאַ־
ליז פון דער פרויען נשמה איז כאַראַקטעריסטיש: „אַ נייגונג צו לי־
גען, פאַלשקייט, נאַרישקייט, זשעדנעקייט, איבערגעאיילטקייט, אומ־
ריינקייט און גרויזאַמקייט זענען דער פרוי'ס איינגעבוירענע פעלערן."
אָדער „אין אַן אומגעבאַקענער כלי פאַרבלייבט ניט קיין וואַסער, אין
אַ זיפּ — קיין מעל און אינ'ם מח פון אַ פרוי — קיין נייעס." אָדער
„דער מח פון אַ פרוי איז ווייניגער שטאַנדהאַפט ווי דאָס אויער פון
אַ העלפאַנט אָדער דער שיין פון אַ בליץ." פון דער אַנדערער זייט
לייענען מיר: „אמת'ע פרויען האָבען צוויי מאָל אַזוי פיעל ליבע, פיער
מאָל אַזוי פיעל געדולד און אַכט מאָל אַזוי פיעל צניעות ווי די מע־
נער." אָדער „דער פרוי'ס אַפּעטיט איז צוויי מאָל אַזוי גרויס, זייער

שכל פיער מאָל אזוי גרויס, זייער אונטערנעמונגס־גייסט זעקס מאָל אזוי גרויס און זייער בענקשאַפט נאָך ליבע אכט מאָל אזוי גרויס, ווי ביי מענער". מיר געפינען אויך: „דער פרוי'ס כאַראַקטער בייט זיך ווי א כוואַליע אין ים, זייער ליבע — ווי די ראַזעווע שאַטירונג פון א וואָלקען אינ'ם אַוועגטהימעל, דויערט בלויז א מאָמענט." אָדער „ווען פרויען האָבען א מאַנס געלט לאָזען זיי איהם אָפּ, ווייל זיי דאַרפען איהם מעהר ניט צו האָבען."

די זעלביגע איינזייטיגקייט און עפּיגראַמאַטישע גוזמאות דערפיהלט מען תמיד ווען גאַנצע מענשליכע גרופּעס ווערען כאַראַקטעריזירט: „דער קאַרליק האָט זעכציג פעלערן, דער גאָל־האַריגער — אכציג, דער הויקער — הונדערט און צוואַנציג, און דער איין־אויגיגער — אָהן א שיעור."

לאָמיר זיך אבער גלייכער ווענדען צו ווערטלעך וואו די פיינקייט פון די פּסיכאָלאָגישע באָאָבאַכטונגען פאָדערט אז מען זאָל זיי באַוואונדערן. „דער שכור, דער אַפּגעלאָזענער, דער משוגע'נער, דער מידער, דער בייזער, דער זשעדנער, דער ציטערדיגער, דער פּלוט, און דער פאַרליבטער ווייסען ניט קיין געזעצען." „ווען א מענש באַגעהט א פאַרברעך בייטען זיך זיין קול און די פאַרב פון זיין פּנים, זיין בליק קוקט אויס גנב'יש און דאָס פייער פאַרשווינדט פון זיינע אויגען." „די בעסטע רפואה פאַר וועהטאָג איז מעהר וועגען איהר ניט צו טראַכטען; ווען איהר טראַכט וועגען איהר ווערט דער וועהטאָג גרעסער." „א גיריגען מענשען קען מען אַפּקויפען מיט געלט, א בייזען מענשען — דורך פאַרלייגען די הענט, א נאַר — דורך טוען וואָס ער פאַרלאַנגט, און א געבילדעטען מענשען — דורך זאָגען דעם אמת." „א חכם קען דערקענען די אינוויינינגסטע געדאַנקען פון אַן אַנדערן דורך דער פאַרב אויף זיין פּנים, דורך זיין בליק, דורך'ן קלאַנג פון זיינע ווערטער, דורך זיין גאַנג, דורך די אַפּשטראַלונגען אין זיין אויג און דורך דער פאָרם פון זיין מויל." „די גוטע און שלעכטע געדאַנקען וויפיעל זיי זאָלען ניט זיין פאַרבאָרגען, קען מען אויסגעפינען פון א מענשען ווען ער רעדט פון שלאָף אָדער אין שכרות." „די עמי־הארצים קען מען לייכט צופרידען שטעלען, און נאָך לייכטער קען מען

# נאַיווע פּסיכאָלאָגיע

צופרידענע שטעלען די הויך געבילדעטע, אבער א מענש וואס איז גע־
ווארען צעמישט פון אביסעל בילדונג קען מען ניט אפּקויפען אפילו
מיט דער הילף פון בראַמפ'ן." „גוטע מענשען קען מען איינשטילען
דורך ערליכער באהאנדלונג, אפילו ווען זיי זענען זעהר בייז, אבער
ניט קיין פּראסטאקעס; גאלד קען מען שמעלצען אפילו ווען עס איז
הארט, אבער ניט קיין גראז." „צופיעל היימישקייט ברענגט אומ־
כבוד, צו אָפטע באזוכען — גלייכגילטיגקייט; אין די אמאליא בערג
באנוצט א בעטלערין דעם סאנדעל־האלץ בוים פאר האלץ צום הייצ־
צען." „דער נאר קומט כאָטש מען האט איהם ניט פארבעטען, ער
רעדט כאָטש מען פרעגט איהם ניט און ער גלויבט יענעם וואס פאר־
דינט ניט קיין צוטרוי." „נייע בילדונג האלט זיך ניט לענגער אינ'ם
קאָפּ פון די אומגעבילדעטע ווי א שנור פּערעל אויף א מאלפּעס האלדז."
„דער אינוועניגסטער כח פון גרויסע מענשען ווייזט זיך בולט'ער ארויס
אין זייער אומגליק ווי אין זייער גליק; דער פיינער פארפום פונ'ם
אלא־בוים איז צום שטארקסטען ווען ער פאלט אויף פייער." „דער
כעס פונ'ם בעסטען מענשען דויערט א רגע, פונ'ם מיטעלמעסיגען —
זעקס שעה, פונ'ם פּראסטען מענשען — א מעת לעת, און דער גאסען־
יונג וועט קיינמאל פון איהם ניט פּטור ווערען." „דער געלערנטער
לאכט מיט די אויגען, מיטעלמעסיגע מענשען ווייזען זייערע ציין ווען
זיי לאכען, און אמת'ע חכמים לאכען קיינמאל ניט." „אמת און
קלוגשאפט קען מען אויסגעפינען אין משך פון א געשפּרעך, אבער
עניוות און צוריקגעהאלטענקייט דערזעהט מען מיט'ן ערשטען בליק."
„צער צעשטערט חכמה, צער צעשטערט געלערנטקייט, צער צעשטערט
געדולד; קיין זאך צעטומעלט ניט אזוי דעם מענשען ווי צער." אפּט
וויסען מיר ניט צו מען גיט אונז א פּסיכאלאגישע באאבאכטונג אדער
א מעטאפאר. יעדענפאלס דארפען מיר שעצען די טרעפליכקייט פון
אזא מין ווערטעל: „אפילו די דורכזיכטיגסטע, שענסטע, קיילעכיגסטע
און צויבערדיגסטע פּערעל קען מען אויפהענגען אויף א פאדים ווען מען
האט זיי דורכגעשטאכען; אזוי אויך א נשמה וואס גארט אויסגעלייזט
צו ווערען, צו זיין לחלוטין ריין, פריי פון קריגערייען מיט מענשען
און פול מיט גוטסקייט, וועט פון דעסטוועגען זיין געבונדען צום ער־

דישען לעבען ווען זי וועט זיך קריגען מיט זיך אליין.״ אויף דער גרענעץ פון פּסיכאָלאָגיע געפינען מיר אַזעלכע ווערטלעך: „פּונקט ווי אַ שניידערס נאָדל טשעפּעט צו דעם פאָדעם צו דער סחורה, אַזוי ווערט דער פאָדעם פון ערדישען לעבען צוגעטשעפּעט דורך דער נאָדל פון אונזערע פארלאַנגען.״ „אַ העלפאַנט דער׳הרג׳עט אונז ווען ער רירט אונז אָן, אַ שלאַנג — אפילו ווען ער שמעקט צו אונז, אַ פּרינץ — אפילו ווען ער שמייכעלט צו אונז און אַ ליידאַק — אפילו ווען ער פאַרערט אונז״. עס איז אָבער פאַרהאַן איין ווערטעל וואָס דער מאָדערנסטער פּסיכאָלאָג וואָלט אַנגענומען, וואָרים עס וואָלט פּונקט אַזוי גוט געקענט זיין אַ ציטאַט פון אַ באַריכט פון דער סאַמע לעצטער גענויער סטאַטיסטיק. דאָס אינדישע ווערטעל זאָגט: „פאַר־האַן אמת אין דער טענה אַז די זיהן גראָטען פּסיכיש מעהר אריין אין זייערע טאַטעס, און די טעכטער — מעהר אין זייערע מאַמעס.״

לאָמיר פאַרלאָזען די ברעגעס פון דער גאַנגעס און זיך צו הערען צו דער אייראָפּעאישער ווייזהייט. דאָס אַלטערטום האָט זיך מיט גרייטקייט פאַרלאָזען אויף׳ן מענשליכען וואונדערבאַרען וויסען. עס האָט אינסטינקטיוו געשילדערט די העלדען מיט׳ן אינוויינינגסטען לע־בענס־אמת. אויף ווי ווייט האָט דער כח פון פּסיכאָלאָגישער אַב־סטראַקציע באַגלייט די דאָזיגע קונסט פון׳ם שאַפּענדיגען דיכטער? איך רעכען אַז אין האָמערס אכט און פערציג ביכער קען מען ניט געפינען אפילו קיין טוץ בייטראָגען צו אונזער אומגעשריבען סיסטעם פון דער נאַאיווער פּסיכאָלאָגיע פון די פעלקער. מען דאַרף זיכער ניט ארויס־לאָזען פון אַזאַ סיסטעם די פאָלגענדע געדאַנקען פון דער „אָדיסיי:״ „וויין פירט צו נאַרישקייט, און ברענגט אפילו די חכמים דערצו, אַז זיי זאָלען ליבען אָהן אַ גרענעץ, טאַנצען און ארויסרעדען אַזעלכעס, וואָס מען וואָלט גיכער געדאַרפט פארשווייגען.״ אָדער „צופיעל רוה ווערט אליין אַ וועהטאָג״, אָדער נאָך בעסער „דער קלוגג פון שטאָל רייצט אָפּט אליין אָן צו געוואַלטזאַמע מעשים.״ מיר מעגען מעהר צווייפלען צו עס איז אמת ווען מיר לייענען: „ווייניג זיהן זענען ענ־ליך צו זייערע פאָטערס, על פּי רוב איז זייער ווערט קלענער, בלויז אַ קליינע צאָל איז העכער פון די פאָטערס.״ אָדער „כאָטש דו האָסט

## נאַיווע פּסיכאָלאָגיע

ליב דיין ווייב דערציייל איהר ניט אַלץ וואָס דו ווייסט, אנטפּלעק בלויז אַ קליינינקייט בעת דו פאַרבאַרגסט דאָס איבעריגע." פון דער איליאַדע קען מען ציטירען: „דו קענסט דאָך די אומאיינגעהאַלטענע פּייערדיגקייט פון דער יוגענד, שנעל איז געפיהל, נאָר שוואך אין פאַרשטאַנד." אדער „די איידעלסטע מחות בייגען זיך צום לייכטסטען." אָדער „דער מענש ווערט מיט אַלעם זאַט — מיט שלאָף, זיסע געזאַנגען און פרייליכע טענץ; דאָס אַלץ ווערט דעם מענשען שנעלער צוגעגעסען איידער מלחמה." טייל קענען צוזייפלען צו האמער איז געדעכט ווען ער טענה'ט: „ווען אפילו אַ מענש געפינט פאַר זיך אַליין אויס דעם בעסטען וועג, איז אבער זיין אורטייל לאַנגזאַמער און זיין אנטשלאָסענקייט שוואַכער איידער ווען צוויי געהען צוזאַמען." און אין דער אַלקאַהאַל פראַגע גיט ער אונז אַ ברירה: „וויין גיט אַ סך כח צו מידע מענשען." אָדער אויב מיר ווילען: „ברענגט מיר ניט קיין רייציגע וויינען, טאָמער וועלען זיי אָפּשוואַכען מיינע גלידער און פאַראורזאַכען אַז איך זאָל פאַרלירען מיינע געוויינליכע פעהיגקייטען און מיין כח."

עס איז קיין וואונדער ניט וואָס די טעאָרעטישע פסיכאָלאָגיע פונ'ם תנ"ך איז ניט וויניגער אָרים. כמעט יעדעס וואָרט וואָס האָט צו טון מיט דער מענשליכער נשמה שפּיגעלט אָפּ די מאָראַלע און רעליגיעזע ווערטען, און אויף אַזאַ'ן אופן טראָגט עס זיך אריבער פון ריינער פּסיכאָלאָגיע צו עטיק. אדער מיר געפינען פאַרגלייכען וועלכע באַלייכטען זעהר אינטערעסאַנט די ארבייט פון דער פסיכיק. אָבער זיי פאַרגרעסערן ניט אונזער פּסיכאָלאָגישען בליק. מיר קומען צו צום נאָהענטסטען צו דער עמפּירישער פּסיכאָלאָגיע אין אַזעלכע סאָרטען שורות: „נאַרישקייט איז איינגעוואָרצעלט אין הארצען פון קינד, אבער אַ וואָרט מוסר דאַרף זי אוועקטרייבען פון איהם." אָדער „דער וואָס איז געטריי בנוגע קלייניגקייטען איז אויך געטריי בנוגע גרויסע זאַכען; און דער וואָס איז אומגערעכט בנוגע דעם קלענסטען איז אויך אומגערעכט בנוגע דעם גרעסטען." אדער „גע'גנב'עט וואַסער איז זיס און ברויט וואָס מען עסט בסוד איז ליב." אָדער „די זאַטע נשמה האָט פיינד אַ האָניג־שיידעל, אבער פאַר דער הונגעריגער

נשמה איז יעדע ביטערע זאַך זיס." אָדער „וואָרים אויב אַ מענש איז אַ הערער און ניט קיין טוער פונ'ם וואָרט, איז ער ווי אַ מענש וואָס דערזעהט זיין נאַטירליך פּנים אין גלאָז, וואָרים ער זעהט זיך און געהט אַוועק און גלייך פאַרגעסט ער וואָסער סאָרט מענש ער איז." אָדער „טרויער איז בעסער ווי געלעכטער, וואָרים דורכ'ן טרויער פון פּנים ווערט דאָס האַרץ בעסער." אָבער דאָ זענען מיר שוין כמעט אַריבער די גרענעצען פון ווירקליכע פּסיכאָלאָגיע; מיר באַוועגען זיך אין דער ריכטונג פון עטיק. אויך קענען מיר ניט רופען פּסיכאָלאָגיע אַזעלכע סאָרטען מעטאַפאָרען: „דער וואָס באַהערשט ניט זיין אייגענעם גייסט איז ווי אַ חרוב'ע שטאָט און אָהן ווענט."

לאָמיר זיך איצט ווענדען צום בעסטען מענשען־קענער פון דער מיטעלאַלטער, צו דאַנטע'ן. ווי טיף זיין פּאָעטיש אויג האָט אַריינגעקוקט אין מענשליכע הערצער, ווי לעבעדיג זענען די העלדען פון „די געטליכע קאָמעדיע". און דאָך האָט ער אונז כמעט ווי ניט געלאָזען קיין פּסיכאָלאָגישע באַאָבאַכטונגען. אַביסעל פּסיכאָלאָגיע קען מען אנערקענען אין אַזעלכע ווערטער: „דער מענש אין וועמעס האַרץ עס דערוועקט זיך אַ געדאַנק איבער אַ געדאַנק ווערט תמיד אַנטוישט אין זיין ציל, ווייל די קראַפט פון איין געדאַנק שוואַכט אָפּ דעם אַנדערן." „ווען מיר זענען אַריינגעטון אין זיך דורך געפיהלען פון שמחה אָדער צער, גיט זיך אונזער נשמה אָפּ צו דער דאָזיגער איינציגער זאַך, און מיר זענען מעהר ניט פעהיג צו פירען אונזערע געדאַנקען צו עפּעס אַנדערש." „עס איז ניטאָ קיין גרעסערער צער ווי צו געדענקען אונזער גליקליכע צייט אין צרות". מען קען עס אָבער קוים אָנרופען פּסיכאָלאָגיע ווען מיר הערען: „דער שלעכטער אַרבייטער באַשולדיגט זיינע כלים". אָדער „פון ענליכקייט ווערט געבוירען ליבע." אָדער „די קליגסטע זענען צום מעהרסטען אויפגערעגט ווען זיי דאַרפען פאַרלירען צייט."

פון דאַנטע'ן געהען מיר נאַטירליך איבער צו שעקספּיר'ן. מיר האָבען אַזוי אָפּט געהערט אַז ער איז דער גרעסטער פּסיכאָלאָג, מיר דאַרפען אָבער ניט פאַרגעסען, אַז אַזאַ אַלגעמיינער טיטעל זאָגט נאָך ניט אַז שעקספּיר נעמט זיך אונטער ו טון די אַרבייט פון אַ פּסי־

## נאאיווע פסיכאלאגיע

כאלאג, עס זאגט בלויז אז ער באשאפט פיגורען מיט'ן טעמפעראַ־מענט, כאראקטער, געדאנק און ווילען, וואס זענען אזוי ענליך צום לעבען און אזוי פול מיט אינווייניגסטען פסיכישען אמת אז דער פסי־כאלאג קען נעמען דעם מענשען פון דיכטערס פארשטעלונג ווי מאַ־טעריאל פאר זיין פסיכאלאגישען שטודיום. אבער דאס הייסט נאך בשום אופן ניט אז שעקספיר האט פארמולירט אבסטראקטע אורטיי־לען איבער'ן פסיכישען לעבען; און אויב מיר זוכען זיין ווייזהייט אין זיינע דראמעס, קענען מיר האלטען פאר אן אנגענומענע זאך, אז אינ'ם דערמאנטען טעכנישען זין דארף ער זיין א שוואכער פסיכאַ־לאג, ווייל ער איז א גרויסער דראמאטורג. פאדערט ניט די דראמע, אז יעדעס אויסגערעדטע ווארט זאל ארויסגעזאגט ווערען ניט פונ'ם שריי־בערס שטאנדפונקט, נאר פונ'ם באזונדערן שטאנדפונקט פונ'ם העלד פון דער דראמע? און דאס הייסט אז יעדעס ווארט איז איינגעפאסט אין דער באזונדערער שטימונג, אינ'ם געפיהל, געדאנק און סענטי־מענט פון דעם וואס רעדט. א ווירקליך פסיכאלאגישע דערקלערונג מוז זיין אלגעמיין און קען ניט זיין דאס פאר האמלעט'ן און עפעס אנדערש פאר אפעליא'ן. דעם דראמאטורג'ס פסיכאלאגישע ווערט־לעך העלפען זיין קונסט. זיי העלפען איהם פאנאנדערוויקלען פאר אונז די פסיכאלאגישע פערזענליכקייט פונ'ם רעדנער, אבער זיי גיבען גאר ניט צו צו די פסיכאלאגישע טעקסטביכער, וועלכע מוזען זיין אומאפהענגיג פונ'ם פערזענליכען שטאנדפונקט. און דאך וואסער שטראם מיט שורות עס פליסען צו אונז וועלכע האבען דעם קלאנג פון אמת'ער פסיכאלאגיע!

„גלאט פליסט דאס וואסער ווען דער טייך איז טיף.“

---

„אזוי מאכט דאס געוויסען פון אונז אלעמען פחדנים.“

---

„קלייניגקייטען, לייכט ווי לופט
זענען פאר'ן אייפערזיכטיגען א באשטעטיגונג,
שטארק ווי די ראיות פון די הייליגע שריפטען.“

## הוגאָ מינסטערבערג

„פּאַרהאַז מעהר היץ אין יאַגען זיך נאָך זאַכען,
ווי אין אונזער געניסען זיי.“

„פאַרליבטע און משוגעים האָבען אַזעלכע היציגע קעפּ.
אַזעלכע שאַרפע פאַנטאַזיעס, וואָס באַנעמען מעהר
ווי דער קאַלטער שכל קען אַמאָל אויפפאַסען.“

„איצטיגע מורא׳ם זענען שוואַכער ווי שרעקליכע פאַרשטעלונגען.“

„צו שנעל פּאַרשפּעטיגט זיך פּונקט ווי צו פּאַמעלעך.“

„דער כעס איז קיינמאָל ניט געווען זיין אייגענער גוטער היטער.“

„דער כעס איז פּונקט ווי אַ שטאַרק צעהיצט פערד,
וואָס בעת עס ווערט פריי, מאַטערט איהם אויס
זיין אייגענע פייערדיגקייט.“

„פּאַרדאַכט פאַרפאָלגט תמיד די זינדיגע נשמה.“

„קיינער באַוואונדערט ניט אַזוי שנעלקייט
ווי די פוילע“.

„די בלאַסקייט פון דיין באַק
קען גיכער ווי דיין צונג מיר זאָגען דיין שליחות.“

„דער מענש וואָס האָט אין זיך ניט קיין מוזיק
און ס׳רירט איהם ניט די האַרמאָניע פון קלאַנג,
איז גרייט אויף רויב, אויף שווינדעל און פאַרראַט.“

„געליבטע, איך זעה, דאָס וואָס מען בייט זיין אייגענטום
דערוועקט דעם טיפסטען און דעם שטאַרקסטען האַס.“

## נאַיווע פּסיכאָלאָגיע

„שטאַרקע אורזאַכען שאַפען שטאַרקע טאַטען."

---

„ליבע איז אַ רויך וואָס געהט אויף מיט'ן ווייררויך פון זיפצען."

---

„איך קען ניט אַזאַ מענשען וועמען איך וואָלט אויסגעמיטען ווען דאָס וואָלט געראַטעוועט קאַסיוס'ן; ער לייענט אַ סך; ער איז אַ גרויסער באָאַבאַכטער."

---

און אַזוי ווייטער.

מיר אַלע ווייסען עס, און מיר ווייסען עס אַזוי גוט און פיהלען מיט אַזוי טיף מיט צעזאַר'ן אָדער מיט ליר'ן אָדער מיט אָטעלאָ'ן אָדער מיט מאַקבעט'ן, אַז מיר אַלע נעמען עס אינסטינקטיוו אַן פאַר אמת'ער פּסיכאָלאָגיע, בעת אין דער אמת'ן האָט עס בלויז אַ שייכות צו די אויסנעמליכע פאַלען פון דער דראַמאַטישער סיטואַציע.

ניין! אויב מיר זוכען באמת ווירקליכע אַלגעמיינקייטען דאַרפען מיר ניט געהן צום דראַמאַטורג. די בעסטע באַדינגונגען פאַר אַלגעמיינע דערקלערונגען וועלען מיר אפשר געפינען דאָרט, וואו מיר האָבען אפילו גאָר ניט צו טון מיט'ן איינצעלנעם מענשען, נאָר הערען זיך צו צו דער נשמה פון מענשליכען מין און קענען איינזאַפּען זיין ווייזהייט פון זיינע שפּריכווערטער. לאָמיר נעמען דאָס וואָרט „שפּריכוואָרט" אין זיין ברייטסטען זין אריינגענומענדיג פאָלקס־ווערטלעך וועלכע האָבען אין דער אמת'ן ניט דעם שטעמפּעל פון שפּריכווערטער. דאָרט פעלט זיכער ניט קיין שאַרף אויסגעדריקטע פּסיכאָלאָגיע. דאָס איז אמת וועגען אַלע לענדער. איך געפין די רייכסטע פרוכטבאַרקייט אין פעלד פון די דייטשע שפּריכווערטער, אבער כמעט אַזוי פיעל זענען אויך דאָ אין ענגליש, און אַ גרויסע צאָל ווערטלעך האָבען די דאָזיגעביידע לענדער בשותפות. זעהר כאַראַקטעריסטיש פּסיכאָלאָגישע באַמערקונגען קען מען געפינען צווישען די רוסישע שפּריכווערטער, און ניט וויניג צווישען די אידישע. אבער דער דאָזיגער סאָרט פּסיכאָלאָגיע איז גענוג כאַראַקטעריזירט, אויב מיר וועלען זיך דאָ באַגרענעצען אויף די ענגלישע שפּריכווערטער, אפּט פאַ־

## הוגאָ מינסטערבערג

דערט זיך אַ פּירוש כּדי מען זאָל זיי פאַרשטעהן אין זייער פּסיכאָ־לאָגישען אמת. מיר הערען כּמעט אין אַלע לענדער: „קינדער און נאַראָנים זאָגען דעם אמת.“ מיר ווייסען דאָך אַלע נאַטירליך, אַז זיי האָבען ווייניג שאַנסען צו זאָגען דעם אָביעקטיוון אמת. אַסך פון אַט די ווערטלעך זיינען פּשוט עפּיגראַמען וואו דאָס פאַרגעניגען פון דער ווערטער־שפּיל פאַרנעמט דעם פּלאַץ פון׳ם פּסיכאָלאָגישען אמת. למשל „לאַנגע האָר און קורצער שכל.“ ניט ווייניג פון זיי זענען זיך סותר, און דאָך איז ניט ווייניג וויזהייט פאַרהאַן אין אַזעלכע ווערט־לעך: „היט זיך פאַר אַ שווייגעדיגען הונט און פאַר שטיל וואַסער.“ „צרות האָבען ליב חבר׳שאַפט.“ „איבערגעאַיילטע ליבע ווערט שנעל היים און שנעל קאַלט.“ „הינט וואָס רייצען אויף אַסך האָזען הרג׳ע־נען קיין איינע ניט.“ „דער וואָס וועט גנב׳ענען אַן איי וועט גנב׳ע־נען אַן אָקס.“ „ליידיג־געהער האָבען צום ווינציגסטען פרייע צייט.“ „מיידלעך זאָגען ניין און נעמען.“ „באַרימער און ליגנער זענען לייב־ליבע שוועסטערקינדער.“ „אַ יונגען צווייג קען מען גיכער בייגען ווי אַן אַלטען בוים.“ „נאָכמאַכען איז די ערליכסטע חניפה.“ „ווען מען פאַראייניגט שטאָלץ מיט אַ סך מעלות דערשטיקט ער זיי אַלעמען.“ „פאַרברעכער זענען קיינמאָל ניט מוחל.“ „וואָס מעהר שכל אַלץ ווייניגער געוואַגטקייט.“ „שאַדענס גערענקען מיר פיעל בעסער ווי נוצען.“ „וואו ס׳איז פאַרהאַן אַ ווילען איז פאַרהאַן אַ וועג.“ „אַ ליידיגער קאָפּ איז דעם טייוועלס פאַבריק.“ „כעס און האַס דערלאָ־זען ניט קיין גוטע עצות.“ „חכמים בייטען זייערע מיינונגען, נאַראָ־נים — קיינמאָל ניט.“ „אַ פּלוצלינגע שמחה דערשלאָגט גיכער איי־דער צופיעל צער.“ „פוילע מענשען באַמיהען זיך צום שטאַרקסטען.“ „די נויט איז די מוטער פון דער ערפינדונג.“ „מיר זענען עלול צו גלויבען אין דעם וואָס מיר פאַרלאַנגען.“ „ווען אייער ווילען איז גרייט איז אייער פוס לייכט.“

די דאָזיגע אַלע שפּריכווערטער און ווערטלעך פון אַלע פעלקער קענען זיך זיין אמת, אָבער קענען מיר דען לייקענען, אַז אָרום און אָרום זענען זיי אַזוי קליינליך, אַז דער פּסיכאָלאָג וואָלט אָביסעל בעצווייפעלט צו ער זאָל זיי פּראָקלאַמירען ווי טיילען פון זיינע ווי־

## נאַיווע פּסיכאָלאָגיע

סענשאַפּטליכע רעזולטאַטען? אויף ווי ווייט זיי זענען אמת זעלען זיי טונקעל און קוים ווערט אז מען זאל זיי דערמאַנען, און וואו זיי זע־נען באַשטימט און וואונדערבאַר זענען זיי קוים אמת. נאָך אלעמען וועלען מיר זיך דאַרפען ווענדען צו איינצעלנע שרייבער כדי צו זאַמ־לען פיינערע באַאָבאַכטונגען וועגען דעם מענשענס האנדלונג, כאָטש זיי גיבען אונז בלויז אַ האַלב־נאַיווע פּסיכאָלאָגיע. יעדעם פאָלק האָט זיינע דענקער וואָס האָבען אַ נאָמען, אז זיי זענען ספּעציעלע גוטע מענשען־קענער. די פראַנצויזען ווענדען זיך גלייך צו אַ לאַ ראָשע־פוקאָל'ן און די דייטשען צו ליכטענבערג'ן. אַ וואָרט פון לאַ ראָשע־פוקאָל'ן וואָס שטעהט לעבען אַ פּסיכאָלאָגיש־חקירה'דיג שפּריכוואָרט זעהט זיכער אויס ווי אַ פינקעלדינער, פיין געשליפענער דימענט לגבי אַ לבנה־שטיין. „מיר אימיטירען גוטע האנדלונגען דורך וועלען זיך אויספיינען, און שלעכטע האנדלונגען דורך אונזער נאַטירליכער בייז־ווילינקייט, וואָס די חרפּה באַהאַלט און אַ ביישפּיל באַפרייט.“ „עס איז אסך לייכטער צו אונטערדריקען אַ ערשטען פאַרלאַנג איידער צו באַפרידיגען די, וואָס קומען דערנאָך.“ „בעת דאָס הארץ איז נאָך צערודערט פון די רעשטלעך פון אַ ליידענשאַפט, נעמט עס לייכטער אויף אַ נייע ליידענשאַפט, איידער ווען עס איז אין גאַנצען רוהיג.“ „פאַרליבטע פרויען זענען גיכער מוחל גרויסע אומפאַרזיכטיגקייטען איידער קליינע אומטרייהייטען.“ „די אורזאַך פאַרוואָס מיר געפי־נען זיך ניט אָפּט אונטער'ן איינפלוס פון איין באַשטימטער זינד, איז דאָס וואָס מיר זענען צעטומעלט פון עטליכע.“ אבער איז דאָס ניט סוף כל סוף אַביסעל צו גייסטרייך צו זיין אמת? האָט אונזער סיס־טעם פון פאַר־וויסענשאַפטליכער פּסיכאָלאָגיע דאָס רעכט צו עפענען די טיר פאַר אַזעלכע בלישטענדיגע עפּיגראַמען, וועלכע ווערען אַרויס־געזאָגט בלויז צו קיצלען אָדער צו שמייסען דעם מענשענס באַרימע־ריי? אָדער וואָסער פּסיכאָלאָג וואָלט נעגלויבט ליכטענבערג'ן ווען ער זאָגט אַז „אַלע מענשען זענען גלייך אין זייערע גייסטיגע פעהיגקייט, און בלויז זייער סביבה איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר זייערע אונטער־שידען?“ ער מאַכט אַ בעסערע באַמערקונג ווען ער זאָגט „ אַ בעל חוצפה קען אויסקוקען עניוות'דיג ווען ער וויל, אבער אַז ענו קען זיך

## הוגאָ מינסטערבערג

קיינמאָל ניט מאַכען אויסקוקען חוצפּה'דיג." אָדער ווען ער זאָגט: „קיין זאַך מאַכט ניט דעם מענשען שנעלער אַלט ווי דער געדאַנק, אַז ער וועט עלטער." אָדער „מענשען טראַכטען גאָר ניט אַזוי פאַר־שידען וועגען דעם לעבען ווי זיי ריידען דערפון." אָדער „איך האָב תמיד באַמערקט אַז שטאַרקע אַמביציע און פאַרדאַכט געהען צוזאַ־מען." אָדער „איך בין איבערצייגט, אַז ניט בלויז ליבען מיר זיך אַליין ווען מיר ליבען אַנדערע, נאָר אויך אַז מיר האַסען זיך אַליין ווען מיר האַסען אַנדערע." אָפּט מאַכט ער קאַליע זיינע פאַרכאַפּענ־דיגע פּסיכאָלאָגישע ווערטלעך דורך דעם וואָס ער פירט אין זיי אריין מאָראַל. ער האָט, למשל, קוים אַ רעכט צו זאָגען אַז „אין כאַראַקטער פון יעדען מענשען איז פאַרהאַן עפּעס וואָס קען ניט צעבראָכען ווע־רען; דאָס איז דער סקעלעט פון זיין כאַראַקטער." ער גלייכט אָבער אויס אַזאַ סאָרט פּסיכאָלאָגישע איבערגעאיילטקייט מיט שאַרפע באַ־אָבאַכטונגען, ווי למשל „אַ מענשענס כאַראַקטער קען מען דורך קיין זאַך ניט דערקענען מיט מעהר זיכערקייט ווי דורכ'ן וויץ אויף וועל־כען ער האָט פאַראיבעל", און „מיר דוכט אַז מיר ווערען בלאַס פון שרעק אפילו אין דער פינסטער, איך גלויב אָבער ניט אַז מיר וואָלטען געוואָרען רויט פון בושה אין דער פינסטער, ווייל בלאַס ווערען מיר אויף אונזער אייגענעם חשבון, אָבער רויט ווערען מיר אויפ'ן חשבון פון אַנדערע ווי אויף אונזער אייגענעם חשבון." און מיר געפינען זיך אין האַרץ פון דער מאָדערנער פּסיכאָלאָגיע בעת מיר לייענען וואָס ער האָט געזאָגט מיט הונדערט יאָר צוריק, אַז „פון אַ מענשענס חלומות, אויב ער גיט זיי איבער גענוג פּינקטליך, קענען מיר דערגרונטעווען אַסך פון זיין כאַראַקטער, אָבער בלויז איין חלום איז ניט גענוג, פאַר אַזאַ צוועק דאַרפען מיר האָבען אַ גרויסע צאָל."

איך וויל צוגעבען עטליכע כאַראַקטעריסטישע געדאַנקען, מיט אַ באַשטימטען פּסיכאָלאָגישען בליק, פון די גרויסע ניט־פּסיכאָלאָגישע שרייבער פון דער מאָדערנער צייט. לעסינג זאָגט: „דער אָבערגלויבען מיט וועלכען מיר זענען אויפגעוואַקסען פאַרלירט ניט זיין איינפלוס אויף אונז אפילו ווען מיר פאַרשטעהען איהם; ניט אַלע וואָס לאַכען פון זייערע קייטען זענען פריי." אָדער אַנדערש: „מיר ווערען שנעל

גלייכגילטיג צום גוטען און אפילו צום בעסטען. ווען עס ווערט רעגור־
לער.“ „דער גאון האָט ליב איינפאַכקייט. נאָר דער שאַרפזיניגער
קלייבט אויס קאָמפּליצירטקייט.“ „די כאַראַקטעריסטיק פון'ם גרוי־
סען מענשען איז דאָס, וואָס ער באַהאַנדעלט קלייניגקייטען ווי קליי־
ניגקייטען און וויכטיגע זאַכען ווי וויכטיגע.“ „דער וואָס פאַרלירט
זיין קאָפּ אין ליבע, וואָלט איהם פריהער אדער שפּעטער פאַרלוירען
אין יעדען אנדערן פאַל.“ אין אַלגעמיין אָבער איז לעסינג געווען צו־
פיעל קעמפּער אַז ער זאָל קענען זיין אַן אמת'דיג אָביעקטיווער פּסי־
כאָלאָג. מיר קענען האָבען מעהר צוטרוי צו געטע'ס פּסיכאָלאָגיע:
„דאָרט וואו דער אינטערעס פאַרלירט זיך, פאַרשווינדט שנעל דער
זכרון אויך.“ „דעם מענשענס געשיכטע איז זיין כאַראַקטער“. „פון
דער נאַטור באַקומען מיר ניט קיין חסרון וואָס קען ניט ווערען קיין
מעלה, און קיין מעלה וואָס קען ניט ווערען קיין חסרון.“ „אַ שטילע,
ערנסטע פרוי פיהלט זיך אומבאַקוועם מיט אַ לוסטיגען מאַן, אָבער
ניט אזוי פיהלט אַן ערנסטער מאַן מיט אַ לוסטיגער פרוי.“ „אַלץ
וואָס מיר פיהלען צו טיף קענען מיר ניט פיהלען זעהר לאַנג.“ „עס איז
לייכט צו פאָלגען אַ בעל הבית ווען ער איבערצייגט אונז בעת ער באַ־
פעלט.“ „קיינער קען ניט וואַנדערן אונטער פּאַלמען אָהן אַ שטראָף;
אַלע געפיהלען בייטען זיך אין אַ לאַנד וואו העלפאַנטען און טיגערס
זענען אין דער היים.“ „אַ מענש ווערט ניט ווירקליך גליקליך ביז זיין
אבסאָלוטע בענקשאַפט האָט ניט באַשטימט איהר אייגענע גרענעצען.“
„האָס איז אַן אַקטיווער פאַרדרוס, קנאה — אַ פּאַסיווער, און עס איז
דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס פון קנאה ווערט אזוי לייכט האָס.“
„קיינער קען ניט שאַפען קיין וויכטיגע זאַך סיידען אין איינזאַמקייט.“
„ווי שטאַרק מיר זאָלען ניט שטרעבען צום אַלגעמיינעם, בלייבען מיר
תמיד איינצעלנע וועמעס טבע עס שליסט נויטווענדיג אויס געוויסע
כאַראַקטער־צוגען און נעמט אריין געוויסע אַנדערע.“ „די איינציגע
הילף אַנטקעגען די גרויסע פאַרדינסטען פון אַן אַנדערן, איז ליבע.“
„דער מאַן בענקט נאָך פרייהייט, די פרוי — נאָך טראַדיציע.“ „אַ
טאַלאַנט ווערט געשאַפען אין איינזאַמקייט, אַ כאַראַקטער — אין'ם
שטראָם פון דער וועלט.“ „דער נס איז דאָס טייערסטע קינד פון'ם

גלויבען.״ „עס איז ניט שווער צו זיין שארפזיניג אויב מען האט קיין רעספעקט ניט פאר קיין זאך.״

דער וואס פאלט אריין אין דער געוואוינהייט צו זוכען פסיכאלא־גישע אמת'ן אין זיין טעגליכער ליטעראטור וועט לייכט געפינען עפעס וואס ער וועט אויפקלייבען בעת ער שפאצירט דורך ליטערארישע גערטנער. מיר דארפען זיך אבער תמיד היטען אז די שעהן־פארביגע און שמעקענדיגע בלומען וועלכע מיר רייסען אפ זאלען ניט זיין קיין ניפטיגע. איז עס ווירקליך גוטע פסיכאלאגיע ווען וואווענארג שרייבט: „אלע מענשען זענען געבוירען געווארען ערליכע לייט און שטארבען ווי שווינדלער״. אדער ווען ברילאט־סאווארין האלט, אז „זאג מיר וואס דו עסט, וועל איך דיר זאגען ווער דו ביסט״ ? אדער קענען מיר גלויבען מיראבא'ן : צעשלאג דיין געוויסען. ווארים עס איז דער ווילד־סטער שונא פון יעדען וואס זוכט ערפאלג״ ? אדער קלאפשטאק'ן : „גליק איז בלויז אין דער נשמה פון דעם. וואס שרעקט זיך ניט און האפט ניט״ ? אדער געלערט'ן : „דער וואס האט ליב איין זינד האט ליב אלע זינד״ ? קענען מיר גלויבען שאמפארט'ן : „אמביציע באאייג־פלוסט גיכער קליינע נשמות איידער גרויסע, פונקט ווי פייער קלעפט זיך לייכטער אן דעם שטרויענעם דאך פון א פעלד־שטיבעל איידער אן א פאלאץ״ ? אדער פאסקאל'ן : „אין א גרויסער נשמה איז אלץ גרוים״ ? אדער באדענפעלט'ן ווען ער זינגט : „א פרייליך אויג איז א כיטרע אויג, א ברוין אויג איז א שעלמיש און קאפריזנע, אבער א בלוי אויג ווייזט געטריישאפט״ ? און צו אפט דארפען מיר זיך צופרידען שטעלען מיט פארקערטע מיינונגען. לעסינג זאגט : ״אלע גרויסע מענשען זענען באשיידען״. געטע : „בלויז גאסען־יונגען זענען באַ־שיידען.״ די פסיכאלאגיע פון באשיידענקייט ווערט דוכט זיך קלארער אויסגעדריקט אין זשאן פאול'ס ווערטער : „באשיידען איז דער וואס בלייבט באשיידען, ניט ווען מען לויבט איהם, נאר ווען מען באשול־דיגט איהם.״ און עבנער־עשענבאנק איז מוסיף : „באשיידענקייט וואס דערגרייכט דאס באוואוסטזיין דערגרייכט איהר סוף.״

אבער אין אונזער סיסטעם פון נאאיווער פסיכאלאגיע דארפען מיר ניט דורכלאזען אזעלכע ווירקליך אמת'ע באמערקונגען ווי ראַ־

# נאַאיווע פּסיכאָלאָגיע

בעליי'ס פּיעל ציטירטע ווערטער: „דער אַפּעטיט קומט מיט'ן עסען". אדער פּאַקס'עס ווערטער: „דער ביישפּיל ברענגט צעהן מאָל אַזוי פּיעל נוצען ווי דער כּלל." אדער מאַלטקע'ס: „אומזיכערקייט איז באַפעלען ברענגט ארויס אומזיכערקייט אין פּאָלגען." אדער ליטער'ס: „קיין זאַך פאַרגעסט זיך ניט לאַנגזאַמער ווי א באַליידיגונג, און קיין זאַך ניט שנעלער ווי א טובה." פּיכטע איז געווען דער ערשטער צו זאָגען: „ערציהונג שטיצט זיך אויף דער זעלבסט-טעטיגקייט פון דער נשמה." נאַפּאָלעאָן האָט געשאַפען דעם גוטען מעטאַפאָר: „א מענש אָהן א זכרון איז ווי א פעסטונג אָהן א וואַך." באַפאָן זאָגט, וואָס פּראָפעסיאָנעלע פּסיכאָלאָגען האָבען איבערגע'חזר'ט נאָך איהם: „גאונות איז בלויז א ספּעציעלער טאַלאַנט פאַר געדולד." שומאַן טענה'ט: „דער טאַלאַנט ארבייט, דער גאון באַשאַפט." מיר קענען ציטירען פון זשאַן פּאָול: „קיינעם אין דער וועלט, אפילו פרויען און פּרינצען, קען מען אַזוי לייכט ניט אָפּנאַרען ווי אונזער אייגען געוויסען"; אדער פון פּאַסקאַל'ן: „געוואוינהייט איז די צווייטע נאַטור, וואָס דער'הרג'עט די ערשטע." ניטשע זאָגט: „פּיעל געפינען ניט זייערע הערצער ביז זיי פאַרלירען זייערע קעפּ." וואָלטער: „דער סוד פונ'ם געפיהל פון דערעסענקייט איז צו האָבען אַלץ ארויסגעזאָגט." זשאַן פּאָול: „צרות זענען ווי וואָלקענס אין א שטורעם; פון דער וויטענס זעהען זיי אויס שוואַרץ, אָבער איבער אונזערע קעפּ זענען זיי קוים גרוי." לאָמיר נאָכאַמאָל ציטירען פון ניטשע'ן: „די זעלביגע געפיהלען זענען ביים מאַן ווי ביי דער פרוי פאַרשידען אין זייער ריטעם; דעריבער הערען ניט אויף די מיספאַרשטענדענישען צווישען מאַן און פרוי."

דאָס ברענגט אונז צום איינציגען ענין צו וועלכען די נאַאיווע פּסיכאָלאָגיע האָט זיך מעהר אָפּגעגעבען ווי צו יעדער אַנדערער פּסי־כאָלאָגישער פראַגע: די פּסיכישע אונטערשידען צווישען מאַן און פרוי. גאַנצע בענדער וואָלט מען געקענט אָנפילען, און איך גלויב אז מען האָט טאַקע אָנגעפילט גאַנצע בענדער, מיט ציטאַטען וועגען דעם אייביגען קוואַל פון גליק און צער. ווען אָבער מיר באַטראַכטען די דאָזיגע הונדערטער טויזענטער קיילעכיגע ווערטלעך און קלוגע אויסדרוקען,

## הוגאָ מינסטערבערג

געפינען מיר אינ׳ם מאַטעריאַל פון דער מאָדערנער צייט דאָס זעל־ביגע וואָס מיר האָבען איינגעזעהן אין דער אינדישער וויזהייט. כמעט אַלץ באַשטעהט פון מעטאַפאָרען און פאַרגלייכען, אָדער פּראַקטישע עצות און התראות, אָדער ענטוזיאַסטישע שבחים, אָדער בייזווילינגקייט. אָבער צווישען הונדערט וועט איהר אפשר ניט געפינען קיין איינעם וואָס פאַרמאָגט פּסיכאָלאָגיע. און אויב מיר וועלען צוזאַמען קלייבען אַזעלכע פּסיכאָלאָגיש־חקירה׳דיגע באָאָבאַכטונגען וועלען מיר קוים וואַגען צו אָנערקענען אַז זיי פאַרדינען אַזאַ רעכט אויף אַלגעמיינער אָנווענדונג אַ דאַנק וועלכען מיר וואָלטען געמעגט פאַר זיי עפּענען די טירען פון אונזער פּסיכאָלאָגיש סיסטעם. בריער באַשטעהט דע־רויף אַז: „פרויען זענען עקסטרעם, זיי זענען בעסער אָדער ערגער פון מענער.“ און קאַצעבו פאָרמולירט דיזעלביגע אידעע: „ווען פרויען זע־נען גוט שטעהען זיי צווישען מענשען און מלאכים, ווען זיי זענען שלעכט שטעהען זיי צווישען מענשען און טייוואַלים.“ רוסאָ באַ־מערקט: „די פרוי האָט מעהר גייסט, דער מאַן — מעהר גאונות; די פרוי באָמערקט, דער מאַן טראַכט.“ זשאַן פּאָול דריקט אוים דעם קאָנטראַסט אויף אַזאַ׳ן אופן: „קיין פרוי קען ניט ליב האָבען איהר קינד און די פּיער טיילען פון דער ערד אין דער זעלביגער צייט, אָבער אַ מאַן קען עם יאָ.“ גראַבע דענקט: „דער מאַן קוקט ברייט, די פרוי — טיף; פאַר׳ן מאַן איז די וועלט דאָס האַרץ, פאַר דער פרוי איז דאָס האַרץ די וועלט.“ שילער טענה׳ט: „פרויען קערען זיך תמיד אום צום ערשטען וואָרט אפילו ווען דער שכל האָט גערעדט שעה׳ן לאַנג.“ קאַרל יוליוס וועבער, וועמען די דייטשע ליטעראַטור דאַרף געבען קרעדיט פאַר ניט ווייניג פּסיכאָלאָגישע באָאָבאַכטונגען, זאָגט: „פרויען זענען אין אומגליק גרעסער ווי מענער, צוליב דער הויפּט מעלה פון פרויען — געדולד, אָבער אין גליק זענען זיי קלענער ווי מענער, צוליב דעם הויפּט חסרון פון פרויען — גאוה. דאָך, בנוגע געדולד, זאָגט אַ דייט־שער שרייבער פון זיבעצעהנטען יאָהרהונדערט, קריסטאָף לייטאַן: „פאַלגען און געדולד האָבען ניט ליב צו וואַקסען אין גאָרטען פון פרוי־ען.“ אָבער מיר ווילט זיך שטאַרק פאַרענדיגען מיט אַ העפליכערער דייטשער באָמערקונג. זוימע האַלט: „איך קען ניט באַשטימען צו

# נאַיווע פּסיכאָלאָגיע

פרויען האָבען אזוי פיעל פאַרשטאַנד ווי מענער, אָבער איך בין לחלוטין זיכער אז זיי האָבען ניט אזוי פיעל פאַרשטאַנדלאָזיגקייט.“ און דאָך: „ווי שווער עס איז פאַר פרויען צו האַלטען אן עצה“, און וויפיעל שרייבער זינט שעקספּיר'ן האָבען געזאָגט דאָס זעלביגע אין זייערע אייגענע ווערטער.

עס איז אמת, אז דער פּאָעט פּיהלט זיכער אז ניט קוקענדיג אויף אַט די אַלע אינווייניגסטע סתירות, ווייסען זיי אסך בעסער ווי די פּסיכאָלאָגען, און דאָרט וואו זייער וויסען איז צו ווייניג פאַרזיכערן זיי דעם פּסיכאָלאָג אז ער וועט אויך ניט קענען מעהר אויפטאָן. פּאָויל הייזע, אין זיין ביכעל מיט עפּיגראַמאַטישע סטראָפען שרייבט אַ פיין ליד, וואָס, אין אומגעלומפּערטער פּראָזע, זאָגט אַט וואָס: „ווער עס שטודירט די סודות פון דער נשמה קען אויפדעקען אסך פאַרבאָרגענע אוצרות, אָבער וואָסער מאָן און וואָסער פרוי פּאַסען זיך איינס פאַר'ן אנדערן, דאָס וועט קיין פּסיכאָלאָג קיינמאָל ניט אויסגעפינען.“ עס איז אמת, אז אלס אן אנטשולדיגונג פאַר זיין נידעריגער מיינונג וועגען אונז, פּסיכאָלאָגען, קען מען זאָגען, אז ווען ער האָט דאָס ליד געשריבען אין מינכען, מיט דרייסיג יאָר צוריק, איז נאָך ניט געווען קיין פּסי־כאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריע אינ'ם אוניווערסיטעט פון זיין פרייליך שטעטעל, און בלויז צוויי צי דריי אין דער גאַנצער וועלט. אָבער היינט האָבען מיר מעהר ווי הונדערט גרויסע לאַבאָראַטאָריעס אין אַלע לענדער, און אפילו מינכען האָט איצט אַ חלק אין זיי, אזוי אז הייזע וואָלט אפשר היינט זיין מיינונג געביטען. אָבער יעדענפאַלס זענען מיר פּסיכאָלאָגען, זיך ניט נוקם דורך אויסלאַכען זיך פון דער נאַאי־ווער פּסיכאָלאָגיע פון די דיכטער און פון פשוט'ן מענשען. מיר האָ־בען אָבער געזעהן, אז זייער אזוי־גערופענע פּסיכאָלאָגיע באַשטעהט דער עיקר פון שעהן־קלינגענדע מעטאַפאָרען, אָדער פון מאָראַלע עצות, אָדער פון ליבע און בייזוויליגקייט, און אז מיר דאַרפען דורכבלעטערן אסך בענדער ביז מיר קענען זיך אָנשלאָגען אָן אַ פּיצעל פּסיכאָלאָגי־שען אמת; און אפילו דעמאָלט האָט זיך דאָס פּיצעלע אמת אויך אָפט אַרויסגעוויזען צו זיין צופעליג, טונקעל און צעדרעהט. די מאַטעמאַ־טישע סטאַטיסטיק פון די פּראָפעסיאָנעלע פאָרשער פון דער פּסיכיק

## הוגאָ מינסטערבערג

און זייערע אויספּרואוו־עקספּערימענטען אין די לאַבאָראַטאָריעס זענען זיכער ניט אַזוי שעהן, אָבער זיי האָבען די מעלה וואָס זייערע רעזולטאַטען זענען אמת. די מענשהייט האָט קיין רעכט ניט זיך אָפּצוזאָגען מיט דער האַלב־אמת׳ער, נאַאיווער פּסיכאָלאָגיע פון אַמאָל, בעת אונזער וועלט איז אַזוי פול מיט סאָציאַלע פּראָבלעמען וועלכע קענען פאַרענטפערט ווערען בלויז דעמאָלט ווען מיר וועלען קלאָר איינזעהן און דערגרונטעווען די אייגענשאַפטען און די ארבייטס־אופנים פון דער פּסיכיק. די נאַאיווע פּסיכאָלאָגיע איז טיילמאָל אַן אָנרעגונג און געוויינליך שאַפט זי פאַרגעניגען. נאָר אויב עס פאָדערט זיך א פּסיכאָלאָגיע אויף וועלכער מען זאָל זיך קענען פאַרלאָזען, דוכט מיר אַז נאָך אַלעמען איז בלויז פאַרהאַן איין וועג — זיך ווענדען צום וויסענשאַפטליכען פּסיכאָלאָג.

# פאָרוואָרט.

וואָס איז פּסיכאָלאָגיע? מיט וואָס באַשעפטיגט זי זיך? וועלכע פראַגען וויל זי פאַרענטפערן? ווי אזוי טוט זי איהר אַרבייט? וואָס זענען איהרע מעטאָדען? איז זי א וויסענשאַפט אויף א הויכער אַנטוויקלונג-מדרגה? אָדער הייבט זי זיך ערשט אָן צו שטעלען אויף די פיס, אָנצונע- מען א באַשטימטע פאָרם און קלאָר אָנצוצייכענען איהר ארבייט-פּראָגראַם? ועל כולם, וואָס קענען מיר האָפען אַז זי זאָל צוגעבען צו אונזער פעהיגקייט צו פאַרשטעהן די מענשליכע נאַטור און בייטראָגען צום מענשליכען וואויל- זיין.

אָט דאָס זענען די פראַגען, וואָס איך וועל פרובירען צו פאַרענטפערן אין דעם בוך, אזוי איינפאַך ווי די שווע- ריגקייטען פונ׳ם ענין דערלאָזען עס. איך האָף אז לכל הפחות א טייל פון מיינע לעזער וועלען דערפיהלען די גרויסארטיגקייט פון דער לערע און וועלען אנגערעגט ווע- רען ווייטער צו שטודירען איינעם אָדער עטליכע פון איה- רע פארשידענע צווייגען.

וויליאם מעקדוגעל.

## ערשטער קאַפּיטעל

# דאָס פעלד פון פּסיכאָלאָגיע.

עס איז קיינמאָל ניט קיין לייכטע זאך גענוי צו דעפינירען דאָס פעלד פון וועלכער ניט איז פון די נאַטור וויסענשאַפטען. מיר דעפי־נירען זיי אומגעפעהר, און אפשר גאַנץ גענוג פאר די מייסטע צוועקען, אַנווייזענדיג אויף די קלאַסען פון נאַטירליכע געגענשטאַנדען, וואָס די פאַרשידענע וויסענשאַפטען שטודירען. מיר זאָגען, למשל, אַז געאָ־לאָגיע איז די וויסענשאַפט פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד. אָבער אַזא דעפיניציע איז ניט פּינקטליך און ניט אויספירליך. געאָלאָגיע פלעכט זיך דורך מיט אַנדערע וויסענשאַפטען; מיט מינעראַלאָגיע, ווען זי שטודירט מינעראַלישע פאָרמאַציעס אַלס א טייל פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד; מיט ביאָלאָגיע, ווען זי שטודירט די אויס־געגראַבענע איבערבלייבעכצען פון חיות און פלאַנצען; מיט אַסטראָ־נאָמיע אָדער קאָסמאָגאָניע, ווען זי באַטראַכט די באַדינגונגען פון די ערשטע פאָרמאַציעס פון דער ערד'ס אויבערפלאַך.

די שווערקייט אָפּצוגרעניצען די פעלדער פון די פאַרשידענע וויסענשאַפט־צווייגען איז באַזונדערס גרויס בנוגע די וויסענשאַפ־טען, וואָס האָבען צו טון מיט לעבעדיגע באַשעפענישען. א פולע און גענויע דעפיניציע וואָלט מעגליך געווען נאָר אינ'ם ליכט פון פולקאָמענעם וויסען. און איצט איז אונזער וויסען פון לע־בעדיגע באַשעפענישען זעהר אומפאָלקאָמען. מיר קענען שוין איצט זעהן אַז מיט'ן וואוקס פון אונזער וויסען דאַרפען געבוירען ווערען נייע אָפּטיילונגען פון דער וויסענשאַפט, און אַז אונזערע באַגריפען וועגען די שייכות'ן צווישען די פאַרשידענע צווייגען דאַרפען זיך פיעל בייטען. עס איז אַלזא אסך בעסער צו באַשטימען די פעלדער פון אונ־

# וויליאם מעקדוגעל

זערע וויסענשאפטען בלויז אויף דערווייל, און האבענדיג אין אויג דעם אנטוויקלונג־צושטאנד, די שטודיר־מעטאדען און די פּראקטישע נויטען פון יעדער פון זיי. איידער אונטערצונעמען זיי ענדליך און פעסט צו דעפינירען, אנווייזענדיג אויף די קלאסען פון געגענשטאנדען מיט וועלכע יעדע פון זיי באשעפטיגט זיך. ווייטער, דארפען מיר דעפינירען דאס פעלד פון א וויסענשאפט אין טערמינען, וועלכע זענען ווי ווייט מעגליך פריי פון סברות אדער טעארעטישע אנצוהערענישען, און וועלכע באצייכענען בלויז גוט־באקאנטע געגענשטאנדען, אלגעמיין אנערקענטע אונטערשידען און זיכער באאבאכטע פאקטען.

אויב מיר וועלען אינ׳ם ליכט פון אט די באטראכטונגען אונטערזוכען די דעפיניציעם פון פסיכאלאגיע וואס זענען צום מעהרסטען אנגענומען, וועלען מיר געפינען אז זיי זיינען נים צופרידענשטעליג. דאסווארט „פסיכאלאגיע" קומט פון די גריכישע ווערטער פאר „נשמה" און „וויסענשאפט", און האט באצוועקט צו שטודירען די נשמה אדער די נשמות אלס א ספּעציעלע אפּטיילונג פון דער וויסענשאפט. אבער וואס איז נשמה? אפּצוצייכענען אויף אזא׳ן אופן דאס פעלד פון פּסיכאלאגיע הייסט אנצונעמען א טעאריע וועגען דעם צוזאמענשטעל פון דער מענשליכער נאטור, וואס קומט צו אונז פון דער ווייטער אוראלטער צייט, און פון וועלכער א סך האלטען נאך איצט אויך: דהיינו, די טעאריע אז יעדע מענשליכע פערזענליכקייט באשטעהט פון צוויי פארשידענע טיילען: נשמה און גוף. מען האט געהאלטען אז די נשמה קען עקזיסטירען אפּגעזונדערט פונ׳ם מאטעריעלען קערפּער, און אז בעת זיי זענען פאראייניגט באקומט דער גוף פון דער נשמה די אלע איינגענארטיגקייטען, וואס אונטערשיידען דעם לעבעדיגען גוף פון נים לעבעדיגע זאכען. אין די עלטסטע צייטען האט מען בכלל געדענקט אז די נשמה באשטעהט פון זעהר א דינעם און איידעלען סארט מאטעריאל, וואס איז לגבי לופט, פונקט ווי לופט איז לגבי הארטער מאטעריע. אט די איידעלע פליסיגקייט אדער גייסט, האט מען געדענקט, דרינגט דורך יעדען טייל פונ׳ם קערפּער: און כאטש די נשמה

# פּסיכאָלאָגיע

האָט אַזוי זיך אויסגעשפּרייט איבער'ן גאַנצען גוף. האָט מען דאָך גע־דענקט אַז זי איז אַן אייגענאַרטיג וועזען, וואָס קען לעבען אָפּגעזונ־דערט. נאָכ'ן טויט פון'ם גוף, עקזיסטירט נאָך אַלץ די נשמה, און זעהט אויס ווי דעם קערפּערס אַ טונקעלע פּאַרע־אַרטיגע קאָפּיע, אָדער אַ גייסט. און אַפילו בשעת'ן לעבען קען זיך די גייסט־נשמה צוריקציהען אויף אַ ווייל, ווי אין שלאָף אָדער חלשות, און ערשיי־נען אין אַנדערע ערטער.

פּלאַטאָן, דער גרעסטער פילאָזאָף פון אַלטען גריכענלאַנד, האָט צוריקגעוויזען דעם דאָזיגען באַגריף פון דער נשמה ווי אַ פּאַרע־אַר־טיגע קאָפּיע פון'ם קערפּער. ער האָט געהאַלטען, אַז די נשמה איז לחלוטין פון אַן אַנדערן כאַראַקטער ווי מאַטעריעלע זאַכען: אַז מען קען זי ניט באַנעמען מיט די חושים און אַז מען קען זי בלויז באַגריי־פען מיט'ן שכל. דאָך האָט ער געלערנט אַז דאָס אָזיגע וועזען עק־זיסטירט סיי איידער עס באַהעפט זיך מיט'ן קערפּער סיי נאָך דעם. און אַז די באַהעפטונג איז בלויז אַ קליינער אינצידענט אין דער לאַנגער קאַריערע פון דער נשמה. אַריסטאָטעל, דער גרעסטער פון פּלאַטאָנ'ס נאָכפאָלגער, האָט געשריבען אַ באַרימטע אָפּהאַנדלונג: „וועגען דער נשמה," וואָס ווערט באַטראַכט פאַר דאָס ערשטע וויכ־טיגע ווערק וואָס איז געווידמעט דער פּסיכאָלאָגיע. ער האָט פאַרוואָר־פען דעם טראַדיציאָנעלען באַגריף פון דער נשמה און זי באַטראַכט אַלס די סומע פון אַלע לעבענס־פונקציעס. זיין אויפמערקזאַמקייט האָט זיך געצויגען צו די אייגענאַרטיגקייטען, וואָס אונטערשיידען לעבעדיגע באַשעפענישען פון טויטע זאַכען. און צו זאָגען אַז אַ זאַך פאַרמאָגט אַ נשמה איז פאַר איהם געווען בלויז אַ באַקוועמער אופן אויסצודריקען, אַז זי ווייזט אַרויס אַלע אָדער אַ טייל פון יענע איי־גענאַרטיגקייטען. וואָס איז שייך דער פראַגע צו מען קען אָט די פונקציעס צושרייבען צו אַ באַשעפעניש אָדער וועזען, וואָס קען אין וואָסער ניט איז זיין עקזיסטירען נאָך דער אויפלייזונג פון'ם קערפּער. וועגען דעם האָט ער זיך מודה געווען אַז מען קען ניט קומען צו קיין באַשטימטען שלום.

אין דעם מיטעלאַלטער האָבען די פילאָזאָפען כסדר דעבאַטירט

# וויליאַם מעקדוגעל

וועגן דער נאַטור פון דער נשמה און איהרע פונקציעס. דער אַנגע־נומענסטער קוק אויף דער נשמה איז געווען אַזאַ, וואָס האָט פאַר־איינינגט אריסטאָטעלס לערע מיט פּלאַטאָנ׳ס באַגריף; אַז זי איז אַן אוממאַטעריעלע בריאה, וואָס קען אויסאיבען איהרע פונקציעס אָפּ־געזונדערט פונ׳ם קערפּער און נאָך זיין טויט. און דער נאַטירליכער רעזולטאַט פון דער הערשאַפט פון אַזאַ בליק איז געווען די טענדענץ צו קאַנצענטרירען די אויפמערקזאַמקייט אויף די העכערע אָדער רייז־אינטעלעקטועלע פונקציעס פון דער נשמה און ניט אַכטונג געבען אויף די קערפּערליכע פונקציעס, וואָס אַריסטאָטעל האָט געהאַלטען פאַר אַ וויכטיגען טייל פון די אויסדרוקען פונ׳ם נשמה־לעבען: וואָרים דאָס וואָלט דאָך געהייסען אַ פאַראייניגונג פון נשמה און גוף. אין זיבעצעהנטען יאָרהונדערט האָט ד י טענדענץ זיך דערהויבען צו דער העכסטער מדרגה אין דער לערע פון דעקאַרט׳ן, דעם גרינדער פון דער מאָדערנער פילאָזאָפיע. ער האָט דרייסט אָנגענומען אַז די קער־פּער פון מענשען און חיות אונטערשיידען זיך ניט אין קיין פּרט פון אַנדערע מאַטעריעלע זאַכען, נאָר אַז זיי זענען בלויז זעהר קאָמפּ־ליצירטע מאַשינען, וועמעס אַרבייטען מען קען דערקלערען דורך יענע מעכאַנישע פּרינציפּען, וואָס גיבען אונז צו פאַרשטעהן די אַרבייט פון אַנדערע מאַשינען. פון אַלע לעבעדיגע ברואים האָט ער בלויז דעם מענשען צוגעשריבען אַ נשמה, און אַז די דאָזיגע נשמה האָט צו טון בלויז מיט די העכערע גייסטיגע פונקציעס פון געדאַנק און ווילען.

דאָס וואָס ער האָט מיט באַשטימטקייט פאָרמולירט אַ שטרענג־מעכאַנישען בליק אויף דער נאַטור האָט דעקאַרט׳ן געפירט צו דער דאָ־זיגער פּאָזיציע; און דער שנעלער פּראָגרעס פון די פיזישע וויסענ־שאַפטען האָט פאַרשטאַרקט דעם מענשענס גלויבען אין דער פול־שטענדיגקייט פון יענעם מעכאַנישען בליק, דאָס האָט גלייך געבראַכט צו דער פראַגע: אויב חיות זענען בלויז קאָמפּליצירטע מאַשינען, פאַר־וואָס זאָל מען ניט באַטראַכטען דעם מענשען ווי עפּעס וואָס איז נאָך קאָמפּליצירטער, אָבער ניט מעהר? וואָס, האָט מען געפרעגט, איז די נשמה? און מען האָט געענטפערט: זי איז אין גאַנצען אַן איינגע־בילדעטער באַגריף, וואָס דער אָבערגלויבען האָט באַשאַפען און די גלחים

האבען אויפגעהאלטען כדי צו פארשטארקען זייער איינפלוס און אונ־טערשטיצען די אויטאריטעט פון דער קירך. אויף אזא'ן אופן האבען דעקארט'ס דרייסטע באטראכטונגען געפירט צום דאגמאטישען מא־טעריאליזם, וואס איז ווייט און ברייט אנגענומען געווארען אין זיבע־צעהנטען און אכצעהנטען יארהונדערט. די פילאזאפען, וועלכע מען האט אזוי ארום ארויסגערופען צוצושטעלען א וויסענשאפטליכע באַ־גרינדונג פאר זייער באגריף פון דער נשמה, האבען זיך געפונען אין א גרויסער פארלעגענהייט. א טייל פון זיי, ווי דזשאן לאק, האבען זיך אנגעכאפט אן דער רוח הקדש'דיגער רעליגיע אלס דעם איינציגען זיכערן באדען פאר זייער גלויבען אין דער נשמה. בישאף בוירקלי האט אטאקירט דעם מאטעריאליזם און האט שארף אפגעפרעגט אונזער גלויבען אין דער ווירקליכקייט פון מאטעריעלע זאכען. אבער איינער פון די איינפלוסרייכסטע שרייבער פון יענער צייט, דער גרויסער שאטישער סקעפטיקער, דוד היום, האט חריפות'דיג ארגומענטירט, אז די עקזיסטענץ פון א נשמה איז בלויז א טראדיציע וואס מען האט נאאיוו אנגענומען, און אז איהר עקזיסטענץ איז קיינמאל ניט באַ־וויזען געווארען און קען קיינמאל ניט באוויזען ווערען.

אלזא, די איינציגע ברירה אויף וועלכער די פילאזאפיע האט איינגעשטימט צום סוף פון אכצעהנטען יארהונדערט איז געווען: אדער מאטעריאליזם אדער קאנסעקווענטער סקעפטיציזם. אין יענעם מאמענט איז ערשינען עמאנועל קאנט, וועלכער האט אויסגעארבייט א נייעם וועג ווי זיך צו ראטעווען פון דער דאזיגער ברירה. ער האט גע'טענה'ט אז אויפנעמענדיג מאטעריעלע זאכען קענען מיר בלויז ווי־סען זייער אויסזעהן, און אז די טבע פון אונזערע באגריפען פון דער פיזישער וועלט ווערט על פי רוב באשטימט פון דער טבע פון אונזער פסיכיק. וואס מיר רופען אן די נאטור וועלט, אדער די פיזישע וועלט, איז אלזא דער אופן ווי אזוי א געוויסע ווירקליכקייט זעהט אויס פאר אונז, אבער וועגען איהר אמת'ער נאטור קענען מיר זיך קיין אידעע ניט פארשאפען, ווייל די טבע פון די אלע שיינבארקייטען אדער ער־שיינונגען ווערט מייסטענס באשטימט פונ'ם צוזאמענשטעל פון אונ־זער פסיכיק. אפילו די געזעצען פון דער פיזישער נאטור וואס עס

## וויליאַם מעקדוגעל

דאַכט זיך אונז אַז מיר אַנטדעקען, ווי למשל די געזעצען פון אור־זאַכליכקייט און פון מעכאַנישער אַרבייט, זענען געזעצען וועלכע דרי־קען מעהר אויס די טבע פון אונזער פסיכיק איידער פון דער אומבאַ־גרייפליכער ווירקליכקייט, וועלכע ערשיינט פאַר אונז ווי די מאַטע־ריעלע וועלט. ער האָט ווייטער גע׳טענה׳ט אַז עס איז אוממעגליך דירעקט צו באַאָבאַכטען אונזער פסיכיק און אַז מיר באַקענען זיך דירעקט בלויז מיט גייסטיגע ערשיינונגען אָדער שיינבאַרקייטען. דאָך האָט ער געהאַלטען אַז כאָטש מיר קענען ניט פעסטשטעלען די עק־זיסטענץ פון דער נשמה אָדער באַשרייבען איהר טבע דורך וויסענ־שאַפטליכע מעטאָדען, באַטראַכטענדיג אַבער אונזער מאָראַלע נאַטור, זענען מיר באַרעכטיגט צו גלויבען אין איהר עקזיסטענץ אַלס אַן אומ־שטערבליך און איבער־חושים׳דיג וועזען.

שפּעטערע דענקער האָבען על פּי רוב אַנגענומען קאַנט׳ס באַ־ווייזען וועגען דעם ערשיינונגסאַרטיגען כאַראַקטער פון דער פיזישער וועלט; אָבער נאָך זייער מיינונג איז קאַנט׳ס אַרגומענט פאַר דער עק־זיסטענץ פון דער נשמה לחלוטין ניט איבערצייגענדיג. שפּעטערע באַ־מיהונגען פעסטצושטעלען די עקזיסטענץ פון דער נשמה און דעפי־נירען איהר נאַטור זענען אין אַלגעמיין ניט אַנערקענט פאַר ערפאָלג־רייך. אַט דער שוואַכער איבערזיכט פון דער געשיכטע פונ׳ם מענשלי־כען געדאַנק בנוגע דער נשמה מאַכט קלאָר פאַרוואָס מען קען שויז מעהר ניט דעפינירען פסיכאָלאָגיע ווי די וויסענשאַפט פון דער נשמה; וואָרים מיר זעהען איין אַז דער באַגריף פון נשמה איז אַ השערה וואָס איז צו טונקעל און אומזיכער אַז מען זאָל זי מאַכען פאַר אַ תוך־באַגריף אין דער דעפיניציע פון אַ ברייט פעלד פון דער נאַטור־וויסענשאַפט. אין אַזאַ לאַגע בנוגע דער נשמה, האָבען אַ סך מאָדערנע שרייבער אויסגעקליבען צו באַשרייבען פסיכאָלאָגיע אַלס די וויסענשאַפט פונ׳ם גייסט אָדער דער פסיכיק. אָבער דאָס איז אויך ניט צופרידענשטעליג. ווייל לאָגיק, קודם כל, — ניט רעדענדיג שוין פון אַנדערע טיילען פון דער פילאָזאָפיע — טענה׳ט אויך, אַז זי איז די וויסענשאַפט פון דער פסיכיק, און איז אָפּגעזונדערט און מעהר אָדער ווייניגער אומאָפּהענגיג פון פסיכאָלאָגיע; אויף אַזאַ׳ן

# פסיכאָלאָגיע

אופן צייכענט די דעפיניציע ניט אַפּ דאָס פעלד פון פסיכאָלאָגיע.
צווייטענס, שטעלט מען אוועק די דעפיניציע אין דעם לשון פון א
זעהר שלעכט־דעפינירטען געגענשטאַנד. קען דען ווער אונז זאָגען
וואָס איז גייסט אָדער א גייסט? בעת מיר פרעגען די דאָזיגע פראַגע,
הייבען מיר גלייך אויף איינס פון די טיפסטע און צום מעהרסטען
דיספּוטירטע פילאָזאָפישע פּראָבלעמען.

אנערקענענדיג די דאָזיגע טענות לייגען פאַר געוויסע מאָדערנע
שרייבער אויסצובעסערן אָט די דעפיניציע זאָגענדיג, אַז פּסי־
כאָלאָגיע איז די וויסענשאַפט פון באוואוסטזיין; ווייל, זאָגען זיי,
יעדער פון אונז ווייס אוממיטעלבאַר, דירעקט און פּאָזיטיוו פונ'ם
באוואוסטזיין. עס זענען פאַראַן אָבער צוויי ערנסטע טענות אַנטקעג־
גען דעם דאָזיגען פאָרשלאַג. ערשטענס, ווייס יעדער פון אונז
אוממיטעלבאַר בלויז פון זיין אייגען באוואוסטזיין; דאָס באַ־
וואוסטזיין פון אנדערע דרינגט ער בלויז אַרויס פון זייערע האַנד־
לונגען, און ער שטעלט עס זיך פאָר לויט אַן אַנאַלאָגיע מיט זיין
אייגען באוואוסטזיין. אָבער פּסיכאָלאָגיע שטרעבט דאָך זיכער
צו דערגרייכען שלוסען וואָס זאָלען זיין אויסגעהאַלטען פאַר אַלע מענ־
שען בכלל. און ווען מיר ווענדען זיך צו די חיות ווערט די דאָזיגע
טענה נאָך א סך שטאַרקער. צווייטענס, ווען מיר שטודירען דאָס
באוואוסטזיין באַגרייפען מיר, אַז די פולקאָמסטע שילדערונג פונ'ם
באוואוסטזיין פון אַן איינצעלנעם מענשען, אָדער אפילו א שילדערונג
— אין אַלגעמיינע ווערטער — פונ'ם באוואוסטזיין פון אַלע מענ־
שען בכלל, וועט ניט פאָרשטעלען מיט זיך קיין וויסענשאַפט, זיכער
ניט די וויסענשאַפט וואָס פּסיכאָלאָגיע וויל ווערען. ווארים אַזאַ
שילדערונג וועט פאַר אונז ניט קלאָר מאַכען פאַרוואָס א באַשטימט
באוואוסטזיין נעמט אַן די באַשריבענע פאָרם, דאָס וועט אויך גאָר
ניט צוגעבען צו אונזער קראַפט צו קאָנטראָלירען דעם גאַנג פון דער
נאַטור.

א טייל פון די, וואָס דעפינירען פּסיכאָלאָגיע אַלס די וויסענ־
שאַפט פון באוואוסטזיין, זענען דערמיט צופרידען, ווייל זיי האַלטען
פון א געוויסער טעאָריע וועגען דער מענשליכער נאַטור. זיי שטימען

# וויליאַם מעקדוגעל

איין מיט דעקאַרט'ן אַז דער קערפּער איז בלויז אַ קאָמפּליצירטע מאַ־
שין און אַז זיינע פּראָצעסען ווערען באַשטימט אויף אַ מעכאַנישען
אופן: ד. ה., אַז יעדע איינצעלהייט אין די האַנדלונגען פון מענשען
אַדער חיות איז אין פּרינציפּ דערקלערבאַר אין טערמינען פון'ם קער־
פּערליכען מעכאַניזם, און געהט אַריין אין'ם פעלד פון פיזיאַלאָגיע,
וועלכע איז ווידער בלויז אַ ספּעציעלער צווייג פון דער פיזישער ווי־
סענשאַפט. און די מאָדערנע פאַרטרעטער פון ד ע ם בליק האַלטען
ניט מיט דעקאַרט'ן אַז דער געדאַנק איז אַן אויסדרוק פון דער נשמה
וואָס אינפאָרמירט די מאַשין: זיי זאָגען גאָר אַז דאָס באַוואוסטזיין
איז בלויז אַ מין פאָספאָרישער שיין, וואָס ווערט באַשאַפען אין דער
אַרבייט פון געוויסע טיילען פון דער מאַשין: אַדער זיי זאָגען אַז פון
געוויסע פּראָצעסען פון דער מאַשין ווערען מיר באַוואוסט אויף אַ די־
רעקטערן און אינטימערן אופן איידער מיר קענען דערפיהלען אויף
אַן אַרומיגען וועג מיט אונזערע חושים.

אויב דער דאָזיגער בליק וואָלט פעסטגעשטעלט געוואָרען, וואָלט
מען ריכטיג געקענט דעפינירען די אויפגאַבען פון פסיכאָלאָגיע ווי אַ
באַשרייבונג פון באַוואוסטזיין, כאָטש דאָס וואָלט געווען אַן אומוויכטי־
גע אַרבייט און וואָלט ניט פאַרדינט אָנגערופען צו ווערען וויסענשאַפט.
אָבער אַט דער בליק אויף דער טבע פון לעבעדיגע ברואים איז אַ
פּלפּול פון אַ צווייפעלהאַפטען ווערט; און מיר האָבען איינגעשטימט
צו פּרואווען דעפינירען אונזער וויסענשאַפט אין טערמינען, וואָס
אַנטהאַלטען ניט קיין שום טעאָריעס, נאָר בלויז באַקאַנטע פאַקטען,
אין וועלכע מען קען ניט צווייפלען.

אויב אַלזאָ מיר פרעגען: וואָס זענען די פאַקטען וועלכע ווערען
ווירקליך באַאָבאַכט און שטודירט פון'ם פסיכאָלאָג און וועלכע געהען
ניט אין גאַנצען אַריין אין'ם פעלד פון אַנדער וויסענשאַפט?
דאַרף דער ענטפער זיין צווייפאַך: דהיינו, (א) זיין אייגענע באַ־
וואוסטזיין, און (ב) די האַנדלונג פון מענשען און חיות אין אַלגע־
מיין. זיין צוועק איז צו פאַרגרעסערן אונזער פאַרשטענדעניש פאַר
די האַנדלונגען פון מענשען און חיות און פאַרשטאַרקען אונזער קראַפט
זיי צו פירען און קאָנטראָלירען; און ער באַנוצט זיך מיט די ידיעות

## פסיכאָלאָגיע

וואס ער קען באקומען פונ'ם באוואוסטזיין ווי א הילף צו דער־גרייכען אזא פארשטענדניש פאר האנדלונגען.

מיר קענען אלזא דעפינירען פסיכאָלאָגיע ווי די פּאָזיטיווע וויסענ־שאפט פון די האנדלונגען פון לעבעדיגע באשעפענישען. אָנצונעמען אַט די דעפיניציע הייסט אומקערען זיך צום אריסטאָטעלישען שטאַנד־פונקט און ארויסצוגעהן פון אלגעמיין אנערקענטע פאקטען, ניט זייענ־דיג באאיינפלוסט פון טעאָריעס. אין אַלגעמיין אנערקענען מיר אַלע אַז די זאכען, וואָס שטעלען צונויף אונזער וועלט פון באַ־מערקבארע געגענשטאנדען, פאַלען פאנאנדער אין צוויי גרויסע קלאַסען, דהיינו, ניט לעבעדיגע זאכען וועמעס באוועגונגען עס ווערען שטרענג באשטימט אין הסכם מיט מעכאנישע געזעצען, און לעבעדיגע זאכען וואס האנדלען אדער ווייזען ארויס האנדלונגען; און ווען מיר זאָגען אַז זיי ווייזען ארויס האנדלונגען, מיינען מיר אַז זיי האָבען, ווייזט אויס, אַז אינערליכען כח פון זעלבסט־באַשטימונג און פאָלגען נאָך אקטיוו אדער אַהן טרחא זייער אייגען וואוילזיין און זייערע צילען און צוועקען.

דאָס ארויסווייזען א צוועק אדער דאָס שטרעבען צו דערגרייכען א ציל איז אלזאָ דער צייכען פון האנדלונג; און האנדלונג איז די כאַראַקטעריסטיק פון לעבעדיגע זאכען. אַט דאָס קריטעריום פון לעבען איז אַזעלכעס מיט וואָס מיר אַלע באַנוצען זיך; אָבער דאָס רוב פון אונז האָבען ניט נאָכגעטראַכט וועגען דעם. און עס לוינט זיך אָפּצושטעלען דערויף א ווײַלע. נעמט ארויס א ביליאַרד קויל פון קעשענע און לייגט זי אוועק אויפ'ן טיש. זי בלייבט רוהיג, און וועט אַזוי בלייבען אַן אומבאַשטימטע צייט, אויב מען וועט ניט אָנווענדען אויף איהר קיין קראַפט, ניט טון מיט איהר קיין אַרבייט. גיט זי א שטופּ אין ערגיץ אַ ריכטונג, און איהר באוועגונג אין דער דאָזיגער ריכטונג וועט אָנהאַלטען ביז עס שעפּט זיך אויס די קראַפט, וואָס האָט איהר געבראַכט אין באוועגונג, אדער ביז דער ווידערשטאַנד פון דער טיש־זייט וועט זי אָפּשטויסען אין אַן אַנדער ריכטונג און זי וועט געהן אין אַ נייער, מעכאַניש באַשטימטער ריכטונג. דאָס איז דער כאַראַק־טער פון מעכאַנישער באַוועגונג. איצט פאַרגלייכט דאָס מיט א בייז־

## וויליאַם מעקדוגעל

שפּיל פון האַנדלונג, נעמט אַרויס אַ שרעקעדיגע חיה, ווי למשל אַ קראַליק, פון איהר לאַך אָדער נעסט און שטעלט זי אוועק אויף אַ גראָז־פּלאַץ. אַנשטאַט צו בלייבען רוהיג וועט זי צוריקלויפען צו איהר נעסט; שטופּט זי אין אַן אַנדער ריכטונג, און אַזוי שנעל ווי איהר נעמט אוועק די האַנט, לויפט זי גלייך צוריק צו איהר נעסט: שטעלט אוועק אַ מניעה אין איהר וועג, און זי וועט זוכען זיך דורצוכיטרעווען אָדער בייקומען די שטערונג, מיט אומרוהיגער האַרטנעקיגקייט, ביז זי וועט דערגרייכען איהר ציל אָדער ביז איהר ענערגיע וועט זיך אויס־שעפּען.

דאָס איז אַ ביישפּיל פון האַנדלונג פונ׳ם מיטעלען גראַד אין דער רייה פון קאָמפּליצירטקייט: אַ טראַכט וועגען דעם ביישפּיל ברענגט אַרויס זעהר קלאָר דעם גרויסען חילוק צווישען דער האַנדלונג און דעם מעכאַנישען פּראָצעס. אַלס אַ ביישפּיל פון אַ העכערן גראַד אין דער רייה פון קאָמפּליצירטקייט, באַטראַכט אַ הונט, וואָס מען האָט אוועקגענומען פון דער היים און פאַרשלאָסען ערגיץ אין אַ ווייטען פּלאַץ. דאַרטען וועט ער זיין אומרוהיג, ס׳מאַכט ניט אויס ווי גוט איהר באַהאַנדעלט איהם, שטענדיג פּרובירענדיג צו אַנטלויפען, און אפשר זיך אפּזאָגענדיג פון עסען און נעמען אויסגעהן. ווען איהר באַפרייט איהם פאַרנעמט ער זיך אַהיים, און לויפט אַסך מייל אונטערוועגס אַהן אַן אָפּשטעל ביז ער קומט אָן, געהענדיג מסתמא אין אַ דירעקטער ריכטונג אויב די געגענד איז איהם באַקאַנט, אָדער ער קומט אפשר אַהיים נאָך פיעל אַרומשלעפּען זיך אַהין און אַהער.

אַלס אַ ביישפּיל פון העכסטען שפּיץ אין דער רייה פון האַנדלונ־גען, נעמט אַ מענשען וואָס ליבט זיין געבורט־לאַנד, אָבער וועלכער האָט געמוזט אַננעמען אַ שטעלע אין אַ ווייטער מדינה כדי צו פאַרדינען אויף חיונה. אין דער פרעמד טוט ער געטריי די אַרבייט וואָס ער האָט אונטערגענומען: אָבער שטענדיג איז זיין הויפּט־ציל אַנצוזאַמלען געגוג געלט כדי ער זאָל קענען אַהיים פאָרען און מאַכען זיין היים אין זיין געבורט לאַנד: דאָס איז דער ערשטער מאָטיוו פון אַלע זיינע האַנדלונגען, צו וועלכען אַלע אַנדערע מאָטיוון ווערען אונטערטע־ניגט. מיר פאַרשטעהען צום בעסטען די דאָזיגע האַנדלונג ווען דער

# פסיכאָלאָגיע

גלות־אַפּריכטער דערציילט אונז אַז ער שטעלט זיך תמיד פאַר זיין געליבטע געבורט־שטאָט און דאָס פאַרגעניגען וואָס ער האָפט דאָרט צו געניסען. ווארים מיר ווייסען דאָך וואויל אַז דאָס דאַרף ער איצט פאַראויסזעהן און עס פאַרלאַנגען מיט'ן גאַנצען הארצען. אַפילו ווען ער זאָל זיין אַ פאַרכאַמטער פויער, אומפּעהיג קלאָר פאַראויסצוזעהן די תענוגים פון זיין אומקער, וועלכער איז בלויז באַווירקט פון אַ היים־בענקשאַפט וואָס ער קען ניט אויסדריקען אָדער באַרעכטיגען מיט ווערטער, פיהלען מיר דאָך אַז מיר קענען ביז אַ געוויסען גראַד פאַר־שטעהן זיין צושטאַנד און זיין האַנדלונג. מיר פיהלען דאָס אייגענע אויך בנוגע דעם הונט אין'ם פריהערדיגען ביישפּיל, און אין אַ קלענערן גראַד בנוגע דער חיה פון אונזער ערשטען ביישפּיל, ווארים מיר האָבען אויך איבערגעלעבט אַ טונקעלע און אומבאַשטימטע אומרוהיגקייט, אַז אימפּולס צו שטרעבען אָהן אויפהער צו אַ ציל, וועלכען מיר האָבען ניט געקענט קלאָר אויסדריקען אָדער שכל'דיג באַרעכטיגען: מיר האָבען אויך געפיהלט אַז יעדע שטערונג אין אַקטיוויטעט פאַרשטאַרקט בלויז אונזער אימפּולס, אַז אַז ערפאָלגרייכער גאַנג צום ציל ברענגט אונז אַ טונקעלע אָבער אַ טיפע צופרידענהייט און אַז בלויז דאָס דערגרייכען דעם ציל פאַרלייכטערט די אינערליכע אומרוהיגקייט.

אַט דאָס זענען אַלזאָ אומבאַשטרייטבאַרע ביישפּילען פון האַנד־לונג. מען קען זיי בלויז פאַרשטעהן אָדער דערקלערען לויט אַ פאַר־גלייך מיט אונזערע אייגענע געפיהלען פון אָנשטרענגונג אָדער שטרע־בונג. יעדער פאַרזוך פאַר זיך צו דערקלערען אַזעלכע פאַקטען מעכאַניש האָט ניט ביים איצטיגען מאָמענט, דעם מינדסטען שיין פון ריכטיגקייט און קען אונז מיט גאָר נישט ניט העלפען זיי צו פאַרשטעהן אָדער קאָנטראָלירען. דאָס אייגענע איז אמת, כאָטש ניט אַזוי אויבענ־אויפיג אמת, בנוגע די פּשוט'ע פאָרמען פון האַנדלונג. לאָמיר באַטראַכ־טען עטליכע פון זיי געהענדיג פון אויבען אַראָפּ אין דער רייה פון קאָמפּליצירטקייט.

דער וואַנדער־פויגעל אַנקומענדיג אין פרילינג קלייבט זיך אַריין אין אַ וועלדעל, גיט זיך אונטער די לאַסקעס פון'ם „ער". בויט אַ

# וויליאַם מעקדוגעל

נעסט, לייגט אייער און זיצט אויף זיי שטיל, באַוועגלאָז פיעל טעג ביז די יונגע פּיקען זיך ארויס. דערנאָך האַדעוועט זי זיי מיט אומ־אויפהערליכער טעטיגקייט: שפּייזענדיג זיי שעה נאָך שעה, מינוט נאָך מינוט ביז זיי ווערען אומאָפּהענגיג. געענדיגט דער סעזאָן, איהר גרויסע ארבייט אָפּגעטון, קערט זי זיך ווידער אום צו דרום צו מיט ניט מיד־ווערענדיגע פליגעל. פליהט צוריק איבער גרויסע שטרעקעס יבשה און ים צו איהר ווינטער היים. דאָרט פאַרבלייבט זי ביז׳ן קומענדיגען פריהלינג און זי קומט צוריק. ווידער פליהט זי טויזענדער מייל צו דערגרייכען דאָס אייגענע וועלדעל פון די אלע טויזענטער אויף איהר וועג, און חזר׳ט דאָרטען איבער דעם קרייז פון איהר טעטיגקייט. דאָס איז ווידער אומצוויי פעלהאַפט א קרייז פון האנדלונג. אויף יעדער שטופע קענען די איינצעלהייטען פון דער ארבייט פון׳ם פויגעל זיך ענדערן אהן א שיעור: אבער זיי ווערען תמיד באַהערשט פון׳ם איי־גענעם קרייז פון צוועקען אין וועלכען עס ווייזט זיך כסדר ארויס דער גרויסער צוועק פון איהר לעבען: די פאַראייביגונג פון׳ם לעבען פון איהר מין. אויב איהר טעטיגקייט ווערט געשטערט אויף ערגעץ א לע־בענס־שטופע, פאַרטאָפּעלט זי איהר אנשטרענגונג. צעשטערט איהר נעסט, און זי וועט בויען אַן אַנדערע; נעמט אוועק איינס אָדער מעהר פון איהרע אייער, און זי וועט לייגען אנדערע צו פאַרנעמען דעם פּלאַץ: אטאַקירט איהרע יונגינקע און זי וועט זיך אנטקעגען שטעלען מיט אלע איהרע שוואַכע כחות; פאַרשליסט זי אין דער צייט ווען זי דאַרף פליהען קיין אפריקע, און זי רייסט דעם שטאַכעט וואָס האַלט זי געפאַנגען מיט אומאויפהערליכע און פאַרשידענע באַוועגונגען ביז זי אנטלויפט אדער ווערט פאַרמאַטערט; נעמט אוועק איהר חבר, דעם נויטווענדיגען שותף אין איהר ארבייט, און זי וועט בענקען, אפשר אויסגעהן. אויף ווי ווייט דער פויגעל זעהט פאַראויס די צילען פון זיינע פילפאַכיגע טעטיגקייטען קענען מיר ניט וויסען, כאָטש מיר האָבען גוטע אורזאַכען צו גלויבען אז ביי יעדען שריט זעהט ער פאַר־אויס ניט מעהר ווי דעם באַלדיגען רעזולטאַט אדער ציל פון אַט דעם שריט. עס קען אָבער קיין ספק ניט זיין אז אזעלכע רייהען פון טעטיג־קייטען זענען לויט זייער טבע אסך נעהנטער צו אונזער צוועקמעסיגער

טעטיגקייט איידער צו די סעקוועגצען פון דער אומאָרגאַנישער נאַ־טור, און דערפאר ווערען זיי ריכטיג באַטראַכט פאַר האַנדלונג.

געהענדיג אַראָפּ מיט א טרעפּ נידעריגער אויף דעם לעבענס־לייטער, באַטראַכט דעם לאַקס: אין דער ריכטיגער צייט, האָבענדיג דערגרייכט א געוויסע אנטוויקלונג־שטופּע אינ׳ם אָפענעם ים, געהט ער אריין אין דער עפענונג פון א טייך און שווימט וואסער ארויף און לייגט זיינע אייער אויפ׳ן גרונט פון ערגיץ א ווייטען געבען־פלוס. צו געהן וואסער ארויף אין א גרויסען און האסטיגען טייך וואָס פאַרמאָגט אסך וואסער־שטרעמונגען און וואסער־פאַלען פאָדערט אומאויפהער־ליכע און פאַרשידענע אנשטרענגונגען אין משך פון אַסך וואָכען, און אין דער צייט עסט דער פיש גאַר ניט, נאָר פאַרצערט די אויפגע־האַלטענע ענערגיע פונ׳ם מאַטעריאַל פון זיינע מוסקולן. דאָס איז אויך בלי ספק א ביישפּיל פון האַנדלונג, וועלכען מען קען אויף וויפיעל ניט איז פאַרשטעהן אינ׳ם ליכט פון א פאַרגלייך מיט אונזערע אייגענע האַנדלונגען, און וואָס האָט קיין גלייכען ניט אין די ערשיינונגען פון דער אומאָרגאַנישער נאַטור.

אין דער גרויסער וועלט פון רוקענביינלאָזע חיות באַגעגענען מיר אומעטום דעם זעלביגען וויכטיגען פאַקט פון דער הערשאַפט פון האַנד־לונג אדער פון צוועקמעסיגער אָנשטרענגונג אויפצוהאַלטען דאָס לע־בען פונ׳ם מין. די איינזאַמע וועספּ שפּירט נאָך פלייסיג איהר רויב דעם גאַנצען טאָג, און פאַקענדיג עפּעס, אמאָל אַ פעט ווערימעל וואָס איז א סך שווערער ווי זי אליין, שלעפּט זי עס מיט האַרעוואַניע אַרי־בער, אונטער אָדער דורך א טויזענט שטערונגען, צו איהר נעסט וואָס זי האָט פון פריהער צוגעגרייט; דאָרטען לייגט זי עס אוועק צוזאַמען מיט איהרע אייער כדי דאָס ווערימעל זאָל דינען אַלס שפּייז פאַר איהרע קינדער, וועלכע זי וועט קיינמאָל ניט זעהן. דער ערד־וואָרים אַרויסקו־מענדיג פון זיין נאָרע און געפינענדיג אַ בלאַט אויף דער ערד, פאַרשטט ער אוים זיינע גרענעצען, כאַפּט עס אַן פאַר׳ן שפּיץ און שלעפּט עס אַראָפּ. און די באַוועגונגען פון אנדערע ווערים, אפילו פון נאָך א פשוט׳ערן מין באַווייזען די כאַראַקטעריסטישע סימנים פון האַנדלונג: דהיינו, ווען די ערשטע באַוועגונגען צו דערגרייכען דעם ציל פאַלען

# וויליאַם מעקדוגעל

דורך, רייסען זיי זיך צו איהם אַהן אַן אויפהער מיט פאַרשידענע מיט־
לען אונטער ניט־געבּיטענע באַדינגונגען. דער שטערן־פיש, ווען איהר
דרעהט איהם איבּער אַזוי אַז ער ליגט אויף זיין רוקען, מאַכט אומאויפ־
הערליכע און פאַרשידענע אנשטרענגונגען מיט זיינע אָרעמס אַנצו־
כאַפּען זיך אַן דעם דיל, און ווען איהם געלינגט עס, דרעהט ער זיך
איבּער קאָמבּינירענדיג די טעטיגקייט פון אַלע זיינע טיילען. און אַפילו
צווישען די נידעריגסטע חיות, די איינצעליגע און מיקראָסקאָפּישע
פּראָטאָזאָען איז האַנדלונג אויך דער כּלל. די אַמעבּע, קוים אַ שפּרינ־
קעלע פון זשעלע, ווען זי ווערט אָפּגעריסען פון׳ם אונטער־וואַסער גע־
גענשטאַנד אויף וועלכען זי קריכט, וואַרפט זי אַרוים לאַנגע שפּיר־
פעדים אין אַלע ריכטונגען, ביז איינער פון זיי באַרירט אַ האַרטע זאַך:
די גאַנצע בּריאה טשעפּעט זיך צו דערצו, כּדי ווידער אַנצוגעהן מיט
איהר נאָרמאַלער באַוועגונגס־אַרט. אָדער, קומענדיג אין באַרירונג מיט
אַ קלענערן עקזעמפּלאַר פון איהר אייגענעם מין, לויפט זי איהם כּסדר
נאָך, פּראָבּירט אַבּער און ווידער אַמאָל איהם אַרומצורינגלען כּדי איהם
צו פאַרשלינגען. דאָס גליטשיגע מיקראָסקאָפּישע חיה׳לע לאָזט זיך
אַהין, אַהער, זוכענדיג רויב, און מען קען זעהן ווי עס יאָגט נאָך אַנ־
דערע און קלענערע באַשעפענישען.

לאָמיר איצט באַטראַכטען אַ סאָרט פאַקטען פון אַביסעל אַן אַנ־
דערן כאַראַקטער: ערשיינונגען, וואָס מיר קענען ניט מיט אַזאַ צוטרוי
פאַררעכענען פאַר האַנדלונג. די ערשטע עובדא פון יעדען מין חיות
איז צו פּראָדוצירען אייער, און אַריינפירען זיי אין דער וועלט אונטער
אַזעלכע באַדינגונגען, און געבּען זיי אַזאַ שוץ ווי זיי דאַרפען פאַר
זייער אַנטוויקלונג צו ווערען פולקאָמע פאַרשטעהער פון׳ם מין. אַט די
קונץ — פאַר וועמעס ערפאָלג עס ווערען אָפּגעגעבּען כּמעט אַלע האַנד־
לונגען פון חיות, סיי די דירעקטע סיי די אינדירעקטע — איז בּלויז
דער ערשטער טייל פון׳ם קרייז פון רעפּראָדוקציע פון וועלכען עס
הענגט אָפּ די פאַראייבּיגונג פון׳ם מין. די פאַרפולקאָמונג פון׳ם קרייז
ליגט אינ׳ם איי. די סעריע ענדערונגען דורך וועלכע אַט די פאַרפול־
קאָמונג ווערט דערגרייכט איז, כּמעט אין אַלע פאַלען, וואונדערבּאַר
קאָמפּליצירט און וואונדערבּאַר דעליקאַט, און פאַרגלייך מיט אַזאַ

# פּסיכאָלאָגיע

סעריע ענדערונגען זענען די וואונדערליכע פּראָצעסען פון אונזערע מאַשינען, ווי למשל אזא וואָס וועבט אונזערע קליידער אדער דרוקט אונזערע צייטונגען, פאַרהעלטניסמעסיג פּראָסט און לעכערליך איינ־פאַך. אָבער כאָטש זיי שטייגען געוואַלטיג אריבער אין דעליקאַטקייט און קאָמפּליצירטקייט די פּראָצעסען פון אונזערע מאַשינען, אונטער־שיידען זיך די דאָזיגע אנטוויקלונג־פּראָצעסען אויף א פיעל פונדאמענ־טאַלערן אופן פון אלע ריין מעכאַנישע פּראָצעסען: דהיינו, פּונקט ווי די טעטיגקייט פון דער חיה זוכענדיג איהר רויב אדער אומקערענדיג זיך צו איהר נעסט, אזוי רייסען זיך האַרטנעקיג די אנטוויקלונג־פּראָ־צעסען צום נאַטירליכען אדער ריכטיגען ציל פונ'ם מין, בייקומענדיג שטערונגען און צופּאַסענדיג זיך אויף א סך פארשידענע אופנים צו די אייגענאַרטיגקייטען און ענדערונגען אין זייער סביבה, און זיי גלייכען זיך אפילו אוים אדער קערען זיך אום צו זייער נאָרמאַלען גאַנג בעת מען האָט זיי אוועקגעשטויסען פון זייער וועג אדער באַאומרו־היגט.

די דאָזיגע ערשיינונגען האָט מען דעטאַל שטודירט אין די לעצטע יאָהרען: און כאָטש אונזער וויסען איז אָט דעם פעלד איז אין זיינע ערשטע מדרגות, ווייסען מיר אָבער אז דער עמבריאָ, אדער די זיך אנטוויקלענדיגע זריעה פון א סך מינים, מעגט איהר זי אפילו שרעקליך צעקאַלעטשען, צעשניידען אויף העלפט, אדער אין גאַנצען פאַרקריפּלען, קען צוריק באַקומען די נאָרמאַלע פּראָפּאָרציע פון איהרע טיילען און דעם נאָרמאַלען גאַנג פון איהר אַנטוויקלונג, און אזוי ארום קען זי דערגרייכען איהר פולען טעטיגקייטס־קרייז, פון וועלכען די עלטערן האָבען דערגרייכט בלויז א טייל. בנוגע די דאָזיגע זעהר וויכ־טיגע ענינים איז דער פּראָצעס פונ'ם אויפבוי פונ'ם קערפּער זעהר ענליך צו די טיפּישע פּראָצעסען פון האַנדלונג, למשל צום פויגעלם בויען זיין נעסט אָדער צו דעם ווי בינען בויען דעם בינשטאָק. מיר זעהען דאָ די אייגענע שטענדיגע טענדענץ צו אָ ספּעציעלען ציל, וואָס טריאומ־פירט איבער שטערונגען, שאַפט צופּאַסונגען צו אומגעוויינליכע באַדינ־גונגען און שטעלט איין דעם נאָרמאַלען לעבענס־גאַנג נאָך גראָבע מעכאַ־נישע שטערונגען און פאַרקריפּלונגען.ביידע סאָרטען פּראָצעסען קע־

# וויליאַם מעקדוגעל

נעז פאַרריכטעז דעם היזק פוז די ערגסטע שטערונגעז דורך אנטשלאַ־
סענקייט אדער דורך צעשטערעז די שוין דערגרייכטע שטופעז און
ווידער אנהייבענדיג פון אָנהייב: די פייגעל בויען צוריק זייער נעסט,
אדער די בינעז זייער בינשטאָק פונ׳ם סאַמע פונדאַמענט: דער צעקאַ־
לעטשעטער עמבריאָ פאַלט פאַנאַנדער אין אַ פאַרמלאָזער מאַסע, און
עס פאַנגט זיך אָן אויף ס׳ניי דער פּראָצעס פון שטופענווייזער אָרגאַ־
ניזאַציע פון ספּעציפישע טיילעז און אזוי אַרום שטעלט ער ווידער
אויף דעם נאָרמאַלעז קרייז און דערגרייכט דעם נאָרמאַלעז ציל.

די דאָזיגע פּראָצעסעז פונ׳ם קערפּערליכעז וואוקס פון חיות זענעז
אַלזאָ גאַנץ ענליך צו אמת׳ער צוועקמעסיגער טעטיגקייט, אָדער האַנד־
לונג, און זיי פאַרמאָגעז שטריכעז צו וועלכע מען קען קיין גלייכעז
ניט געפינעז אין דער אומאָרגאַנישער נאַטור, וואו עס ווירקעז רייז
מעכאַנישע אורזאַכעז. עס איז אמת אַז אַזעלכע פּראָצעסעז פון וואוקס
נעמען אריין אַסך איינצעלהייטעז, וועלכע מען קען באַשרייבען אין טער־
מינעז פון פיזיק און כעמיע. דאָס אייגענע איז אָבער אויך אמת וועגעז
האַנדלונג, די צום קלאָרסטעז באַגריפענדע און צום שטאַרקסטעז גע־
ווינשטע צילעז פון אַ מענשעז ווערעז דערגרייכט נאָר מיט דער הילף
פון זעהר אַ דעטאַלירטעז פּראָצעס פונ׳ם מעכאַנישעז טיפּ. דאָס כאַ־
ראַקטעריסטישע אין ביידע סאָרטעז פּראָצעסעז איז דאָס, וואָס די
מעכאַנישע פאַקטאָרעז ווערעז, ווי עס ווייזט אויס, ווירקזאַם, באַ־
הערשט פון אַ צוועקמעסיגען אַנפיר צו אַ ספּעציעלעז ציל.

אויב מיר מאַכעז דעם באַגריף פון צוועקמעסיגער טעטיגקייט
אָדער האַנדלונג גענוג ברייט אַריינצונעמעז אַט די ערשיינונגעז פון
קערפּערליכעז צוזאַמענשטעל אין דער וועלט פון חיות, מוז ער אויך
אַריינגעמעז די ענליכע פּראָצעסעז אין וואוקס פון פלאַנצעז, און ס׳זע־
נעז דאָ גענוג אורזאַכעז דערפאַר. ביאָלאָגעז שטימעז איין און באַ־
טראַכטעז אַלע פלאַנצעז און חיות אַלס אַפּשטאַמער פונ׳ם זעלביגעז
קלאַס פּרימיטיווע אָרגאַניזמעז, וועלכע זענעז ניט געווען קיין חיות
און ניט קיין פלאַנצעז, אָדער אפשר זענעז זיי גיכער געווען ביידע. דאָס
רוב פלאַנצעז האָבעז ווייניג אָדער גאָר קיין פעהיגקייט ניט פאַר אָרט־
ענדערונג, אָדער פאַר אַקטיווער באַוועגונג פון זייערע טיילעז. דאָך

# פסיכאָלאָגיע

וואו פלאַנצען אָרגאַניזמען האָבען יאָ אַזאַ פעהיגקייט, ווייזען זייערע באַוועגונגען ארוים די כאַראַקטעריסטישע סימנים פון האַנדלונג; ווי עס איז דער פאַל מיט׳ן בלומען־שטויב רערעל ביי אַ סך מינים און די אָרט־ענדערונג פון געוויסע פריי שווימיגע פלאַנצען. און איז אָט די פּראָצעסען איבערשטייגען זיי אפילו די חיות מיט זייער וואונדער־ליכער פעהיגקייט צו דערקענען זייער וועג. פאַרהאַן פלאַנצען וואָס, אויב איהר נעמט כמעט אַוועק אַ מיקראָסקאָפּיש שטיקעל פון וועל־כער טייל איהר ווילט וועט פון איהם אויסוואַקסען איבער אַ נייעס די גאַנצע פלאַנץ מיט אַלע אייגענטימליכקייטען. און דאָס רוב פלאַנ־צען פאַרמאָגען אָט די ווידערגעבורט־פעהיגקייט ביז זעהר אַ הויכער מדרגה. שניידט אָפּ די מיטעלסטע הויפּט־שפּראָצונג פון אַ לערכען ביימעלע, וועט די העכסטע צווייג פאַמעלעך זיך בייגען ארויף־צו־צו פון איהר האָריזאָנטאַלער פּאָזיציע, ביז זי וועט ווייטער ציהען די לי־ניע פונ׳ם שטאָם, און דורך דעם וואָס דער דיאַמעטער פון איהר אונטערשטער טייל ווערט גרעסער, שטעלט זי ווידער איין די גלאַט־שפּיציגליכע פאָרם פונ׳ם שטאַם. שניידט אָפּ אַ שטיקעל פון אַ ווער־בע־צווייג און האַלט עס איין אַ פייכטער לופט, עס מאַכט ניט אויס וואָסער טייל פון דער צווייג עס איז, אָדער אין וועלכער פּאָזיציע איהר האַלט עס, בלעטער־קנאָספען וועלען וואַקסען ארויפצוצו פונ׳ם פריהערדיגען אויבערשטען שפּיץ און וואָרצעלעך וועלען וואַקסען אראָפּצוצו פונ׳ם פריהערדיגען אונטערשטען ענד אָדער ניט ווייט דערפון. דאָ, און אין פיעל, פיעל אַנדערע פאַלען קען דער באָטאַניקער באַשרייבען אין טערמינען פון פיזיק און כעמיע אַסך דעטאַלען פונ׳ם פּראָצעס דורך וועלכען די ספּעציעלע פאָרם און אָרגאַניזאַציע ווערען צוריק איינגעשטעלט, אָבער עס שטייגט ווייט אריבער זיינע גרעסטע אָנשטרענגונגען צו דערקלערען מעכאַניש דעם פּראָצעס אַלס גאַנ־צען; און מיר מוזען אָנערקענען אַז ער איז אַנאַלאָגיש צו דער צוועק־מעסיגער האַנדלונג פון מענשען און העכערע חיות, וועלכע געהערען צום האַנדלונג־טיפּ.

לאָמיר איצט פאַרגלייכען אונזער באַגריף פון פסיכאָלאָגיע אַלס די וויסענשאַפט פון האַנדלונג מיט די געוויינליכערע דעפיניציע אַלס

# וויליאַם מעקדוגעל

די וויסענשאַפט פון פסיכישען לעבען. עס איז שוין פריהער אָנגע־
וויזען געוואָרען אַז פסיכיק איז אליין א וואָרט וועמעס טייטש איז
זעהר טונקעל, וואָס מען קען ניט קלאָר דעפינירען סיידען אין טער־
מינען פון אַ צווייפעל־יגער און ספעקולאַטיווער השערה. קיינער קען
ניט טייטלען אויף אַ פסיכיק און זאָגען: אָט דאָס וויל איך זאָל באַ־
צייכענען דאָס וואָרט פסיכיק. און אויב מען לייגט פאָר אַז מען זאָל
דעפינירען פסיכיק אין טערמינען פון באוואוסטזיין, מאַכען מיר זיך
ניט בעסער, נאָר גיכער ערגער. פאַר יעדען איינעם פון אונז איז דאָס
באוואוסטזיין פון יעדען אַנדערן אָרגאַניזם, א חוץ זיין אייגענעם, אַן
אַרויסדרינג; און דער אַרויסדרינג איז נאָך מעהר ספעקולאַטיוו און
אומזיכער, וואָס גרעסער עס איז די ניט־ענליכקייט צווישען דעם אַנ־
דערן אָרגאַניזם און זיין אייגענעם. ווייטער, פאַרהאַן גענוג באַווייזען אַז
יעדען מענשענס האַנדלונגען דריקען אויס אַ טעטיגקייט וואָס איז
אין תוך ענליך צו אונזער באוואוסטזיניגער טעטיגקייט און דאָך בלייַ־
בען מיר אומבאוואוסט וועגען איהר. אויב אַלזאָ מיר קענען ניט דע־
פינירען פסיכיק אין טערמינען פון באוואוסטזיין, בלייבט די איינציגע
ברירה צו דעפינירען זי אין טערמינען פון האַנדלונג. און מיר קענען
גאָרניט געווינען דערפון וואָס מיר ווען אין אָנהייב פון אונזער אַר־
בייט אַריינפירען דאָס טונקעל־באַגריפענע ווען, פסיכיק, און אוועק־
שטעלען עס צווישען די פאַקטען וואָס מיר דאַרפען שטודירען אין
אונזערע געדאַנקען וועגען דעם. פון דער אַנדערער זייט, דער באַגריף
פון האַנדלונג קען דעפינירט ווערען אַזוי, אַז ער זאָל ניט אַריינפלאָנ־
טערן קיין סברות אָדער השערות, דהיינו, אויפ׳ן אופן ווי מיר האָבען
איהם פרובירט צו דעפינירען אויבען. דאָס הייסט, אָנווייזענדיג אויף
פאַקטען וואָס זענען אָפען פאַר דער דירעקטער באַאָבאַכטונג פון אַלע
מענשען און זאָגענדיג: אָט דאָס און דאָס רוף איך אַן האַנדלונג. און
אַזאַ סאָרט אָנווייזען אויף ביישפילען איז דער איינציגער צופרידענ־
שטעליגער, און שטרענג גערעדט, דער איינציג געזעצליכער אופן צו
דעפינירען אַן אַבסטראַקטען באַגריף.

וואָס אַלזאָ איז, אָדער דאַרף זיין דער שייכות צווישען פסיכאָלאָ־
גיע און פיזיאָלאָגיע? געוויינליך דעפינירט מען פיזיאָלאָגיע ווי די
געגענשטאַנד אָדער סצענע פון אַ באַקאַנטען טיפ. דער חוש־איינ־

# פּסיכאָלאָגיע

וויסענשאַפט פון לעבען אָדער פון די קערפּערליכע פונקציעס פון לע־
בעדיגע באַשעפענישען. אָבער וואָס איז לעבען, און וואָס זענען לע־
בעדיגע באַשעפענישען? מיר מוזען זאָגען, אַז לעבען איז די סומע פון
די פּראָצעסען וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר לעבעדיגע באַשעפע־
נישען, סיידען מיר ווילען עס דעפינירען אויף אַן אומנויטיג ספּעקו־
לאַטיווען אופן ווי עפּעס אַן אומבאַמערקבאַר וועזען וואָס געפינט זיך
אין׳ם קערפּער פון לעבעדיגע באַשעפענישען. אָבער די פּראָצעסען
דורך וועלכע מיר דערקענען זאַכען אַלס לעבעדיגע זענען טאַקי יענע
וועלכע מיר האָבען צוזאַמען באַצייכענט אַלס האַנדלונג. פּראָצעסען
וואָס ווייזען אַרויס אַ שטענדיגע זעלבסט־ווענדונג צו געוויסע צילען
וועלכע ווירקען פאַר דער פאַראייביגונג פון׳ם איינצעלנעם אָרגאַניזם
אָדער פון׳ם מין. דאָס פעלד פון פּסיכאָלאָגיע פאַרנעמט אַלזאָ, לויט
אונזער דעפיניציע, דעם אייגענעם שטח וואָס פיזיאָלאָגיע, און דאָס
קען באַנוצט ווערען אַלס אַ טענה אַנטקעגען אונזער דעפיניציע פון
פּסיכאָלאָגיע, ווייל אין אַלגעמיין באַטראַכט מען פיזיאָלאָגיע ווי אַן
אומאָפּהענגיגע וויסענשאַפט וואָס האָט איהר אייגענעם פּראָגראַם,
איהרע מעטאָדען און געשיכטע. אין דער מאָדערנער צייט האָט מען
געוויינליך פאַרשטאַנען די עובדא פון פיזיאָלאָגיע אויף דעם אופן ווי
דעקאַרט האָט פאָרגעשלאָגען, דהיינו, אויסצואַרבייטען ריינע מעכאַ־
נישע דערקלערונגען פון אַלע פּראָצעסען פון לעבעדיגע אָרגאַניזמען.
אָנצונעמען אַט דעם באַגריף פון פיזיאָלאָגיע, הייסט אוועקשטעלען אַט
די וויסענשאַפט אויף אַן אומגעהייערער הנחה, דהיינו, די הנחה אַז
מען קען דערקלערען מעכאַניש אַלע פּראָצעסען פון לעבעדיגע אָרגאַניז־
מען. דאָס איז סתם אַזוי אַ הנחה וואָס ווערט ניט באַשטעטיגט פון
פאַקטען, וואָרים דערווייל האָט מען נאָך ניט געקענט דערקלערען קיין
איין איינציגע אָרגאַנישע פונקציע אויף אַ ריין מעכאַנישען אופן.
אפילו אַזעלכע פאַרהעלטניסמעסיג איינפאַכע פּראָצעסען ווי דער טרע־
רען אויספלוס, אָדער דאָס אַרויסשוויצען פון אַ טראָפּען שווייס גיבען
זיך נאָך אַלץ ניט אונטער די אַלע פאַרזוכען זיי צו דערקלערען אין
טערמינען פון דער פיזישער און כעמישער וויסענשאַפט, און ניט בלויז
איז די הנחה אומבאַרעכטיגט בעת איהר געהט באַווייזען איהר אמת

# וויליאם מעקדוגעל

אין יעדען איינצעלנעם פאַל, נאָר זי פירט יענעם וואָס האַלט זיך אַז איהר, צו אַ לאָגיש אומהאַלטבאַרער פּאָזיציע, וואָרים בעת דער פיזיאָ־לאָג איז שוין פאַרטיג מיט זיין אויסגעטראַכטען פּלאַן פון דעם קער־פּערליכען מעכאַניזם געפינט ער אויס אַז ער האָט איבערגעלאָזען די פאַקטען פון מענשליכען באוואוסטזיין ווי אַן אומרעדוצירבאַרע צאָל. און ער זוכט צו אַנטלויפען פון אָט דער שווערקייט איגנאָרירענדיג די דאָזיגע פאַקטען, דאָס הייסט, ער באַהויפּט גאַנץ דרייסט אַז די פאַק־טען פון באוואוסטזיין קען מען דורך זיינע מעטאָדען ניט דערקלערען; ער באַטראַכט זיי ווי אַ מיסטעריעזען נעבען־פּראָדוקט פון די מעכאַ־נישע אָפּעראַציעס וועלכע, ווי ער גלויבט, שטעלען צונויף דאָס לעבען פון׳ם אָרגאַניזם בלויז אין וועלכען ער איז פאַראינטערעסירט. די פאַקטען פון באוואוסטזיין גיט ער איבער דעם פּסיכאָלאָג, וועמען ער גיט איבער די אויסשליסליכע עובדא זיי צו באַשרייבען. אַזוי צו דעפינירען די פעלדער פון פיזיאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע איז פונקט אַזוי אומוויסענשאַפטליך ווי צו דעפינירען פּסיכאָלאָגיע אַלס די ווי־סענשאַפט פון דער נשמה. אין ביידע פאַלען נעמט מען זיך אונטער אָפּצוצייכענען די פעלדער מיט דער הילף פון ספּעקולאַטיווע השערות אָדער הנחות וואָס, ווען זיי זאָלען אפילו זיין אמת, קען עס בלויז באַ־וויזען ווערען נאָך אַ גרויסען פּראָגרעס פון די געגעבענע וויסענשאַפ־טען. עס בלייבט דאָך אַלץ אמת אַז פיזיאָלאָגיע און פּסיכאָלאָגיע, ווי מען שטודירט זיי איצט, זענען ניט אידענטיש. מיר קענען אויסדריי־קען זייער שייכות זאָגענדיג אַז פיזיאָלאָגיע פאָרשט אויס די פּראָצע־סען פון די טיילען אָדער אָרגאַנען וואָס שטעלען צוזאַמען דעם גוף. בעת פּסיכאָלאָגיע פאָרשט אויס די טעטיגקייט פון׳ם אָרגאַניזם אַלס גאַנצען, דאָס הייסט, דאָרט וואו דער אָרגאַניזם האַנדעלט ווי אַ גאַנצ־קייט אָדער איינקייט.

אויף אַזאַ׳ן אופן לאָזען מיר איבער פאַר די קומענדיגע דורות דעם באַשלוס איבער פונדאַמענטאַלע פראַגען בנוגע וועלכע מיר קענען איצט מאַכען בלויז אַ טרעף, אַנשטאָט צו מאַכען אַזאַ טרעף פאַר׳ן גרונדשטיין פון אונזער וויסענשאַפט. וואָרים דעפינירענדיג פּסיכאָ־לאָגיע אַלס די וויסענשאַפט פון האַנדלונג באַשטעטיגען מיר ניט און

# פּסיכאָלאָגיע

מיר לייקענען ניט אָפּ די גילטיגקייט פון די מעכאַנישע פּרינציפּען פאַר דער רערקלערונג פון דער טעטיגקייט פון אָרגאַניזמען; מיר מאַכען ניט קיין היפּאָטעטישע וועזענס, כחות, לעבען, פּסיכיק אָדער נשמה. מיר הייבען פּשוט אָן פון׳ם צווייפעללאָזען פאַקט אַז די ענדערונג וואָס מאַטעריעלע זאַכען ווייזען ארויס קוקען אויס צו זיין פון צוויי פאַר־שידענע סאָרטען. פון איין זייט, דער ריין מעכאַנישער סאָרט פון וועלכען מיר האָבען דעם גרויסאַרטיגען און קלאָרסטען ביישפּיל אין דער באַוועגונג פון די הימלישע קערפּער; פון דער אַנדערער זייט, די צוועקמעסיגע טעטיגקייט אָדער האַנדלונג מיט וועלכער יעדער פון אונז באַקענט זיך נאָכטראַכטענדיג איבער זיינע אייגענע באַמיהונגען, זיינע אימפּולסען, זיינע פאַרלאַנגען און זיין ווילען. מעגליך אַז אין דער וייטערער צוקונפט וועט דער וויסענשאַפט געלינגען פעסטצושטעלען דעם אמת פון דער הנחה — פון וועלכער מען האַלט איצט אַזוי פיעל מחמת אמונה — אַז יעדער שיינבאַר צוועקמעסיגער אקט איז מעכאַ־ניש דערקלערבאַר. אויב אַזאַ צייט וועט קומען וועט פּסיכאָלאָגיע פאַרשלונגען ווערען פון פיזיאָלאָגיע, און פיזיאָלאָגיע — פון פיזיק. עס קען אָבער אויך זיין אַז מיר זאָלען אין דער אומאָרגאַנישער וועלט אנטדעקען סימנים פ׳ן האַנדלונג, פון וואָס מיר האָבען ביז איצט ניט געוואוסט. אָדער עס קען ווידער זיין, ווי אַ גרויסער דענקער האָט ניט לאַנג געזאָגט, אַז אונזערע באַגריפען סיי פון צוועקמעסיגער טעטיגקייט סיי פון מעכאַנישען פּראָצעס זענען פאַלשע אבסטראַקציעס וואָס זע־נען ניט צוגעמאָסטען פאַר אַ שילדערונג פון ווירקליכע געשעהענישען און אַז ביידע דאַרפען זיך אונטערגעבען צו עפּעס אַן אמת׳ערן באַגריף. אָדער ענדליך, מען וועט אפשר קענען באַווייזען, אַז דאָס גייסטיגע לעבען און דאָס לעבען בכלל פאַרנעמען ניט דעם אייגענעם שטח, און אַז אין דער ספערע פון האַנדלונג אָדער שיינבאַר צוועקמעסיגער טע־טיגקייט דאַרפען מיר אונטערשיידען אַ העכערן סאָרט וואָס נעמט אריין באַוואוסטזיניגען פאַרשטאַנד — וועלכער איז אין תוך ענליך צו אונזערן נאָר פאַרמאָגט פיעל שטופען פון ווירקזאַמקייט, — און אַ נידעריגערן סאָרט, וועלכער, כאָטש מען קען איהם ניט דערקלערען מעכאַניש און ער איז אַנאַלאָגיש צו צוועקמעסיגער טעטיגקייט, נעמט

# וויליאַם מעקדוגעל

ער אָבער ניט אַריין ליין באַוואוסטזיניגע וועגדונג און איז דערפאַר ניט ווירקליך צוועקמעסיג.

אָבער וואַסער באַשלוס די צוקונפט זאָל ניט ברענגען, ווייזט עס אויס קלאָר אז איצט קענען מיר ניט אַריבערטרעטען דעם אונטער־שיד צווישען די צוויי סאָרטען ענדערונגען, און אז מיר דינען די ווי־סענשאַפט צום בעסטען ווען מיר אנערקענען אָפּענהאַרציג דעם אונ־טערשיד ווען ער צווינגט זיך אַרויף אויף אונז און באַגרינדען איהם פאַרזיכטיג וואו ער ערשיינט טונקעל און צווייפעלהאַפט. פיזיאָלאָגיע קען אַלזאָ מיט פאַרדינסט בסדר צוטרעטען צו לעבעדיגע באַשעפע־נישען פון אונטען, דאָס הייסט, פון דער זייט, און מיט די מעטאָדען פון פיזיק און כעמיע און אויסציהען ביז גאָר דעם גרייך־פונקט פון מעכאַנישע דערקלערונגען בנוגע די פּראָצעסען פון זייערע קערפּער. אָבער פּסיכאָלאָגיע דאַרף בסדר פאַרטיפען אונזער פאַרשטענדעניש פאַר די האַנדלונגען פון אַלע לעבעדיגע באַשעפענישען צוטרעטענדיג צו זיי פון אויבען, אָנווענדענדיג אויף זיי די אויפפאַסונג פון האַנד־לונג וואָס מיר באַקוקען שטודירענדיג זיך אַליין.

די דעפיניציע פון פּסיכאָלאָגיע אַלס די וויסענשאַפט פון האַנד־לונג זעהט אַלזאָ אויס בילכער פון יעדער אַנדערער, ווייל זי לאָזט אי־בער פריי פאַר דער צוקונפט צו באַשליסען איבער געוויסע פונדאַמענ־טאַלע פראַגען וועלכע מען קען איצט ניט לייזען, און ווייל זי באַנוצט זיך ניט מיט קיין שלעכט־דעפינירטע און פּראָבלעמאַטישע באַגריפען, ווי גייסט, אָדער נשמה, אָדער באַוואוסטזיין, נאָר בלויז מיט באַקאַנ־טע פאַקטען, וואָס מען קען באַאָבאַכטען. זי פאַרמאָגט אויך צוויי וויכטיגע מעלות. ערשטענס, שטרייכט זי אונטער דעם אמת, אַז די פאַקטען מיט וועלכע מיר האָבען צו טון אין פּסיכאָלאָגיע זענען גיכער פּראָצעסען אָדער טעטיגקייטען, איידער פעסטע דויערנדיגע זאַכען. צווייטענס, מאַכט זי אונז גרייט זיך צו סטאַרען צו פאַרשטעהן די דאָזיגע טעטיגקייט אויף אַן אַנדער אופן פון דעם ווי מיר ווילען פאַר־שטעהן פיזישע אָדער מעכאַנישע פּראָצעסען; זי מאַכט קלאָר אַז מיר דאַרפען זיי גיכער דערקלערען און פאַרשטעהן פונ׳ם שטאַנדפּונקט פונ׳ם ציל אָדער צוועק פון דער טעטיגקייט איידער בלויז פונ׳ם

## פסיכאָלאָגיע

שטאַנדפּונקט פון די פּאַראויסגעהענדיגע געשעהענישען. איינס פון די הויפּט שוועריגקייטען פון'ם פּסיכאָלאָגישען פאָרשער איז אַנצונעמען אַזאַ שטעלונג, ספּעציעל ווען ער האָט זיך אויסגעבילדעט אין דער פיזישער וויסענשאַפט. וואָרים אונזער שכל און אונזער שפּראַך, דער הויפּט אינסטרומענט פון'ם שכל, זענען לכתחילה און הויפּטזאַכליך צו־געפּאַסט צו מאַכען מעגליך פאַר אונז אָפּצושאַצען און קאָנטראָלירען די באַוועגונגען פון קערפּערס אין רוים, אַדער, מיט אַנדערע ווער־טער, אָפּצוגעבען זיך מיט די מעכאַנישע פּראָצעסען פון דער פיזישער וועלט. דאָס רוב מענשען פיהלען זיך דערפאַר אינטעלעקטועל אין דער היים ווען זיי האָבען צו טון מיט ריין מעכאַנישע פּראָצעסען, און מיר זענען צופרידענער מיט דערקלערונגען אין דעם לשון פון מע־כאַניזמען איידער אין טערמינען פון צילען און צוועקען. אין ביידע פאַלען קען אָבער אונזער דערקלערונג ווערען אַ קאָנקרעטער זאַך נים מעהר ווי אַרויסשטעלען זי אַלס אַ ספּעציעלען פאַל פון אַ קלאַס גע־שעהענישען מיט וועלכע מיר זענען שוין באַקאַנט.

## צווייטער קאפיטעל

# די לערע פון באוואוסטזיין.

מיר זעהען א קינד זיצענדיג ליידיג אויפ'ן גראז. פלוצלונג כאפט ער זיך אויף און פליהט אריין אין הויז, לאזענדיג אונז פארוואונדערט פארוואס ער האט אזוי געהאנדעלט. וואלטען מיר געווען גענוג נאָ־הענט צו באאבאכטען זיינע באוועגונגען און דעם אויסדרוק אויף זיין פנים, וואלטען מיר אפשר געקענט טרעפען די אורזאכען פון זיין האנדלונג; אבער מיר וואלטען ניט געווען זיכער אז מיר האבען די ריכטיגע דערקלערונג, ביז מיר וואלטען געהערט זיין אייגענעם באַ־ריכט פונ'ם אינצידענט. דערנאך, לאמיר זאגען, דערציילט ער אונז אז ער איז אריין נעמען א טרונק; אדער אז ער האט געהערט „אזא מאדנעם גערויש" איז הויז; אדער אז ער האט געזעהן אנקומען א ווילדען הונט, אדער עפעס א מענשען וואס ער האט פיינד; אדער אז א וועספ האט איהם געגעבען א שטאך; אז ער האט זיך פלוצלונג דערמאנט אז ס'איז שוין צייט צו געהן אין שול; אז ער האט געהערט זיין מוטער רופט איהם; אדער אז ער האט גראד דעמאלט אויסגע־טראכט א פלאן צו מאכען א פאפיר־שלאנג. יעדע פון די דאזיגע דערקלערונגען וועט מסתמא שטילען אונזער קוריאזיטעט; און מיר וואלטען געפיהלט אז מיר האבען פארשטאנען דעם געגעבענעם סארט האנדלונג, ווארים אונטער ענליכע אומשטאנדען האבען מיר געהאנ־דעלט אויף אן ענליכען אופן, און מיר האבען געזעהן ווי אנדערע הא־בען אזוי געהאנדעלט. אבער עס איז קלאר אז אזא סארט דערקלערונג קומט ניט צום תוך און איז אויבערפלעכליך, און אז אונזער פארשטענ־דעניש פון דער האנדלונג איז ניט פול. אזא אויבערפלעכליכע דערקלע־רונג און אזא טיילווייזע פארשטענדעניש איז דאס גרעסטע וואס מיר קענען קריגען ניט נעמענדיג פסיכאלאגיע צו הילף, דאס הייסט, ניט

# פסיכאָלאָגיע

אָנווענדענדיג אויפ'ן דאָזיגען ספּעציעלען פאַל די אַלגעמיינע פּרינציּ־פּען פון האַנדלונג, וואָס די סיסטעמאַטישע שטודיע האָט פעסטגע־שטעלט.

ראשית, באַמערקט אַז דאָס אינגעל דערקלערט זיין האַנדלונג איז ווערטער וואָס באַשרייבען טיילווייז דעם צושטאַנד פון זיין באַוואוסט־זיין און א דאַנק וועלכע מיר זענען אין שטאַנד דורך א מיטפיהלענדי־גער פאַרשטענדניש — אין ליכט פון אונזער אייגענער ערפאַרונג פון ענליכע לאַגעס — צו באַקומען א פולערע שילדערונג פון אַט דעם צושטאַנד איידער זיינע ווערטער דריקען אויס. ווען ער דערמאָנט, למשל, דעם טרונק, דאָס „מאָדנע" געריש, אַדער דעם ווילדען הונט, ווייסען מיר אַז ער האָט געפיהלט דורשט, אַדער וואונדער, אַדער מורא. אַזאַ איבעראַנדערשונג פון דעם צושטאַנד פון א מענשענס באַוואוסט־זיין אין דער פאַרשטעלונג איז אַלעמאָל דער ערשטער שריט צו א פול־קאָמערן באַגריף פון יעדען סאָרט האַנדלונג וואָס מאַכט אונז פעהיג צו קאָנטראָלירען אַדער ענדערען אונזער אייגענע האַנדלונג אַדער די האַנדלונג פון אַנדערע.

און דאָס איז אמת ניט נאָר בנוגע מענשליכער האַנדלונג נאָר בנוגע האַנדלונג בכלל. ווען מיר זעהן ווי א מויז אַדער אַן אַנדער חיה'לע לאָזט זיך צו איהר נאָרע, באַקומען מיר א טיילווייזע דער־קלערונג און א באַגריף פון איהר האַנדלונג בעת מיר דרינגען אַרויס אַז זי האָט זיך דערשראָקען אַדער אַז זי האָט דערהערט דאָס געשריי פון איהרע קליינטשיגע. אַלזאָ כאָטש אַזאַ פאַרשטענדניש איז שוואַ־כער און פּראָבלעמאַטישער וואָס ווייטער עס איז פון אונז די בריאה וועלכע מיר באַאָבאַכטען, מוז אָבער די דערקלערונג פון דער האַנדלונג פון יעדער בריאה אַריינגעמען א באַשרייבונג פונ'ם באַוואוסטזיין פונ'ם מאָמענט. אבער כדי צו באַשרייבען א געשעהעניש אַדער א פּראָ־צעס זענען מיר געצוואונגען, לויט דער טבע פון אונזער שכל, צו פאָ־נאַנדערגלידערן איהם אין טיילען, און יעדע טייל פאַסען מיר אויף ווי א ביישפּיל פון א קלאַס וואָס מיר באַפעסטיגען אין קאָפּ אַדער באַגרייפען מיט דער הילף פון א נאָמען. אפילו אַזאַ פשוט'ער פּראָ־צעס ווי דאָס פליהען פון א שטיין וואָס מען וואַרפט מיט דער האַנט,

# וויליאם מעקדוגעל

קען מען נאר באשרייבען אנאליזירענדיג זיינע ריכטונגען אין א סעריע פון פאזיציעס וואס ער האט פארנומען אין כסדר'דיגע מאמענטען פון צייט, און דערנאך זאגענדיג אז זיין פליהען באשטעהט אין זיין כסדר'דיגען פארנעמען אט די פאזיציעס. און אונזער באאבאכטונג פון יעדער געשעהעניש וועט זיין פולער און בעסער, וואס בעסער עס וועלען זיין אונזערע באגריפען פון איהרע פארשידענע טיילען וועלכע מיר שאפען מיט דער הילף פון שפראך.

קומענדיג איצט צו באשרייבען די פאקטען פון אונזער באוואוסט־זיין, געפינען מיר אויס אז די פאפולערע באגריפען און ווערטער זע־נען זעהר ניט פאסיג פאר דער ארבייט פון אן אנאליטישער באשריי־בונג. די ערשטע עובדא פונ'ם פסיכאלאגישען פארשער, דער באדען פאר אלע אנדערע פסיכאלאגישע פארשונגען, איז דערפאר צו פארשאר־פען זיין פעהיגקייט פאנאנדערצוטיילען, קלאסיפיצירען און באשריי־בען די צוזאמענגעזעצטע זייטען פונ'ם שטראם פון זיין אייגען בא־וואוסטזיין מיט דער הילף פון דער טערמינאלאגיע און די באשרייבונ־גען וואס זיינע פארגעהער האבען געשאפען. באאבאכטען אדער בא־מערקען דאס אייגענע באוואוסטזיין רופט מען אינטראספעקציע. פון אינטראספעקציע האט מען געמאכט א מין מיסטעריע. טיילמאל שרייבט מען דערפון אזוי ווי עס וואלט געווען א קונץ וואס בלויז א ספעציעל־געאיבטער אקראבאט קען באווייזען. עס זענען פארגעקו־מען א סך געלערנטע ויכוחים צו עס איז מעגליך, ווי אזוי עס איז מעגליך און ווי אזוי מען קען עס ווירקליך דורכפירען. אבער, פונקט ווי פיעל אנדערע זאכען, קענען מיר עס גאנץ גוט טון זייענדיג אומ־פעהיג צו זאגען ווי אזוי מיר טוען עס. יעדער אינטעליגענטער מענש קען געבען און גיט אפט א געוויסע באשרייבונג פון זיין באוואוסטזיין; ווי למשל בעת ער זאגט אז ער הערט א קלאנג, אדער ער האט ציין־וועהטאג, באשרייבענדיג אפשר די באזונדערע קוואליטעט פונ'ם וועהטאג; אדער בעת ער זאגט אז עס איז איהםווארעם, אדער אז ער פיהלט זיך גוט, אדער מיד, אדער בייז, אדער אז ער איז אין ספק, אדער צעמישט, אדער טרויעריג; אדער אז ער דענקט וועגען עפעס, אדער אז ער בענקט דערנאך, אדער

# פסיכאָלאָגיע

ער סטאַרעט זיך צו ד'ערמאָנען אַ נאָמען, אָדער צו פאַרגלייכען צוויי זאַכען, אָדער עפּעס אָפּצומאַכען ביי זיך. אָט די אַלע און הונדערטער אַנדערע גאַנגבאַרע פראַזעס באַנוצען מיר געוויינליך בעת מיר ווילען אַנדערע מודיע זיין דעם צושטאַנד פון אונזער באַוואוסטזיין. און דעם פסיכאָלאָגס אינטראָספּעקציע און אַנאַליטישע באַשרייבונג נעמען בלויז אַריין אַ פיינערע באַאָבאַכטונג און שילדערונג פון'ם דאַזיגען געוויינליכען סאָרט, וואָס מיר אַלע פראַקטיצירען פון געוואוינהייט אויף פאַרשידענע מדרגות.

ווען אַ פאָרשער נעמט זיך צו אַ וויסענשאַפט דאַרף זיין ערשטער שריט זיין זיך צו באַקענען מיט די אָנגענומענע באַשרייבענדיגע אויסדרוקען און מיט דער קלאַסיפיקאַציע פון די זאַכען וואָס אָט די טערמינען באַצייכענען; און די וויסענשאַפט דאַרף געהן האַנט איז האַנט מיט די איבערגע'חזר'טע באַאָבאַכטונגען פון די באַשריבענע זאַכען אָדער פראָצעסען און זיי אונטערזוכען. די באַנוצונג פון די פאַרשפּרייטע טערמינען (אויף וויפיעל זיי זענען גוט אויסגעקליבען) גיט אונז די מעגליכקייט צו באַאָבאַכטען פולער און גענויער; ווייל יעדער נאָמען ציהט אונזער אויפמערקזאַמקייט אויף אַ געוויסער זייט אָדער אַ צושטאַנד פון'ם קאָמפּליצירטען געגענשטאַנד פון אונזער באַאָבאַכטונג, און אַזוי אַרום, אָפּשטעלענדיג זיך ווידער אויף זיינע פאַרשידענע הויפּטזייטען, העלפט עס אונז פאַנאַנדערגלידערן דאָס גאַנצע אויף זיינע באַשטאַנדטיילען. און דורך אונזערע באַאָבאַכטונגען פאַרשטעהען מיר די טערמינען פולער און מיר באַנוצען זיי פּינקטליכער. למשל, אָנהייבענדיג צו שטודירען באַטאַניק נעמט דער סטודענט אַ בלום אין זיין האַנט; ער קען זי באַאָבאַכטען און באַשרייבען אַזוי אומגעפעהר, אונטערשיידענדיג איהרע הויפּט שטריכען מיט דער הילף פון שלעכט־דעפינירטע טערמינען פון דער פּאָפּולערער שפּראַך. ער לערנט זיך דערנאָך אויס אָנצואווענדען אויף יעדען פון איהרע טיילען איהר וויסענשאַפטליכען נאָמען: בלומבלעטעל, בעכערבלעטעל, פּיסטיל, שטויבגעפעס, א. אַז. וו. און ער חזר'ט איבער דעם טאָפּעלטען פראָצעס פון באַאָבאַכטען און אַ נאָמען געבען אויף פאַרשידענע בלומען. זיין פעהיגקייט צו באַאָבאַכטען און זיין באַנוצען וויסענשאַפט־

# וויליאַם מעקדוגעל

ליכע נעמען פאַרבעסערן זיך גלייך, אוןביידע פאַרבעסערונגען קומען
דערפון וואָס זיין געדאַנק וועגען א בלום, וואָס איז פריהער געווען צע־
מישט און טונקעל, איז געוואָרען באַשטימטער און רייכער אין זיין
זין. ער האָט זיך אויסגעלערנט צו קענען די טיילען גענוי, און צו קע־
נען דאָס גאַנצע ווי די סומע פון די טיילען, און אַז זייער באַציהונג
צווישען זיך איז לויט אַ באַשטימטען פּלאַן.

די ארבייט פון׳ם אַנפאַנגער .אין פּסיכאָלאָגיע איז פּונקט אזא.
ער זעהט אַז ער איז פּעהיג צו באָאַבאַכטען זיינע גייסטיגע פּראָצע־
סען און צו באַשרייבען זיי אויף אַ טונקעלען, צעמישטען אופן באַ־
נוצענדיג די טאָג־טעגליכע שפּראַך; און זיין ערשטער שריט דאַרף
זיין אויסצואיידלען זיינע פעהיגקייטען צו באָאַבאַכטען און באַשריי־
בען, אננעמענדיג די נעמען וואָס זיינע פאָרגעהער האָבען געשאַפען
און די אונטערשידען וואָס ליגען אין זיי. טוענדיג דאָס וועט ער אויס־
געפינען אַז זיין געדאַנק וועגען יעדען גייסטיגען פּראָצעס ווערט באַ־
שטימטער און פולער. אנשטאָט צו טראַכטען דערפון ווי פון אַ צע־
פלאַנטערטער, אומבאַשטימטער זאַך. וועט ער טראַכטען דערפון ווי פון
אַ זאַך פון אַ געוויסען סאָרט, אַריינגעמענדיג פיעל טיילען וואָס
האָבען אַ שייכות צווישען זיך לויט אַ מעהר אַדער ווייניגער באַ־
שטימטן סיסטעם.

אַבער כאָטש דער ערשטער שריט אין פּסיכאָלאָגיע איז אין תוך
ענליך צום ערשטען שריט אין יעדער אַנדערער וויסענשאַפט, דאָס
הייסט, אַ פּראָצעס פין אויסבעסערן עמיצענס באַקאַנטשאַפט מיט
געוויסע זאַכען דורך אנאליטישער באָאַבאַכטונג און באַשרייבונג, מו־
זען מיר אבער איינזעהן, אז אַט דער ערשטער שריט אין פּסיכאָלאָגיע
איז באַזונדערס שווער. שטודירענדיג אַ בלום, אַדער אַן אַנדער פיזי־
שען געגענשטאַנד, ווי א שטיקעל פעלז, אַדער אַ מאַשין, אַדער אפילו
אַ פּאָליטיש סיסטעם, קען דער לערער אַנווייזען אויף יעדער זאַך
כסדר און אַנרופען זי, זאָגענדיג: אָט איז אַ בלומבלעטעל, אָט איז אַ
שטויב־געפעס, אָט איז אַ שטויב־בייטעל, א. א. וו. אַבער שטודירענדיג
דאָס באַוואוסטזיין זענען אזעלכע דירעקטע אַנווייזען אוממעגליך.
דער לערער קען בלויז באַשרייבען די באַדינגונגען אונטער וועלכע מען

# פסיכאָלאָגיע

וועט זעהר ווארשיינליך איבערלעבען א געוויסען שטייגער פון באַ־
וואוסטזיין; ער קען ניט טייטלען אויף א געפיהל פון וועהטאג אדער
מורא און זאגען: אט דאס איז וועהטאג אדער מורא. ער קען בלויז
זאגען: איהר וועט מסתמא פיהלען וועהטאג אויב אייער בעסטער
פריינד וועט אייך איגנארירען; אדער — מורא ווען א ווילדער הונט
וועט אייך אטאקירען. אבער מענשען זענען אזוי ווייט פארשידען, אז
זיי רופען זיך אפ אויף גאר אנדערע אופנים אין די זעלביגע לאגעס,
און מען קען קיינמאל ניט זיין זיכער אז די אדער יענע לאגע וועט
דערוועקען דעם אייגענעם אפרוף אין יעדען מענשען. די לאגע וואס
רופט ארויס וועהטאג אדער מורא אין איין מענשען קען אין אן אנ־
דערן דערוועקען כעס און א דריטער קען בלייבען גלייכגילטיג.

צווייטענס, אז אנאליטישע באאבאכטונג פון גייסטיגע פּראצע־
סען איז שווער שוין דערפאר וואס זיי זענען פּראצעסען און ניט
קיין פעסטע, דויערנ־יגע געגענשטאנדען. מיר קענען ניט אונטער־
זוכען ווען עס פארגלוסט זיך נאכאמאל און ווידער אמאל דעם
זעלביגען גייסטיגען פּראצעס, ווארים בעת מיר סטארען זיך צו באַ־
מערקען זיין אייגענטימליכע קוואליטעט און קאמפליצירטקייט, בייט
ער זיך יעדע רגע, און איהר קענט איהם קיינמאל ניט פולשטענדיג
צוריקברענגען אדער איינשטעלען; און ער בייט זיך, ריכטיגער, ער
מאכט פּלאץ פאר אן אנדער פּראצעס, אלץ שנעלער, טאקע וויל מיר
זענען אויפמערקזאם אויף איהם.

א חוץ אט די אינערליכע שווערקייטען, איז פאַרהאַן נאך א
שווערקייט וואס קומט פון'ם צוריקגעבליבענעם און אנפאנגליכען צו־
שטאנד פון פסיכאלאגיע, דהיינו, די שווערקייט וואס די גרעסטע אוי־
טאריטעטען זענען נאך ניט געקומען צו באנוצען די אייגענע באַ־
באשרייבענדיגע טערמינען אדער אנצואווענדען די זעלביגע טערמי־
נען אין פונקט דעם זעלביגען זין. צוליב דעם וואס אזא'ן איינשטימונג
פעלט צווישען די שרייבער איבער פסיכאלאגיע, איז דער אנפאנגער
עלול צו ווערען אין גאנצען פארמישט געהענדיג פון איין פונקט צום
אנדערן אפילו בנוגע דעם ערשטען שריט, דער באשרייבונג פון באַ־
וואוסטזיין. עס איז וויכטיג אז ער זאל ניט האלטען פאר צו פיעל וויכ־

# וויליאַם מעקדוגעל

טיג די דאָזיגע חילוקי דעות בנוגע די באַשרייב-מעטאָדען ; ער דאַרף פאַרשטעהן, אז יעדע מעטאָדע קען זיין געזעצליך און ניצליך. ער דאַרף אנערקענען אז יעדע באַשרייבונג וואָס מיר קענען געבען איז נויט־ווענדיג אומפינקטליך און אַז זי צעדרעהט אומפאַרמיידליך די פאַק־טען ביז אַ געוויסער מאָס, און ער דאַרף שטרעבען אויסצוקלייבען פאַר זיך די מעטאָדע וואָס ווייזט איהם אויס צו זיין די ניצליכסטע.

די ביישרייב-מעטאָדע וואָס מען באַנוצט געוויינליך קען מען אָנרופען די „קינעמאַטאָגראַפישע" אָדער די „סטאַטישע" מעטאָדע. אַ מענשענס באַוואוסטזיין איז תמיד קאָמפּליצירט און בייט זיך תמיד ; עס איז די בסדר'דיגע מאַניפעסטאַציע פון אומאויפהערליכער טעטיגקייט וואָס אַנטפּלעקט זיך בלויז טיילווייז צו אונז אַלס דאָס באַוואוסטזיין. די קינעמאַטאָגראַפישע באַשרייב-מעטאָדע פאַרלאָזט אָדער פאַרזעהט אָט די אַקטיווע זייט פונ'ם באַוואוסטזיין און זוכט צו באַשרייבען יעדע פאַזע זיינע ווי זי איז אָדער עקזיסטירט, ניט אָנווייזענדיג אויף די פונקציעס וועלכע זי איז בייהילפיג.

דאָס באַוואוסטזיין קען פאַרגליכען ווערען צו דער אויבערפלאַך פון אַ קוואַל וואָס בלעזעלט זיך אַרויס אַהן אַן אויפהער פון טונקעלע טיפענישען וואָס מען קען ניט זעהען. די אויבערפלאַך נעמט אַן יעדע רגע נייע פאָרמען ; אַ טייל בייטען זיך שנעל, אַנדערע פּאַמעלעך, אָבער קיין איינע פאַרבלייבט ניט שטענדיג. יעדע איינצעלהייט פון דער פאָרם פון דער אויבערפלאַך מאַכט בסדר פּלאַץ פאַר נייע, אַ טייל טוען עס פּאַמעליך, אַנדערע שנעלער. די קאָמפּליצירטקייט און שנעל־קייט פונ'ם בייטען זיך זענען אַזוי גרויס אַז עס איז אוממעגליך פאַר דער פּסיכיק אַרומצונעמען אַלע איינצעלהייטען פון דעם מאָמענט, נאָך ווייניגער קען זי באַאָבאַכטען ווי אַזוי יעדע איינצעלהייט בייט זיך. דערפאַר הייבט די קינעמאַטאָגראַפישע מעטאָדע אַן מיט געבען נעמען צו די וויכטיגסטע פאַרשידענקייטען פון די פאָרמען וואָס קו־מען פאַר ; דערנאָך סטאַרעט זי זיך צו באַשרייבען די גאַנצע אויבערפלאַך ווי זי עקזיסטירט אין אַ געוויסען מאָמענט, אויסרעכענענ־דיג די פאָרמען וואָס זי באַזיצט אין יענעם מאָמענט ; און זי סטאַרעט זיך אַרויסצושטעלען דעם אמת'ן גאַנג פון די ענדערונגען פון דער

# פסיכאָלאָגיע

גאַנצער אויבערפלאַך באַשרייבענדיג אין אַזעלכע אַלועמיינע ווערטער איהר אויסזעהן אין כסדר'דיגע מאָמענטען. דאָס הייסט, זי גלידערט פאַנאַנדער די אייביגע איבערגענג אין אַ פאַרבינדונג פון עלעמענטען — יעדער פון וועלכע ווערט אויפגעפאַסט סטאַטיש — און זי באַשרייבט די איבערגענגע ווי די גלייכצייטיגע און כסדר'דיגע ערשיינונגען פון די דאָזיגע עלעמענטען. עס איז פּונקט ווי מען וואָלט גענומען יעדע פון די כסדר'דיגע בילדער אויף דער קינעמאַטאָגראַפישער ראָל אויפמאַלענדיג מיט דער האַנט די פאַרשידענע געגענשטאַנדען אין דער פּאָזיציע וואָס זיי פאַרנעמען אין'ם מאָמענט וואָס דאָס בילד שטעלט פאָר.

אָבער אַ חוץ וואָס זי געהט אוועק פון דער אַקטיוועער אָדער פונקציאָנעלער זייט פון'ם באַוואוסטזיין, פעלשט אָט די מעטאָדע די פאַקטען דערמיט וואָס זי פאַרזעהט די ווירקליכע ענדערונגען און צעברעכט דעם צוזאַמענהאַנג פון'ם גאַנצען באַוואוסטזיין־שטראָם, סיי דעם צוזאַמענהאַנג פון די טיילען וואָס שטעלען צונויף דאָס גאַנצע אין יעדען מאָמענט פון דער צייט, סיי דעם צוזאַמענהאַנג פון'ם גאַנצען אין כסדר'דיגע מאָמענטען. פונדעסטוועגען, אַ דאַנק דער טבע פון אונזער מח, איז דאָס די איינציגע מעטאָדע מיט וועמעס הילף מיר קענען זיך דערנעהנטערן צו אַ פולער און דעטאַלער באַשרייבונג פון'ם באַוואוסטזיין־שטראָם. זי איז דעריבער אַ ווערטפולע און אפשר אַ נויטווענדיגע מעטאָדע. מיר דאַרפען אָבער אַכטונג געבען זי זאָל אונז ניט פאַרפירען אַנצונעמען די פאָזען און פּרטים — וועלכע מיר שטעלען פעסט אין געדאַנק מיט דער הילף פון נעמען אַלס זאַכען וואָס דויערן אָדער האַלטען אָן — ווי זעלבסט־אידענטישע וועזענס. וואָרים עס איז די נאַטירליכע טענדענץ פון אונזער פּסיכיק אַזוי צו טון, און אַ סך שרייבער האָבען טאַקע אַזוי געטון מיט'ן רעזולטאַט אַז זיי האָבען גענומען באַטראַכטען דאָס באַוואוסטזיין ווי אַ מאָזאַאיק פון שטיקלעך אָדער עלעמענטען פון באַוואוסטזיין, האַרט איינס לעבען ס'אַנדערע אין אייביג בייטענדיגע קאָמבינאַציעס; ד. ה. האָבענדיג, אין געדאַנק, אַנאַליזירט די אומאויפהערליכע איבערגענג פון באַוואוסטזיין, ריכטענדיג כסדר זייער אויפמערקזאַמקייט אויף אַ טייל

# ווילי‍אַם מעקדוגעל

פון זיינע אַנגעזעהענסטע כאַראַקטער־שטריכען, מיינען זיי אַז זיי האָ־
בען עס ווירקליך פאַנאַנדערגעשפּאָלטען אויף אַ צאָל באַזונדער־עק־
זיסטירענדיגע טיילען, און אַז מען קען עס צונויפשטעלען ווען מען
נעמט ווידער צוזאַמען אַט די טיילען אין גלייכצייטיגע און כסדר׳־
דיגע סעריעס.

אויב מיר באַנוצען די דאָזיגע באַשרייב־מעטאָדע, דאַרפען מיר
האָבען עפּעס אַן אַלגעמיינעם נאָמען פאַר די כאַראַקטער־שטריכען
וואָס מיר טיילען אויס אינ׳ם באַוואוסטזיין־שטראָם. און פאַר אַט דעם
צוועק איז אפשר דאָס בעסטע וואָרט „געפיהל״, ווייל דאָס דאָזיגע
וואָרט צווינגט ניט אַרויף אויף אונז אין פאָראויס קיין השערה אָדער
קיין טעאָריע. אננעמענדיג „געפיהל״, קענען מיר זאָגען אַז דער באַ־
וואוסטזיין־שטראָם — באַטראַכט אין זיך אַליין און אָפּגעזונדערט פון
זיינע פונקציעס — קען אַנאַליטיש רעדוצירט ווערען צו אַ קאָמ־
פּלעקס פון געפיהלען.

אָפטער האָט מען פאַר אַט דעם צוועק באַנוצט דאָס וואָרט „אי־
דעע״. אָבער דאָס רוב פון די וואָס האָבען דאָס וואָרט באַנוצט, האָ־
בען אָהן ווידערשטאַנד זיך אונטערגעגעבען דער טענדענץ צו פאַר־
קערפּערן די דאָזיגע אַבסטראַקציעס, ד. ה. צו באַהאַנדלען אידעען ווי
זאַכען וואָס פאַרמאָגען אינווייניגע אייגענשאַפטען און כחות, און זיי
האָבען פאַרגעשטעלט דאָס גאַנצע גייסטיגע לעבען ווי אַ צוזאַמענ־
שפּיל פון די אידעען. צוליב אַט די סיבות איז גלייכער אויסצומיידען
צו באַנוצען דאָס וואָרט „אידעע״, כאָטש מען מוז זיך מודה זיין אַז
דאָס איז אַזוי באַקוועם און אַזוי אין איינקלאַנג מיט אונזער נאַטיר־
ליכער טענדענץ צו פאַרקערפּערן — אָדער באַטראַכטען אַלס זאַכען
אַלץ צו וואָס אונזער אייפמערקזאַמקייט ריכט זיך דורכ׳ן באַנוצען אַ
נאָמען — אַז מיר קענען קוים האָפען עס אָפּצושאַפען פולשטענדיג
און גלייך.

אַ שפּעטערע מאָדע איז צו באַשרייבען דאָס באַוואוסטזיין ווי
אַ שטראָם פון שפּירונגען. אָבער דאָ געפינען מיר די אייגענע פאַר־
פירערישע טענדענץ ווי בנוגע דעם וואָרט „אידעע״, דהיינו, עס לאָקט
אונז צו באַטראַכטען דאָס באַוואוסטזיין ווי צוזאַמענגעשטעלט פון

זעהר נאהענטע זאכען וואס רופען זיך שפירונגען. דאך זענען דאס ווארט און דער באגריף אזוי ניצליך אז מיר קענען קוים האפען צו באשרייבען דאס באוואוסטזיין אהן זייער הילף, און מיר מוזען דערפאר אננעמען אט די הילף און בעת מעשה זיך פארזיכטיג היטען מען זאל זי ניט מיסברויכען. אייב מיר פרובירען דעפינירען וואס מיר פארשטעהען אונטער „שפירונג", דארפען מיר צום ערשט אנערקענען אז די שפירונגען אדער די שפירונג־עלעמענטען — וועלכע לויט דער קינעמאטאגראפישער באשרייב־מעטאדע זענען א גרויסער חלק פונ׳ם באוואוסטזיין — געהערען צו צוויי קלאסען: די קלארע און די טונקעלע. די קלארע שפירונג קען מען בלויז דעפינירען ווי דאס געפיהל וואס מיר האבען תמיד ווען א חוש ווערט סטימולירט. עס איז א פאקט פון געוויינליכער ערפארונג, וואס וויסענשאפטליכע עקספערימענטען האבען באשטעטיגט און דעטאל שטודירט, אז ווען מען ווענדט אן א באשטימטען פיזישען איינדרוק אויף א באשטימטען חוש, וועקט זיך אויף א געפיהל פון א באשטימטער קוואליטעט. מיר קענען איבערלעבען א סך אזעלכע פארשידענע שפירונגען אדער געפיהל־קוואליטעטען וואס ווערען באשטימט פון די סטימולירטע חושים; און מען קען איבערלעבען יעדע געפיהל־קוואליטעט אויף פארשידענע גראדען פון אינטענסיטעט, וועלכע בילדען א כסדר׳דיגע סעריע. ווען, למשל, ניט ווייט פון מיר קלינגט אפ א קאמערטאן פון א באשטימטער טאן־שטופע, קלאפען זיך אפ אין מיין אויער די לופט וועלען וואס זיין וויבראציע האט ארויסגערופען, און אויער סטימולירען זיי דעם הער־נערוו מיט׳ן רעזולטאט אז איך באקום א שפירונג פון א טאן פון א באשטימטער קוואליטעט; און אט די שפירונג אדער די געפיהל־קוואליטעט איז מעהר אדער ווייניגער אינטענסיוו לויט דער גרוים פון די לופט־וועלען וואס קלאפען זיך אפ אן מיין אויער, און די קוואליטעט איז אפהענגיג אן דער שנעלקייט מיט וועלכער די וויבראציעס פאלגען נאך איינס ס׳אנדערע.

די שפירענדיגע געפיהלען פונ׳ם צווייטען קלאס, די טונקעלע שפירונגען, אדער די „שפירענדיגע פארשטעלונגען" ווי מען רופט זיי איצט על פי רוב, קען מען נאר דעפינירען פונ׳ם שטאנדפונקט

# וויליאם מעקדוגעל

פונ׳ם פריהערדיגען קלאס פון קלארע שפירונגען. אויב איך טראכט פונ׳ם טאן, ווען דער קאמערטאן האט שוין אויפגעהערט צו וויברי־רען, לעב איך ווידער איבער די זעלביגע געפיהל־קוואליטעט, נאר כאטש דאס געפיהל האט די זעלביגע קוואליטעט ווי די קלארע שפירונג אונ־טערשיידט ער זיך פון דער לעצטער אויף אן אופן וואס מיר באצייכענען מיט׳ן ווארט „טונקעל״. דער חילוק צווישען דער קלארער שפירונג און דער פארשטעלונג, אדער דער טונקעלער שפירונג פון דער זעלביגער קוואליטעט, איז ניט פונ׳ם זעלביגען מין ווי צווישען אן אינטענסיווער און וויניגער אינטענסיווער שפירונג פון דער זעל־ביגער קוואליטעט; עס איז אן אונטערשיד גאר פון א באזונדערן און אייגענארטיגען סארט. איך לעב איבער אסך אנדערע שפירונג קוואר־ליטעטען, כאטש ניט אלע אין דער דאזיגער ספעציעלער פארם. און דאס זעלביגע זעהט אויס צו זיין אמת וועגען אלע אנדערע מענשען, כאטש געוויסע מענשען האבען על פי רוב פארשטעלונגען פון איין חוש אדער מעהר, און אנדערע — פון אנדערע חושים.

אן איינפלוסרייכע פסיכאלאגישע שול, די „שפירונג״ שול, האלט אז מען קען פולשטענדיג שילדערן דאס באוואוסטזיין פון א מענשען אין טערמינען פון אזעלכע שפירונגען און פארשטעלונגען. אבער אנ־דערע האלטען אז מיר דארפען אונטערשיידען געפיהלען פון גאר אן אנדערן סארט אדער מין. א טייל אנערקענען א קלאס א פ ע ק־ט י ו ו ע געפיהלען וואס ווערען פארגעשטעלט דורך פארגעניגען און וועהטאג. און בעת א טייל גיבען צו די געפיהל־קוואליטעטען פון אט דעם מין, אנערקענען אנדערע א גרויסע רייה אפעקטיווע געפיהלען. אנדערע ווידער אנערקענען א דריטען סארט אדער מין געפיהל־קוואלי־טעטען: די געפיהלען פון אנשטרענגונג און טעטיגקייט; און דא ווי־דער, בעת א טייל אנערקענען בלויז איין קוואליטעט פון דעם מין, אנערקענען אנדערע אסך אזעלכע געפיהלען, פון וועלכע יעדעס איז פון א באזונדערער און אומרעדוצירבארער קוואליטעט.

און אט די מעטאדע צו באטראכטען און באשרייבען דאס באוואוסטזיין איז נויטווענדיג פאר געוויסע צוועקען, ווען מיר שטודי־רען, למשל, די נערוועזע באדינגונגען פון די אלע קוואליטעטען און

שפיר־אינטענסיטעטען. אבער אלס רעזולטאט פון א גרינדליכען פאר־
זוך אזוי ארום צו באשרייבען אויספירליך דאס באוואוסטזיין, הייבט
מען אן על פי רוב צו אנערקענען אז אן אויספירליכע באשרייבונג אין
אזעלכע טערמינען איז אוממעגליך. ווייל וויכטיגער פון אלע שטריכען
וואס מען קען אינטראספעקטיוו באמערקען און באשרייבען אין אל־
געמיינע טערמינען ווי שפירונגען אדער אנדערע געפיהלען פון ספע־
ציעלער קוואליטעט, נעמט דאס באוואוסטזיין פון יעדען מאמענט אריין
עפעס דעליקאטעס וואס מיידט אוים יעדען פארזוך עס צו בא־
שרייבען אויף אזא'ן אופן. און אט דאס רעשטעל, וואס איז אזוי
דעליקאט און אויסמיידבאר איז פון דעסטוועגען די וויכטיגסטע טייל
פון באוואוסטזיין. עס איז דער תוך פון דער טעטיגקייט פון דעם
געדאנק. עס איז דער אנווייז פונ'ם באוואוסטזיין אויף א זאך, און
מען קען עס בלויז דעפינירען נאר דורך אנרופען די זאך פון וועלכער
דער מענש דענקט אינ'ם געגעבענעם מאמענט. אויב מיר ווילען עס
באשרייבען סטאטיש, קענען מיר עס בלויז טון זאגענדיג אז עס איז
דער זין וואס איז פאראנען אין באוואוסטזיין. אלע שפירענדיגע גע־
פיהלען זענען בלויז א מיטעל וואס באוועגט אט די געדאנק־טעטיג־
קייט און באשטימט איהר ריכטונג פון צייט צו צייט; זיי זענען די
אנרעגער פון געדאנק אדער דענקען.

מיר קענען צום בעסטען באגרייפען דעם אמת פון אט דער דער־
קלערונג בעת מיר טראכטען זיך אריין אין אזא סארט געשעהעניש:
ווען איך ליג טיף פארשלאפען, קלאפט עמיצער אין דער טיר פון מיין
שטוב און ער חזר'ט איבער זיין קלאפען נאך קורצע איבעררייסען.
און יעדער קלאפ ברענגט מיך א טריט נעהנטער צו פולער וואכדיג־
קייט. צוריקבליקענדיג אויף דער דאזיגער ערפארונג, ווייזט אוים אז
איך האב לכתחילה געהערט דעם קלאנג זעהר טונקעל און שוואך, דאס
לאזט זיך צום בעסטען באשרייבען, ווען איך זאג אז מיין באוואוסט־
זיין איז באשטאנען בלויז פון די שפירונגען פון קלאנג; אז ווען דער
קלאנג האט זיך איבערג'חזר'ט, האב איך ווידער דורכגעלעבט אז
ענליכע שפירונג, אבער א חוץ דעם, האב איך קוים־קוים באנומען דעם
קלאנג ווי אזעלכען, ווי עפעס פארהאנענס; אדער, מיט אנדערע ווער־

# ווילי‍אַם מעקדוגעל

טער, דער קלאַנג־איינדרוק איז שוין ניט מעהר געווען בלויז אַ שפּי־
רונג, נאָר האָט אויפגעוועקט אַ טונקעלען זין, אַן אַקט פון קאָגניציע
אָדער וויסען; אַז ווען דער קלאַפּ האָט זיך ווידער איבערגע׳חזר׳ט
האָט דער קלאַנג־איינדרוק אַרויסגערופען אַ רייכערן און באַשטימ־
טערן זין, די קאָגניטיווע אַקטיוויטעט איז געוואָרען פולער און ווירק־
זאַמער, און איך האָב דערקענט דעם קלאַנג ווי אַ קלאַפּ אין דער טיר.

מען קען ציטירען ענליכע ערפאַרונגען פון אַנדערע חושים צו
אילוסטרירען דעם זעלביגען פאַקט. איבערמישענדיג אַ בלאַט אין אַ
בוך קען איך אַנטרעפען אַ בילד וואָס קען אין פלוג אויסקוקען ווי אַן
אומקלאָרער קלעק פון קאָליר פלעקען. איך קוק אַלץ כסדר דערויף, און
דערנאָך דערקען איך אין די קאָליר פלעקען די טיילען פון אַ געוויסען
געגענשטאַנד אָדער אַ סצענע פון אַ באַקאַנטען טיפּ. דער חוש־איינ־
דרוק וואָס איז לכתחילה געווען ניט מעהר ווי אַ פעלד פון קאָלירען,
רופט שפּעטער אַרויס אַ באַשטימטען זין, אַ געדאַנק־טעטיגקייט אין
דער פאָרם פון דערקענען אַ גרופּע אָביעקטען אין באַשטימטע שייכות׳ן
צווישען זיך. אין אַזעלכע פאַלען ערשיינט דער זין וועלכען, ווי מיר
זאָגען, מיר לייגען אַריין אינ׳ם חוש־איינדרוק, ווי אַ באַרייכערונג
פונ׳ם באַוואוסטזיין ווייט אַריבער דער בלויזער עקזיסטענץ פונ׳ם
פעלד פון שפּירונגען.

אָבער מיר דאַרפען ניט אָנקומען צו אויסנעמליכע ערפאַרונגען צו
אילוסטרירען דעם דאָזיגען פאַקט. אין יעדער רגע פון מיין וואַכע־
דיגען לעבען, באַקומען מיינע חושים פיזישע איינדרוקען פון כל׳ע
מינים געגענשטאַנדען: ליכט־שטראַלען פון פאַרשידענע זאַכען קומען
אַריין אין מיין אויג, שאַפענדיג אָפּטישע פאָרשטעלונגען אויף מיין
רעטינע און סטימולירענדיג מיין אָפּטישען נערוו; קלאַנגען אַטאַקי־
רען מיין אויער פון אַלע זייטען; זאַכען רירען אָן מיין הויט און ריחות
ווירקען אויף מיין נאָז, און אַט די חוש־איינדרוקען ווירקען אויף מיין
באַוואוסטזיין אַרויסרופענדיג שפּירונגען. אָבער פון די אַלע זאַכען וואָס
רייצען אויף שפּירונגען אין יעדער רגע, איז מיר קלאָר אפשר בלויז
איינס, אָדער, אויב איך בין פאַרזונקען אין טיפערע געדאַנקען, ווייס
איך גאָר ניט פון זיי. ווען איך שענק מיין אויפמערקזאַמקייט איינס

פון די דאזיגע געגענשטאנדען, וועקען אויף די שפירונגען, וואס ווערען דורך איהם אויפגערייצט, א פראצעס פון גייסטיגער טעטיגקייט; זיי וועקען אויף א זין, און איך באנעם דעם געגענשטאנד ווי אזעלכען און אזעלכען. אלע איבעריגע שפירונגען וואס זענען פאראן אין באוואוסט־זיין בלייבען פארטונקעלט און אהן א זין, אדער כמעט אזוי; זיי, האלט מען, שטעלען צונויף דעם זוים פונ'ם באוואוסטזיין־פעלד, בעת דער געגענשטאנד וואס איז אויסדערוועהלט געווארען פאר אן אויפ־מערקזאמען אונטערזוך פארנעמט, האלט מען, דעם צענטער פון אט דעם פעלד.

די זוימיגע שפירונגען זענען עס טאקע די שווערסטע צו באַ־שרייבען מיט דער הילף פון יעדער מעטאדע א חוץ דער קינעמאטאַ־גראפישער. זיי שפילען בלי ספק א געוויסע קליינע ראלע באשטימענ־דיג דעם גאנג פון דער גייסטיגער טעטיגקייט, אבער זייער פונקציאַ־נעלער שייכות צו דער דאזיגער טעטיגקייט איז אזוי טונקעל, אז ער גליטשט זיך ארויס פון אונז, און מיר קענען זיי בלויז באשרייבען זאגענדיג, אז זיי האלטען זיך אויף ווי שפירונגען צונויפשטעלענדיג צוזאמען דעם דאזיגען זוים פונ'ם פעלד פון באוואוסטזיין. עס זעהט אויס צו זיין ריכטיג אז אלע חוש־איינדרוקען וואס אונזערע ארגאַ־נען נעמען אויף פארלאנגען אונזער אויפמערקזאמקייט. יעדער איינ־דרוק רייסט זיך מסתמא — און רייסט זיך אלץ שטארקער וואס אינ־טענסיווער ער איז — צו באשטימען די ריכטונג פון אונזער גייסטי־גער טעטיגקייט. נאר אויב אזוי קענען בלויז עטליכע, אין א געגעבע־נעם מאמענט, שפילען אזא סארט ווירקזאמע ראלע און אריינגענומען ווערען אינ'ם הויבט שטראם פונ'ם באוואוסטזיין.

דאס באוואוסטזיין פון יעדען מענשען נעמט אלזא אריין ניט בלויז די מעהר אדער ווייניגער קאמפליצירטע מאסע געפיהלען, נאר אויך אט די טעטיגקייט פון דעם געדאנק, וואס די קינעמאטאגראַ־פישע מעטאדע קען ניט באשרייבען. די פראפארציעס פון צוויי באַ־שטאנדטיילען פונ'ם באוואוסטזיין אונטערשיידען זיך פיעל. אין דער צייט פון אבסטראקטען דענקען קען זיך די געפיהל־מאסע זיין זעהר קליין, באשטעהענדיג פון בלויז עפעס מעהר ווי פון א רייה פאר־

# וויליאַם מעקדוגעל

שטעלונגען פון ווערטער, געהערטע אָדער געזעהענע, בעת א רייכער זין־שטראָם געהט דורך דורכ'ן באוואוסטזיין. פון דער אַנדע־רער זייט אָבער, ווען אונזער פסיכיק איז ניט אַקטיוו, ווען זי קומט צו א צושטאַנד פון שלאָף אָדער פולשטענדיגער צעמישטקייט. איז די טעטיגקייט פון דעם געדאַנק זעהר לייכט, בעת די געפיהל־מאַסע קען זיין זעהר גרויס. ווען איך האָב זיך נאָר וואָס אויפגע־כאַפּט פון טיפען חלומ'לאָזען שלאָף, קענען א סך שטאַרקע איינדרו־קען אַטאַקירען מיינע חושים, דאָס דערוועקט א קאָמפּליצירטע מאַסע געפיהלען פון הויכער אינטענסיטעט, דאָך קען איך פארבלייבען עט־ליכע מאָמענטען גייסטיג אומטעטיג. די קלאַנגען, אָדער בילדער, אָדער ריחות, אָדער באַרירונגען, וועלכע רייסען זיך צו מיר, האָבען פאר מיר קיין זין ניט, אָדער בלויז דעם שוואַכסטען זין. צו עס איז מעגליך אַז עמיצענס געדאַנק־טעטיגקייט זאָל אַרונטערזינקען ביז נול, בעת די געפיהלען האַלטען נאָך אָן, איז אַ טעאָרעטישע פראַגע אויף וועלכער עס זעהט אויס אוממעגליך צו געבען א באַשטימטען ענטפער; וואָ־רים אויב א מענש וואָלט געבראַכט געוואָרען צו אַזאַ צושטאַנד, וואָלט ער דאָך איהם ניט געקענט באַשרייבען אָדער געדענקען ווען ער קערט זיך אום צו אַן אקטיווערן אָדער אויפגעוועקטען צושטאַנד. דעם דאָזיגען היפּאָטעטישען גייסטיגען צושטאַנד רופט מען **א נ א ע־ט י ש ע ש פ י ר ל י כ ק י י ט** אָדער געדאַנקענלאָזען געפיהל. מיט דער מעגליכער אויסנאַהם פון אַזעלכע צושטאַנדען פון אַנאָעטי־שער שפּירליכקייט הייסט זיין באוואוסט צו זיין גייסטיג אקטיוו.

אַלזאָ צו רעדען וועגען באוואוסטזיין און פּרובירען באַשרייבען דאָס באוואוסטזיין ווי עפּעס וואָס עקזיסטירט און קען צעגלידערט ווערען אויף באַשטאַנדטיילען פון וועלכע יעדע עקזיסטירט, און פאר־לאָזען אָדער פארזעהן די גייסטיגע טעטיגקייט אָדער פונקציע, הייסט זעהר ערנסט צעדרעהען די פאקטען און באַנוצען א מעטאָדע וואָס קען ניט זיין אין גאַנצען ערפאָלגרייך. די דאָזיגע באַשרייב־מעטאָדע איז ניצליך פאַר געוויסע צוועקען, אבער ווען מיר ווילען אַריינדרינגען אינ'ם גייסטיגען פּראָצעס בכלל, וועט עס זיין פאר אונז בעסער נאָכצופאָל־גען א באַשרייב־מעטאָדע וואָס פארגעוואַלטיגט ווייניגער די פאקטען.

# פסיכאָלאָגיע

באטראכטען מיר דאָס באוואוסטזיין ווי אַ טעטיגקייט, קענען מיר ניט איגנארירען דעם פונדאמענטאַלען פאַקט אז  ע מ י צ ע ר איז ביי זיך באוואוסט, דעם פאַקט אז איך בין ביי זיך באוואוסט, אָדער אַז אַן אנדער אָרגאַניזם, מעהר אָדער וויינינגער ווי איך אַליין, איז ביי זיך באוואוסט, ד. ה. דאָס באוואוסטזיין עקזיסטירט ניט אין זיך אַליין, נאָר איז אַ טעטיגקייט פון עפּעס אַ באַשעפעניש וואָס איז — אין אַלע פאַלען פון וועלכע מיר האָבען פּאָזיטיווע ידיעות — אַ מאַטעריעל באַשעפעניש, און וואָס מיר קענען באַקוועם אַ נאָמען גע־בען  ס ו ב י ע ק ט.

אַ צווייטער פונדאמענטאַלער פאַקט איז אַז צו זיין ביי זיך באַ־וואוסט הייסט צו זיין באוואוסט וועגען עפּעס; אָט די זאַך ווערט ריכטיג אָנגערופען דער  אָ ב י ע ק ט  פון מיין באוואוסטזיין. צו זיין ביי זיך באוואוסט איז, אַלזאָ, די טעטיגקייט פון אַ סוביעקט אין שייכות צו אַן אָביעקט; און עס וועט זיין אַ גלייכע זאַך יוען מיר וועלען אויסקלייבען אַלס אונזער אַלגעמיינסטען טערמין צו באַשריי־בען די פאַקטען אַ צייטוואָרט און ניט קיין הויפּטוואָרט, ווי למשל באוואוסטזיין. דאָס בעסטע צייטוואָרט פאַר אָט דעם צוועק איז דאָס צייטוואָרט  ד ע נ ק ע ן.  דאָס וואָרט דענקען ווערט באַנוצט פון געוויסע שרייבער ווי עפּעס וואָס האָט בלויז צו טון מיט גייסטיגע פּראָצעסען פונ'ם העכערן אָדער אינטעלעקטועלערן סאָרט; אָבער מען קען עס גאַנץ גוט באַנוצען אינ'ם דאָזיגען ברייטערן זין, אין וועל־כען עס איז דער עקוויוואַלענט פונ'ם אומגעלומפּערטען  אויסדרוק  צ ו  ז י י ן  ב י י  ז י ך  ב אַ ו ו אוּ ס ט.

אַלזאָ, ווען עס איז נאָר דאָ גייסטיגע טעטיגקייט, הייסט עס אַז אַ געוויסער סוביעקט דענקט פון אַ געוויסען אָביעקט. דער אָביעקט קען זיין אַ מאַטעריעלע זאַך, אָדער אַ פיזישער פּראָצעס, אָדער אַ גייסטיגע טעטיגקייט, אָדער אַן אַבסטראַקטע אייגענשאַפט, ווי גוטס־קייט, אָדער געוויכט, אָדער היץ, אָדער יעדער אַנדערער אָביעקט וואָס מיר קענען אויסטיילען, אָדער אויף וועלכען מיר קענען ריכטען אונ־זער אויפמערקזאַמקייט און געשפּרעך. אינ'ם טיפּישען אַקט פון דענ־קען קענען מיר אויסטיילען דריי זייטען: דער סוביעקט קען דעם

אַביעקט אלס אַזעלכען און אַזעלכען ; דער אַביעקט ווירקט אויף דעם סוביעקט דורך פּארגעניגען אָדער וועהטאָג ; און דער סוביעקט שטרעבט צו שאַפען א געוויסע ענדערונג אין דעם אַביעקט אָדער אין זיין שייכות צו איהם. אין אַלגעמיין האַלט מען אַז יעדער גייסטיגער אַקט באַזיצט די דאָזיגע דריי זייטען, ד. ה. ער איז אין דער זעלביגער צייט עפּעס וואָס קען, וואָס איז באַווירקט און שטרעבט ; אָדער, אין טעכנישע טערמינען, אַ קאָגניציע, אַן אַפעקט (אָדער א געפיהל אין ענגערן זין פונ׳ם וואָרט) און אַ ק אָ נ אַ צ י ע*). למשל, קוקענדיג אויף א בלום באגרייף איך, ערשטענס. אָדער קאָגניזיר זי ווי אַ בלום פון א באשטימטער פאָרם און קאָליר, צווייטענס האָב איך פאַרגעניגען פון איהר, דריטענס, איך באַטראַכט זי נעהנטער כדי זי בעסער צו קענען.

דאָס זענען ניט קיין אָפּטיילבאַרע טיילען פונ׳ם דענק־פּראָצעס. דאָך מוזען מיר קוקען אויפ׳ן אַפעקט און אויף דעם שטרעבען ווי אַ פּועל יוצא פונ׳ם קענען, און אויפ׳ן כאַראַקטער פונ׳ם שטרעבען ווי עפּעס וואָס איז טיילווייז באַשטימט פונ׳ם אַפעקט ; אָבער פון דער אנדערער זייט רופט זיך דאָס שטרעבען אָפּ אויפ׳ן קענען, האַלט עס אויף און טרייבט עס ווייטער און פירט צו אַן ענדערונג אינ׳ם געפיהל. און אַזוי דרעהט זיך דער קרייז און דאָס דענקען דערגרייכט זיין נאַטירליכען ציל : דאָס פאַרגעניגען וואָס די לעצטע קאָגניציע ברענגט. לאָמיר דאָס ווידער אילוסטרירען מיט דער בלום. דער ערשטער אויפנעם פון איהר קאָליר גיט מיר פאַרגעניגען און סטימולירט מיך צו באַטראַכטען זי נעהנטער מיט׳ן מעהר אָדער ווייניגער קלאָרען צוועק צו אַנטדעקען איהר באַטאַנישע פּאָזיציע. די נעהנטערע באַטראַכטונג, וואָס האָט אין זינען דעם צוועק און ווערט פון איהם באַהערשט, ברענגט דערצו, אַז איך זאָל זי בעסער קענען ; און דער גאַנצער טעטיגקייט־קרייז דערגרייכט זיין נאַטירליכען סוף ווען איך האָב באַגריפען די באַ־

*) אויסגעדריקט אין דעם איינפאַכען לשון הייסט עס, אַז יעדער גייסטיגער אַקט קען אויסגעטיילט ווערען אין דריי מדרגות : 1) דערקענען ; 2) פיהלען ; 3) שטרעבען.

(אָנמערקונג פון דעם רעדאַקטאָר).

# פּסיכאָלאָגיע

זונדערע כאַראַקטער־שטריכען פון דער בלום און זי דערקענט ווי א סאָרט פון דעם אָדער יענעם מין אָדער גענוס. גייסטיגע טעטיגקייט אָדער דענקען האָט אַלזאָ א טענדענץ אַנצוגעהן אין קרייזען. יעדער קרייז פאַנגט זיך אָן מיט קענען, וואָס רופט אַרויס פיהלען און שטרע־בען. דאָס שטרעבען פירט צו א ניי קענען וואָס באַפרידיגט דאָס שטרע־בען, און אַזוי דערגרייכט דער קרייז זיין נאַטירליכען סוף אין א גע־פיהל פון באַפרידיגונג. אַננעמענדיג די דאָזיגע מעטאָדע צו באַשרייבען דעם גייסטיגען פּראָצעס קענען מיר האָפען אויסצומיידען די פעלשונג פון פאַקטען וואָס די קינעמאַטאָגראַפישע מעטאָדע זוכט אַזוי שטאַרק צו באַשאַפען; ספּעציעל וואָס זי פאַרלאָזט סיי דעם אָביעקט סיי דעם סוביעקט; וואָס זי „פאַרקערפּערט" די מדרגות פון גייסטיגער טע־טיגקייט און וואָס זי איגנאָרירט דעם, אין תוך גענומען, צוועקמעסי־גען כאַראַקטער פון'ם פּראָצעס. אויב מיר באַנוצען זיך מיט אָט דער מעטאָדע פאַר די צוועקען פון אַן אויספירליכער שילדערונג, וועלען מיר זי אָבער האַלטען לחלוטין אונטערטעניג צו דער אמת'ערער מע־טאָדע, בלייבענדיג אין גאַנצען באַוואוסט אויף ווי וויט זי צעדרעהט די פאַקטען. אויף אַזאַ'ן אופן קענען מיר האָפען צו קאָמבינירען די מעלות און אויסמיידען די חסרונות פון ביידע מעטאָדען.

מען קען אילוסטרירען ביידע מעטאָדען און די קאָמבינאַציע פון ביידען באַשרייבענדיג א שוואַכע ערינערונג פון א בלום וואָס איך האָב אַמאָל געזעהן ביי איין איינציגער געלעגענהייט. לויט דער פולשטענדי־גער קינעמאַטאָגראַפישער מעטאָדע וועט די באַשרייבונג זיין אַזוי: מיין אידעע פון דער בלום באַשטעהט פון וויזועלע פאָרשטעלונגען וואָס זענען שוואַכע פּראָדוקטען פון די שפּירונגען וועלכע האָבען צוזאַמענגע־שטעלט מיין פּערצעפּט פון איהר. די אמת'ערע מעטאָדע איז צו זאָ־גען: איך דענק וועגען דער בלום אין וויזועלע טערמינען, אָבער איך קען ניט טריי רעפּראָדוצירען אין זכרון די קאָלירען פון איהרע פאַרשי־דענע טיילען אַזוי ווי זיי זענען ערשינען פאַר מיר בעת איך האָב זיי אויפגענומען. די באַקוועמע קאָמבינירטע מעטאָדע איז צו זאָגען: איך דערמאָן זיך אָן דער בלום אין וויזועלע טערמינען, אָבער מיינע קאָליר־פאָרשטעלונגען גיבען ניט איבער געטריי די קאָליר־שפּירונגען.

# וויליאם מעקדוגעל

אויב יעדער גייסטיגער פראצעס איז גלייכצייטיג א קענען, אז
אפעקט און א שטרעבן, מוזן מיר אנערקענען אז געוויינליך באַ־
הערשט אונז די אדער יענע ריכטונג אזוי, אז מיר זענען גענייגט צו
רופן יעדן גייסטיגן פראצעס מיט דעם נאמען פון דער הערשענדי־
גער ריכטונג. מיר רעדן למשל וועגן אקטן פון פערצעפּציע, דער־
קענען, דערמאנען, רעזאנירען, בעת מיר זענען מעהר ווי אלץ קאגני־
טיוו ; וועגן עמאציאנעלע און געפיהל צושטאנדען — ווען אן עפעקט
באהערשט אונז ; וועגן ווילן, באשטימען, באשליסן, פארלאנגען—
ווען מיר זענען ביי זיך קלאר באוואוסט אז מיר שטרעבן צו א ציל.
דער דאזיגער אויסדרוק־אופן האט געפירט צום געוויינליכן טעות —
צו באטראכטן די ריכטונגען פון יעדן גייסטיגן פראצעס ווי צע־
נעמבארע פונקציעס, די געוויינליכסטע און וויכטיגסטע פארם פון דעם
טעות איז צו באטראכטן דעם אינטעלעקטועלן פראצעס אזוי ווי ער
וואלט געקאנט זיין בלויז קאגניטיוו אין גאנצן פריי פונ׳ם איינ־
פלוס פון די עמאציעס און דעם ווילן.

מיר געהען ווייטער און באמערקען אז, כאטש אנצואווייזן א
פאסיגע מעטאדע צו באשרייבן דאס באוואוסטזיין איז א וויכטיגע
און שווערע ארבייט וואס איז נאך ניט געענדיגט, איז אבער אזא באַ־
שרייבונג ניט מעהר ווי אן ערשטער שריט אינ׳ם שטודיום פון האנד־
לונג. בלויז א באשרייבונג פונ׳ם באוואוסטזיין פון א סוביעקט העלפט
נאך גאר ניט צו דערקלערן זיין האנדלונג. אמת, אין פיעל פאלען
קען אפילו א טיילווייזע באשרייבונג פונ׳ם באוואוסטזיין פונ׳ם מאָ־
מענט דערקלערן אין א גרויסער מאס א מענשענס האנדלונג ; אבער
דאס איז נאר א דאנק אונזערע ידיעות פון געוויסע געזעצן און
כללים פון דער פארבינדונג צווישן געוויסע באוואוסטזיין־
ארטן און געוויסע האנדלונג־ארטן וואס דאס לעבן האט אונז גע־
לערנט צו פארמולירן, כאטש אויף א רויהען און טונקעלן אופן.
ווען איך קום למשל צו א פריינד און געפין איהם געהענדיג היין און
צוריק איבער זיין שטוב, זשעסטיקולירענדיג ווילד און ברומענדיג
אהן א זין, קען איך פיהלען אז זיין האנדלונג איז מיר קלאר, לכל
הפחות טיילווייז אדער אומגעפער, ווען ער דערציילט מיר אז ער איז

# פסיכאָלאָגיע

פול מיט צאָרן, טרויער אָדער חרטה; ווייל פון מיינע אייגענע פאַר־
שידענע איבערלעבונגען, און וואָס האָב זיך אָנגעזעהען פון אַנדערע,
האָב איך געלערנט אַז יעדער פון די דאָזיגע געפיהלען ווערט באַגלייט
אָדער דריקט זיך אויס אין אַ באַזונדערער אַרט האַנדלונג. אַלזאָ איין
עובדא פון פּסיכאָלאָגיע איז ראַפינירען און אויסבעסערן אַט די עמ־
פּירישע גענעראַליזאַציעס אין וועלכע מיר אַלע פאָרמולירען מעהר
אָדער ווייניגער אָפען, די שייכות'ן אָדער דעם צוזאַמענהאַנג צווישען
האַנדלונג־אַרטען און אַרטען פון באַוואוסטזיין אָדער דענקען.

אָבער מיין פריינדס טענה אַז ער איז אין כעס, אָדער טרויעריג,
אָדער ער האָט חרטה, איז העכסטענס נאָר אַ טיילווייזע דערקלערונג
פון זיין האַנדלונג; איידער איך קען פיהלען אַז איך האָב אַ פּאַסיגע
דערקלערונג וויל איך וויסען וואָס האָט איהם דערצאָרנט, אָדער באַ־
טרויערט, אָדער אָנגעפילט מיט חרטה. לאָמיר נעמען אַ קאָמפּליציר־
טערן פאַל. מען דערציילט מיר, למשל, דעם בלויזען פאַקט אַז מיינער
אַ באַקאַנטער האָט דערשאָסען אַ מענשען. ניט קענענדיג אַבסאָלוט
פאַרשטעהן די דאָזיגע האַנדלונג געה איך אַריבער צו איהם און זוך
אַ דערקלערונג. טוענדיג דאָס פאַרלויף איך דעם וועג פון'ם ריכטער
און די געשוואָרענע; וואָרים ווען דער מאָרד ווערט געבראַכט פאַר
זיי, האָבען זיי די זעלביגע אַרבייט, אויפצודעקען די פּסיכאָלאָגישע
דערקלערונג פון דער האַנדלונג וואָס האָט זיך געענדיגט מיט מאָרד;
און צו זייער פּסק וועט זיין אַז ס'איז געווען אַ צופעליגער מאָרד,
אָדער אַ באַרעכטיגטער מאָרד, אָדער אַן אַבזיכטליכער און געמיינער
מאָרד, אָדער אַן אַבזיכטליכער מאָרד אונטער מילדערנדיגע אומ־
שטאַנדען, אָדער אַ מאָרד צוליב משוגענע איינבילדונגען, אָדער אַ
מאָרד בעת אַ פּאַראַקסיסטישען גייסטיגען אָנפאַל, — דאָס אַלץ וועט
זיין לויט דער טבע פון'ם פּסיכאָלאָגישען באַשלוס צו וועלכען זיי
וועלען קומען. און די באַהאַנדלונג פון'ם פאַרברעכער וועט באַשטימט
ווערען פון אַט דעם פּסיכאָלאָגישען פּסק. איך שטעל זיך אָפּ אויף
דער געזעצליכער זייט פון אונזער אויסגעטראַכטען פאַל, ווייל דאָס
וועט העלפען קלאָר מאַכען פאַר'ן לעזער אויף אַ קרעפטיגען אופן דעם
פאַקט — וואָס מען איגנאָרירט כסדר — אַז קיינער פון אונז קען זיך

# וויליאַם מעקדוגעל

ניט באַפרייען פון דער נויטווענדיגקייט צו אורטיילען פּסיכאָלאָגיש, און אַז אונזערע באַציהונגען צו דער וועלט ווערען אויף יעדען פּונקט באַשטימט פון אַזעלכע אורטיילען. אמת, מיר סטאַרען זיך צו פאַר־איינפאַכען, אַדער אין גאַנצען אויסצומיידען צו באַנוצען דעם פּסי־כאָלאָגישען אורטייל, אַנגעמענדיג און אַנווענדענדיג אַ רייהע מאָראַלע אמת׳ען אַדער כללים, ווי למשל: הרג׳ענען, גנב׳ענען, אַדער ליגען זאָגען, איז שלעכט, — מוחל זיין אויף אַ שאַדען, מילדערן אומגליק, אַדער אונטערדריקען כעס, איז גוט. אָבער בלויז די פאַרגרעבטסטע צווישען אונז קענען זיך באַפרידיגען מיט אַנווענדען אַט די מאָראַלע אַקסיאָמען אויף די מעשים פון אַנדערע, ניט אַריינגעהענדיג אין די מאָטיוון אַדער אין די גייסטיגע פּראָצעסען פון וואַנען זייערע מעשים פליסען ארויס. אָבער אַזוי שנעל ווי מען פרעגט זיך נאָך אויף מאָ־טיווען, טרעט מען אריין אין אַ פּסיכאָלאָגיש פּראָבלעם און עס פאָ־דערט זיך די גאַנצע הילף וואָס פּסיכאָלאָגיע קען געבען, פּונקט אַזוי זיכער ווי דער מענש וואָס נעמט זיך בויען אַ לופט־שיף טרעט אריין אין אַ מעכאַניש פּראָבלעם און דאַרף האָבען די גאַנצע הילף וואָס די וויסענשאַפט פון מעכאַניק קען געבען.

לאָמיר זיך אומקערען צו אונזער באַקאַנטען, דזשאַנסען, וואָס איז געווען אַזוי אומגליקליך, אַז ער האָט דער׳הרג׳עט אַ מענשען. סמיט. אויב מיר געפינען אויס אַז דזשאַנסען האָט דערשלאָגען זיין קרבן אין אַ ווילדער מינוט, ווייסען מיר אַז די טאַט איז ניט געווען צופעליג, נאָר, אין אַ געוויסען זין, מיט כונה. אבער איידער מיר קענען פאַרשטעהן אַדער ארויסגעבען אַ מאָראַלען פּסק איבער דער טאַט, דאַרפען מיר וויסען די באַדינגונגען וועלכע האָבען ארויסגע־רופען דעם ווילדען געפיהל. מיר קענען אויסגעפינען אַז סמיט איז געווען אַ צופעליגער פרעמדער וועלכער האָט, בעת אַ מחלוקת מיט דזשאַנסענען, איהם דערלאַנגט אַ קלאַפּ, אַדער באַנוצט זעהר אַ פּאַס־קודנע שפּראַך; אַדער אַז סמיט איז באַגאַנגען אַ מיאוס׳ע געוואַלט־טאַט אנטקעגען דעם טייערסטען אָביעקט פון דזשאַנסען׳ס ליבע; אַדער אַז סמיט האָט לאַנג זיך באַנוצט מיט אַ גינסטיגער לאַגע צו פייניגען און שאַטען דזשאַנסענען אין אַ גייסט פון האַרצלאָזער גרוי־

זאמקייט; אדער אז דזשאַנסעז איז, נאָך כסדר'דיגע דורכפאַלען אין פארשידענע אונטערנעמונגען, ביסלעכווייז געוואָרען אומעטיג, פאַר־דאכטיג, אָפּט האַסענדיג די טאַטען פון לחלוטין אומשולדיגע מענ־שען אויף וועמען ער האָט געגלויבט אז זיי קאָנספּירירען איהם שאַדען צו טון; אָדער אז דזשאַנסעז איז ווילד באַפאַלען סמיט'ן גלייך ווי ער איז אויפגעשטאַנען פון אן עפּילעפּטישען אָנפאַל, און ער שיינט גאָר ניט צו געדענקען וועגען דעם אינצידענט. אין לעצטען פאַל זעהען מיר איין אז די אינפאָרמאַציע גיט אונז די מעגליכקייט צו קלאַסיפי־צירען דעם אקט אין דער קאַטעגאָריע פון נאָך־עפּילעפּטישע פּאַראָק־סיזמען, וועגען וועלכע מען קען כמעט מעהר ניט זאָגען ווי אז אזעלכע פּאַראָקסיזמען פון וואוט פאָלגען נאָך, ווי מען האָט באמערקט, נאָך עפּילעפּטישע אָנפאַלען, און אז זיי ווייזען אָן אויף אַן ערנסטע אומ־אָרדענונג אין דער קאָנסטיטוציע פון'ם אָרגאַניזם. אין יעדען פון די אַנדערע פאַלען ווייזט זיך אַרויס אין אַלגעמיינע שטריכען די טבע פון'ם גאַנג פון דער פּסיכישער טעטיגקייט וואָס פירט צו דער טאַט. און די טאַט איז אויף אַזוי פיעל קלאָר. אָבער מיר באַגרייפען איהר בלויז צוליב דעם וואָס מיר האָבען אן אַלגעמיינע באַקאַנטשאַפט מיט דער מענשליכער נאַטור און מיט דעם אופן אויף וועלכען זי איז עלול זיך אָפּצורופען אונטער ספּעציעלע באַדינגונגען. יעדער צוג פון'ם פּסיכישען פּראָצעס און פון דער האַנדלונג וואָס האָט געפירט צו דער לעצטער קאַטאַסטראָפע, איז געווען אַן אָפּרוף פון דער מענשליכער נאַטור אונטער באַזונדערע אומשטאַנדען. אויב מיר קענען דזשאַנסע־נען ניט אינטים, קענען מיר אונזער דערקלערונג ווייטער ניט פי־רען; מיר מוזען זיך באַפרידיגען דערמיט וואָס מיר אַנערקענען אַז יעדער באַזונדערער אָפּרוף־אַרט אונטער די באַשריבענע אומשטאַנדען איז געווען אזא וואָס די מענשליכע קאָנסטיטוציע בכלל מאַכט מעג־ליך. אָבער אויב מיר קענען דזשאַנסענען אינטים, קענען מיר איינ־זעהן, אז ער האָט אזא טבע, וואָס אונטער די געגעבענע אומשטאַנדען, זענען די אַרויסגערופענע אַרט באַוואוסטזיין און די האַנדלונג געווען פּונקט דאָס אויף וואָס מען האָט זיך געמעגט ריכטען.

די דאָזיגע באַטראַכטונגען העלפען קלאָר מאַכען דעם אמת פון

## וויליאַם מעקדוגעל

דעם פאָלגענדען געדאַנק, דהיינו, אז פּסיכאָלאָגיע — די וויסענשאַפט פון האַנדלונג — קען זיך ניט באַגרעניצען בלויז מיט באַשרייבען פון געוויסע פּראָצעסען פון באַוואוסטזיין מיט געוויסע פאָרמען פון דאָס באַוואוסטזיין אזוי גענוי און אויספירליך ווי נאָר מעגליך, אויך ניט מיט פעסטשטעלען, ווי עמפּירישע כללים, דעם צוזאַמענפאַלען פון געוויסע פּראָצעסען פון באַוואוסטזיין מיט געוויסע פאָרמען פון טעטיגקייט אָדער האַנדלונג; נאָר אז זי דאַרף אויך זוכען צו דער־קלערען אי די פּראָצעסען פון באַוואוסטזיין אי די האַנדלונג־אַרטען וואָס זיינען מיט זיי פארבונדען, אלס א פּועל יוצא פון געוויסע דויער־ריגע באַדינגונגען וועלכע מיר רופען אַן צוזאַמען די קאָנסטי־טוציע פון דער פּסיכיק. אַט די קאָנסטיטוציע איז עפּעס וואָס מען קען ניט באַאָבאַכטען, מען קען זי בלויז אַרויסדרינ־גען מיט דעם געדאַנק. יעדער פון אונז קען בלויז באַאָבאַכטען זיין אייגען באַוואוסטזיין, זיין אייגענע האַנדלונג און די האַנדלונגען פון אנדערע באַשעפענישען; און ער קען באַקומען באַריכטען פון אנדערע מענשען וועגען זייער באַוואוסטזיין. פון אַט די פאַקטען דאַרף ער אויסמאָלען, דורך חריפות'דיגען אַרויסדרינגען, אַ בילד — אזוי ניצ־ליך ווי מעגליך — פון יענער פארבאָרגענער און אומגעוויינליך קאָמפּ־ליצירטער זאַך וואָס מיר רופען מענשליכע נאַטור, אָדער די צוזאַמענ־שטעלונג פון דער מענשליכער פּסיכיק.

איצט זענען מיר אימשטאַנד צו מאכען דעם ריכטיגען נוץ פונ'ם וואָרט „פּסיכיק". מיר קענען דעפינירען די פּסיכיק פון יעדען אָרגאַ־ניזם ווי די סומע פון די דויעריגע באַדינגונגען פון זיין צוועקמעסי־גער טעטיגקייט. און, כדי צו באַצייכענען אונזער אנערקענונג פונ'ם פאַקט אז אַט די באַדינגונגען זענען ניט בלויז קיין צוזאַמענפאַל, נאָר פיעל מעהר אַן אָרגאַניזירט סיסטעם פון וועלכען יעדער טייל האָט אַ פונקציאָנעלען שייכות צו די איבעריגע אויף אַ באַשטימטען אופן, וועט עס זיין ניצליך צו רעדען וועגען דעם „געבוי" פון דער פּסיכיק. אַט דער געבוי פון דער פּסיכיק איז עפּעס, כאָטש מיר קענען איהם ניט באַמערקען, וואָס דויערט איין משך פונ'ם לעבען פונ'ם יחיד, און אַלע גייסטיגע און קערפּערליכע פּראָצעסען זענען אויסדרוקען און אַנטפּלע־

# פּסיכאָלאָגיע

קונגען פון זיין טבע. פון די געוויינליכסטע באַאבאַכטונגען פונ'ם גאַנג
פון מענשליכע לעבענס קענען מיר מיט צוטרויען אַרויסדרינגען אַז
די סטרוקטור פון דער פּסיכיק אנטוויקעלט זיך ביסלעכוויז פון קינד־
וייז אָן, שטייגענדיג אין קאָמפּליצירטקייט און אָרגאַניזאַציאָנעלער
באַשטימטקייט ביז אַ געוויסער לעבענס־פּעריאָדע, און דערנאָך, אויב
דאָס לעבען ציהט זיך ווייטער, קומען פאָר געוויסע רעגרעסיווע ענדע־
רונגען. מיר קענען אויך מיט צוטרויען אַרויסדרינגען אַז דער גאַנג
פון איהר אנטוויקלונג ווערט באַהערשט פון צוויי זייטען: טיילוויז
פון דער אינערליכער טענדענץ זיך צו אנטוויקלען אין געוויסע ריכ־
טונגען וועלכע די עלטערן אָדער די ירושה פונ'ם מענשען באַשטימט.
און טיילוויז פון די איינפלוסען פון דער סביבה וואָס טרייבט אין
ווייט פארשידענע גראַדען די פארווירקליכונג פון די פארשידענע
גע'ירש'ענטע פּאָטענצען.

## דריטער קאפיטעל

# דער געבוי פון דער פסיכיק.

אין וואסערע טערמינען זאלען מיר שילדערן דעם געבוי פון דער פסיכיק? ווי זאלען מיר איהם באגרייפען? דאס איז א פונדאמענטאל-וויכטיגע פראגע אין פסיכאלאגיע. אבער קיין ענטפער אויף איהר איז נאך ניט אלגעמיין אנגענומען.

לאמיר ווארפען א בליק אויף עטליכע פון די הויפט־אופנים אויף וועלכע מען האט די דאזיגע פראגע באהאנדעלט. פארהאן אן אלט־פרענקישע מעטאדע צו שילדערן די פסיכיק ווי עפעס וואס באשטעהט פון א פעקעל פעהיגקייטען, און יעדע פסיכישע פונקציע וואס ווערט געוויינליך אויסגעטיילט און האט א נאמען, ווערט צוגעשריבען צו א פעהיגקייט מיט'ן אייגענעם נאמען; ווי למשל די פעהיגקייטען פון פערצעפציע, קאנצעפציע, פארשטעלונג, אורטיילען, רעזאנירען, ווילען און די פעהיגקייט פון זכרון וואס האט א שייכות צו אט די אלע אויף עפעס זעהר אן אומקלארען אופן. אט די טעאריע איז זעהר וויכטיג, ווייל איהר קלארע איינפאכקייט האט אפעלירט צום דורכשניטליכען מח, און זי איז נאך אלץ דער אינוויינינסטער באזיס פון א גרויסען טייל פון דער איצטיגער טעאריע און פראקטיק פון ערציהונג. מען פארגיט אונזערע שול-קינדער געאמעטריע כדי צו אנטוויקלען די פעהיגקייט פון רעזאנירען; לערנען אויף אויסווייניג פאעזיע און דראמען כדי צו אנטוויקלען די פעהיגקייט פון זכרון; שרייבען לאטיינישע פערזען צו אנטוויקלען די פעהיגקייט פון געשמאק; און אזוי כסדר. און כאטש מען האלט שוין לאנג די „פעהיגקייט פסיכאלאגיע" פאר ארויס פון דער מאדע, האט מען ערשט אין די לעצטע יארען ערנסט און ווירקזאם געשטעלט אין ספק די ניצליכקייט פון איהרע פראקטישע אנווענדונגען.

# פסיכאָלאָגיע

נאָך אַ מעטאָדע צו שילדערן די פסיכישע סטרוקטור איז געווען שטאַרק פאַרשפּרייט. זי איז געשאַפען געוואָרען אין פאַרבינדונג מיט דער מעטאָדע צו שילדערן פּסיכישע טעטיגקייט ווי אַ קייט פון אידעען, מען האָט געהאַלטען אַז יעדע אידעע קען עקזיסטירען אין צוויי באַדינגונגען אָדער פאָרמען. פון איין זייט, קען זי זיין אַ באַוואוסט־זיניגע אידעע, אָדער עקזיסטירען אין באַוואוסטזיין; וועגען דעם באַוואוסטזיין האָט מען גערעדט ווי אַן אילומינירטע שטוב, וואו אידעען געהען כסדר אריין זיך אַנצוצינדען און זיין אַקטיוו אויף אַ קורצער צייט; פון דער אַנדערער זייט, קען זי עקזיסטירען ווי אַן אומבאַוואוסטזיניגע אידעע אינ'ם זכרון, אַ מין שאול תחתיה אָדער אַ טונקעלע אונטערוועלט וואוהין יעדע אידעע אָדער איהר גייסט קומט צוריק נאָך אַ קורצער פאַרווייִלונג אין ליכט פונ'ם באַוואוסטזיין; דאָרטען וואַרט זי זיך אַנצוכאַפּען אַן אַ פּאַסיגער געלעגענהייט ווידער אַריינצוטרעטען אין ליכט און לעבען. אין דער אונטערוועלט פאַרבלייבען די אידעען צוזאַמענגעקייטעלט אין קאָמפּליצירטע גרופּירונגען. די גאַנצע מחנה אידעען, צוזאַמענגעקייטעלט אין דער טונקעלקייט פונ'ם זכרון, שטעלט צונויף דעם געבוי פון דער פּסיכיק; און פּסיכישע אַקטיוויטעט באַשטעהט דערין וואָס יעדע אידעע שלעפּט אַריין אינ'ם ליכט די אידעען וואָס זענען געקייטעלט אָדער פאַרבונדען מיט איהר.

נאָך אַן אופן פאַרצושטעלען דאָס וואָס מיר האָבען אָנגערופען דער פּסיכישער געבוי, איז צו אידענטיפיצירען איהם מיט'ן געבוי פונ'ם נערוועז סיסטעם. אָט די מעטאָדע איז געוויינליך אָנגענומען געוואָרען פון יענע וואָס נעמען אַן בוכשטעבליך די באַשרייבונג פון באַוואוסטזיין ווי אַ קופּע שפּירונגען. זיי האַלטען, אַז יעדע שפּירונג איז צוגעטשעפּעט צו אַ געוויסען פונקציאָנעלען עלעמענט אין נערוועז־סיסטעם אָדער געהירן. אָט די געהירן־עלעמענטען, האַלטען זיי, זענען צוזאַמענגעבונדען און פאָרמירען אַ געוואַלטיג קאָמפּליצירטע מאַשין. פיזישע איינדרוקען, אָנקומענדיג אין טיילען פון דער מאַשין, באַפרייען דאָרט שטראָמען פון ענערגיע, וואָס לויפען אַהין און אַהער אין איינקלאַנג מיט די פאַרבינדונגען פון די טיילען, און געפי־

# וויליאַם מעקדוגעל

נענדיג אן אויסוועג אין די מאַטאַרע נערוועז וואָס טרייבען אן די מוסקולען, — אַט די פיזישע איינדרוקען ברענגען אַרויס אַלע קער־פערליכע באוועגונגען וואָס שטעלען צוזאמען האַנדלונג. און אַ געוויסער טייל פון די געהירן־עלעמענטען, ווען זיי ווערען אנגערעגט צו שפּילען זייערע ראָלעס ווי רעדעלעך פון'ם מעכאַניזם, ווי שרייפלעך פון דער מאַשין, גיבען צופעליג אַרויס שפּירונגען פון פאַרשידענע קוואַליטע־טען, וועמעס כסדר'דיגע צוזאַמענטרעפונגען שטעלען צונויף דעם שטראָם פון באוואוסטזיין. אזא מין מיינונג איז זעהר ווייט פאַר־שפּרייט, און טויזענטער פאַרנומענע פאַרשער — וועלכע זייענדיג באַ־ווירקט פון'ם גלויבען אין איהר אמת, קערען זיך אָפּ פון פּסיכאָלאָגיע ווי פון אַ מיסטישער לערע, אויף איין שטאַפּעל מיט אסטראָלאָגיע אָדער אַלכעמיע — גיבען אָפּ זייערע לעבענס אויף דעטאַל אויסצופאָרשען דעם געבוי פון'ם געהירן מיט מעסער און מיקראָסקאָפּ און אויף כל'ע מינים אָריגינעלע און אויסגעפיינטע אונטערזוכונגס־מעטאָדען, זייענ־דיג איבערצייגט אז דערין ליגט דער סוד פון דער מענשליכער נאַטור.

מיר האָבען שוין צוגעגעבען די מעגליכקייט אַז דער דאַזיגער בליק און די דאָזיגע מעטאָדע קענען סוף כל סוף זיין ריכטיג; עס זענען אָבער דאָ דריי גוטע אורזאכען פאַרוואָס מיר זאָלען זיי ניט אָננעמען אינ'ם איצטיגען צושטאַנד פון דער וויסענשאַפט. ערש־טענס, האָבען מיר ניט קיין גאַראַנטיע פאַר דער השערה אַז די מעכאַ־נישע פּראָצעסען פון מאַטעריעלע געבויען, ווי קאָמפּליצירט זיי זאָלען ניט זיין, קענען ערשיינען אין באוועגונגען וואָס האָבען די כאַראַקטער־שטריכען פון האַנדלונג. צווייטענס, האָבען מיר ניט קיין גאַראַנטיע צו גלויבען אַז אַזעלכע פּראָצעסען קענען פון זיך אַליין אַרויסברענגען וועלכע ניט איז שפּירונגען אָדער געפיהלען, אָדער קענען אין וואָסער ניט איז זין אידענטיפיצירט ווערען מיט די פּראָצעסען פון באוואוסט־זיין. דריטענס, אויב מיר וואָלטען אָנגענומען דעם דאָזיגען בליק וואָל־טען מיר זיך געבונדען אוועקשטעלענדיג פעסטע גרענעצען וואו אונ־זערע געדאַנקען וואָלטען זיך געמוזט באוועגען בעת מיר וואָלטען גע־נומען אויפצושטעלען אונזער באַגריף וועגען דער פּסיכישער סטרוק־טור. נאַטירליך, אויב אַט דער בליק וואָלט געווען גוט באַגרינדעט,

# פסיכאָלאָגיע

וואָלט די באַגרענעצונג פאַר׳ן גאַנג פון וויסענשאַפטליכער ספּעקולאַ־ציע געווען אַ גרויסע מעלה. אבער אזוי לאַנג ווי דאָס גאַנצע פּראָבלעם איז טונקעל, דאַרפען מיר אויסמיידען אַנצונעמען אזעלכע גרענעצען; וואָרים עס קען דאָך זיין אַז דער דאָזיגער געבוי לאָזט זיך גאָר ניט ריכטיג באשרייבען אין אויסדרוקען פון דער רוימליכער פאַנאַנדער־טיילונג פון וואָסערע ניט איז עלעמענטען.

דאָ איז נויטיג צו וואָרענען אנטקעגען דער טענדענץ, וואָס איז אזוי נאַטירליך פאַר׳ן רוב מענשען, צו דענקען וועגען יעדען געבוי לויט׳ן מוסטער פון מאַטעריעלע געבויען; דאָס הייסט, אַז ער באַ־שטעהט פון איינאָרדענונג פון פאַרבונדענע טיילען אין אַ געגעבענעם פּלאַץ. מיר דוכט, אַז ס׳איז ווערט אַנצואווייזען, אַז די געוויינליכע שפּראַך איז מסכים צו באַנוצען דאָס וואָרט „געבוי" צו באַשרייבען סיסטעמען וואָס האָבען גאַרניט פון אַט דעם מין. מיר רעדען וועגען דעם געבוי פון אַ מעשה, פון אַ פּיעסע, אָדער פון אַ מוזיקאַלישען שטיק, מיינענדיג דערביי, אַז ווען מיר באַטראַכטען דאָס גאַנצע, זעה־ען מיר, אַז עס באַשטעהט פון טיילען, און יעדער טייל האָט אַ שייכות צום גאַנצען און צו אַלע איבעריגע טיילען אויף אַן אופן וואָס איז וויכטיג פאַר׳ן גאַנצען אָדער העלפט צו באַשטימען די כאַראַקטעריס־טיק פון זיין נאַטור. איז אַט דעם זין — פון עפּעס גאַנצעס וואָס באַשטעהט פון סיסטעמאַטישע שייכות׳דיגע טיילען — רעדען מיר וועגען דעם געבוי פון דער פּסיכיק. מיר דאַרפען אבער ניט אַננעמען אַז די סטרוקטור פון אַ פּיעסע אָדער פון אַ סאָנאַטע גיט אַ פּולקאָמען פאַרגלייך פאַר דער פּסיכישער סטרוקטור, כאָטש אַזאַ פאַרגלייך איז נעהנטער ווי אַ פאַרגלייך מיט׳ן געבוי פון אַ לאָקאָמאָטיוו.

מיר דאַרפען אַלזאָ אויפשטעלען אונזער באַגריף פון׳ם געבוי פון דער פּסיכיק דורך אַ פאַרפּלאָנטערטען פּראָצעס פון׳ם שאַפענדיגען דמיון, אַרויסדרינגענדיג זיין טבע פון אונזער באָאָבאַכטונג און פון זיינע דורכגעפירטע אַרבייטען וועלכע אַנטפּלעקען זיך פאַר אונז בלויז טיילווייז, דורך אַריינקוקען אין זיך אַליין (אינטראָספּעקציע) און אין דער האַנדלונג פון לעבעדיגע באַשעפענישען.

דריי פון די טראַדיציאָנעלע מעטאָדען צו באַשרייבען די פּסיכי־

# ווילִיאַם מעקדוגעל

שע סטרוקטור האָבען מיר צוריקגעוויזען אַלס ניט צופרידענשטעליג. אָבער צוריקווייזענדיג זיי דאַרפען מיר זיך סטאַרען זיך אָנצו־האַלטען אַן יעדען פּיצעל אמת וואָס זיי האָבען אויפגעדעקט. עס איז דאָך זעהר אוּמוואַרשיינליך, אַז מעטאָדען, וואָס פיעלע פעהיגע מענ־שען האָבען אָנגענומען און באַנוצט זאָלען אין גאַנצען זיין אומפּרוכט־באַר, און דער בעסטער וועג צו קומען צו א בעסערער מעטאָדע איז צו פּרובירען אויסהיילען די פעלערן פון די טראַדיציאָנעלע מעטאָדען קאָמבינירענדיג זייערע פאַרדינסטפולע כאַראַקטער־שטריכען.

די בעסטע פון די אַלטע מעטאָדען איז זיכער געווען די וואָס זאָגט אַז דער פּסיכישער פּראָצעס באַשטעהט פון א קייט פון אידעען. און דער געבוי פון דער פּסיכיק באַשטעהט פון'ם סיסטעם פון פאַר־באַרגענע אידעען. די פאַרשטעהער פון דער דאָזיגער מעטאָדע האָבען אין אַלגעמיין גע'טענה'ט, אַז זי האָט דאָס גרויסע פאַרדינסט וואָס זי גיט אונז די מעגליכקייט צו פאַרוואַרפען דעם באַגריף פון פעהיגקיי־טען; אבער איינע פון איהרע שוואַכקייטען ווייזט זיך אַרויס אינ'ם פאַקט וואָס א סך פון די וועלכע האָבען פּרובירט מיט איהר צו אַר־בייטען, האָבען זי ביז אַ געוויסער מאָס קאָמבינירט מיט דער מעטאָדע פון פעהיגקייטען. זיי האָבען געזאָגט אַז די פּסיכיק איבט אויס איהר פעהיגקייט אויף איהרע אידעען אָדער איבער איהרע אידעען, ס'הייסט פאַרגלייכענדיג זיי, אַרויסרופענדיג זיי, קאָמבינירענדיג אָדער אונ־טערשיידענדיג זיי, האַלטענדיג פעסט אָדער צוריקווייזענדיג זיי, אָדער אויף אַן אַנדער אופן רעאַגירענדיג אָדער ווירקענדיג אויף זיי. די דאָזיגע טענדענץ שטאַמט אָפּ פון דער נאַטירליכער אוממעגליכקייט פאַרצושטעלען גייסטיגע פּראָצעסען מיט דער קינעמאַטאָגראַפישער מעטאָדע און פון איגנאָרירען די טעטיגקייט פון א סוביעקט. אין דער אמת'ן קענען מיר ניט פּטור ווערען פון'ם באַגריף פון א סוביעקט אוועקשטעלענדיג אויף זיין אָרט אַ זאַמלונג אָדער אַ סיסטעם פון אי־דעען; דער סוביעקט איז לכל הפּחות דאָס וואָס געניסט פון די אי־דעען און האַלט זיי צוזאַמען בילדענדיג איין פּסיכיק. וואָרים אויב מיר אנערקענען אידעען בכלל, מוזען מיר אויך אנערקענען אַז אידעען וואָס מען באַטראַכט ווי זאַכען, זענען ניט צעשפּרייט איבער דער

וועלט ווי פּרייע און אָפּגעזונדערטע וועזענס. נאָר אַז זיי זענען איינ־
געפּאַסט אין סיסטעמען, וואָס יעדעס פון זיי שטעלט צונויף אַ פּסיכיק.

מיר האָבען שוין מסכים געווען מיט דער שילדערונג־מעטאָדע פון
פּסיכישע פּראָצעסען וואָס באַשטעהט אין פאַרשטעלען זיי ווי די טע־
טיגקייט פון אַ סוביעקט; אָבער אַנשטאָט צו זאָגען אַז דער סוביעקט
איבט אויס די דאָזיגע טעטיגקייטען אויף אידעען, האָבען מיר באַ־
שלאָסען צו זאָגען, אַז דער סוביעקט, אָדער (ווי מיר קענען איצט זאָ־
גען אויב דער אויסדרוק געפעלט אונז מעהר) די פּסיכיק דענקט וועגען
די אָביעקטען אויף די דאָזיגע פאַרשידענע אופנים. היינט אויב מיר
אַנערקענען אַ סוביעקט, מוזען מיר מודה זיין אַז ער באַזיצט געוויסע
פעהיגקייטען, ווארים אַ סוביעקט אָהן פעהיגקייטען וואָלט דאָך גע־
ווען אַ נול. און אונטער אַ „פעהיגקייט" פאַרשטעהען מיר די מעג־
ליכקייט פאַר אַן ענדליכע, אָדער אומאַנאַליזירבארע אַרט דענקען,
ד. ה. די מעגליכקייט צו זיין ביי זיך באַוואוסט וועגען אָביעקטען;
די מעגליכקייט וואָס מיר מוזען אָננעמען ווי אַ פאַקט, און וועלכע מיר
קענען ניט האָפען צו דערקלערען ווי אַ פאַראייניגונג פון פונדאַמענ־
טאַלערע מעגליכקייטען. אין אַט דעם זין מוזען מיר זיך מודה זיין, אַז
ווי כ ע ן, פ י ה ל ע ן און ש ט ר ע ב ע ן זענען פעהיגקייטען
פון דער פּסיכיק; און בנוגע יעדער פון זיי דאַרפען מיר אויפהייבען
די פראַגע: איז עס אַן איינציגע פעהיגקייט, אָדער איז עס אַ קלאַס
פעהיגקייטען פון דער זעלביגער נאַטור? מיר דוכט, אַז ס'איז נויטיג
אָנצונעמען דעם צווייטען בליק. מיר דוכט, אַז ס'זענען דאָ צוויי ענד־
ליכע סאָרטען שטרעבונגען, דהיינו, רייסען זיך צו עפּעס אָדער אַוועק
פון עפּעס, אָדער לוסט און ווידערווילען. געפיהל אָדער אַפעקט שיינען
אויך צו זיין, לכל הפּחות, פון צוויי סאָרטען: אָנגענעמע און אומאַנ־
גענעמע געפיהלען, אָדער צופרידענהייט און אומצופרידענהייט. עס זע־
נען, שיינט מיר, אויך דאָ גוטע אורזאַכען צו אַנערקענען אַ געפיהל
פון אויפרעגונג און אַ געפיהל פון געדריקטקייט, וואָס זיינען ענדליך
און אומרעדוצירבאַר, און זיינען על כן פעהיגקייטען פונ'ם סוביעקט.
עס איז שווער איינצוזעהן ווי אַזוי מיר קענען אָפּלייקענען די גרויסע
פאַרשידענקייט פון געפיהל־פעהיגקייטען. אונזערע געפיהלען (עמאָ־

ציעס) זענען אומענדליך פֿאַרשידענע; אָבער דאָס רוב פֿון זיי קען מען, דאַכט זיך, אַנאַליזירען און אָוועקשטעלען ווי אַ קאָמבינאַציע פֿון אַ קליינער צאָל אורשפּרינגליכע עמאָציעס; יעדע פֿון די לעצטע שיינט צו זיין אַ סאָרט געפֿיהל וואָס מען קען ווייטער ניט אַנאַליזירען. און איז, הייסט עס, אַן עלעמענטאַרע אָרט פֿון באוואוסטזיניג זיין, וואָס שליסט איין אַן אַנטשפּרעכענדיגע פֿעהיגקייט. אָבער דאָס איז זעהר אַ שווערע פֿראַגע, אין באַצוג צו וועלכער מיר דאַרפֿען זיך האַלטען אַהן פּניות.

איצט קומען מיר צו דער פֿראַגע: אין וויסען די טעטיג־קייט פֿון אַ באַזונדערער פֿעהיגקייט? זוכענדיג צו פֿאַרענטפֿערן די דאָזיגע פֿראַגע דאַרפֿען מיר אָפּהיטען די פֿאָלגענדע פּרינציפּען: ניט אַלץ וואָס מען קען אין אונזער דענקען שילדערן אין טערמינען פֿון אַן אָביעקט שליסט איין די עקזיסטענץ פֿון אַ פֿעהיגקייט; בלויז אַזאַ'ן אָרט דענקען וועגען אַן אָביעקט וואָס איז עלעמענטאַר און קען ווייטער ניט רעדוצירט ווערען, שליסט איין אַ פֿעהיגקייט; אַ פֿעהיגקייט קען ווירקען אויף אָביעקטען פֿון יעדען סאָרט. עס זעהט אויס אַז מיר קענען ניט זיין צופֿרידען אַנצוערקענען בלויז איין אָרט וויסען: דאָס איינפֿאַכע באַגרייפֿען אָדער באוואוסטזיין איבער געגענ־שטאַנדען. וואָרים אַ חוץ פּשוט'ען דענקען אָדער באוואוסטזיין אי־בער אָביעקטען, באַשטעטיגען מיר די אָביעקטען אָדער מיר לייקענען זיי אָפּ; און די דאָזיגע שיינען צו זיין עלעמענטאַרע אָרטען פֿון וויסען אָדער דענקען (אָדער צוויי מינים פֿון איין עלעמענטאַרער אָרט). אַלזאָ דאָס באַשטעטיגען און דאָס אָפּלייקענען שיינען צו זיין איינגעוואָר־צעלט אין אַ ספּעציעלער פֿעהיגקייט (אָדער אין ספּעציעלע פֿעהיגקיי־טען) און אַלע פּראָצעסען פֿון אורטיילען און רעזאָנירען שיינען צו זיין מאָמענטען אין דער טעטיגקייט פֿון דער דאָזיגער פֿעהיגקייט.

עס איז שווער אָפּצולייקענען אַז דאָס פֿאַרגלייכען איז די טעט־טיגקייט פֿון אַ באַזונדערער פֿעהיגקייט; עס איז אָבער אַ ספק צו מיר דאַרפֿען אַנערקענען אַנדערע אויך; וואָרים יעדע אָרט דענקען, אַ חוץ די שוין דערמאָנטע, קען אפשר דערקלערט ווערען דורך דער פֿאַראיי־ניגטער טעטיגקייט פֿון די פֿריהער־אויסגערעכנטע פֿעהיגקייטען.

למשל, צו אנערקענען אָדער צו געדענקען, הייסט צו דענקען וועגען דעם זעלביגען געגענשטאַנד נאָכאַמאָל, און צו אורטיילען אָדער באַשטע־טיגען אז ער איז דער אייגענער געגענשטאַנד וועגען וועלכען מיר האָבען פריהער געדענקט. אויפצונעמען אַ געגענשטאַנד (אין שטרענ־גען זין), הייסט צו דענקען אז ער איז אָט אַ דאָ; אָבער דאָס וואָס אונטערשיידט *דאָס אויפנעמען פון דעם פאָרשטעלען זיך*, (דאָס הייסט פון אַ געגענשטאַנד וואָס איז איצט דאָ ניטאָ), קען מען, דוכט זיך, פאָרשטעלען ווי אַן אונטערשיד צווי־שען די געגענשטאַנדען איןביידע פאַלען. דאָס אייגענע איז אמת בנוגע דעם אונטערשיד צווישען דעם וואָס מען רופט אַן אבסטראַקטע אי־דעע, אָדער אַן אַלגעמיינע אידעע, און א באַשטימטער אידעע. די ערשטע איז דער געדאַנק וועגען אַן אַבסטראַקטען אָביעקט; די צווייִ־טע — דער געדאַנק וועגען א קלאַס זאַכען; די דריטע — דער גע־דאַנק וועגען א באַשטימטער זאַך. מען קען אויך פרעגען: שליסט איין דאָס דענקען וועגען פלאַץ און אויסשפרייטונג אַ פעהיגקייט פון בילדען דעם באַגריף פון פלאַץ, (רוימליכע אינטואיציע), ווי עטליכע האַלטען? אויף דעם קען מען ענטפערן: פלאַץ און אויסשפרייטונג און פאָזיציע זענען אָביעקטען, אָדער אַטריבוטען פון אָביעקטען פיעל מעהר איידער דענק־אַרטען. און אויב מען פרעגט דאָס זעלביגע בנוגע צייט און דויער, דאַרף מען געבען דעם זעלביגען ענטפער. דויער איז אַן אַטריבוט פון אָביעקטען, ניט קיין דענק־אַרט.

אַזוי פיעל אמת דאַרפען מיר אנערקענען אין דער מעטאָדע אָדער טעאָריע פון פעהיגקייטען, און אַריבערנעמען איהם פון איהר. ווי האַל־טען מיר אָבער מיט דער אידעען־מעטאָדע? דעם פאַקט וועלכען מען האָט, לויט דער אידעען־מעטאָדע, גערופען די עקזיסטענץ פון אַן אי־דעע פון אַ געוויסען אָביעקט און באַוואוסטזיין, וועלען מיר ריכטי־גער באַשרייבען זאָגענדיג, אַז דער סוביעקט דענקט וועגען דעם אָביעקט. ווי אָבער זאָלען מיר באַשרייבען דאָס וואָס מען האָט לויט יענער מע־טאָדע, גערופען די עקזיסטענץ פון אַן אידעע אין אַ פאַרבאָרגענעם צושטאַנד אינ'ם שפייכלער פון זכרון? איצט קענען מיר ארויסדרינגען פון א מאסע פאקטען אז די מעגליכקייט פון יעדען סוביעקט צו דענ־

# וויליאַם מעקדוגעל

קען אויף יעדען אופן וועגען יעדען געגעבענעם אביעקט שליסט אייז
אַן אַנטשפּרעכענדיגע באשטימטע אנטוויקלונג אינ׳ם געבוי פון זיין
פּסיכיק. יעדער מענש קען דענקען נאָר וועגען יענע זאכען וועגען וועל־
כע ער האָט זיך אויסגעלערנט צו דענקען; און זיין לערנען צו דענ־
קען וועגען א געגענשטאַנד איז א פּראָצעס פון א ביסלעכווייזער אנט־
וויקלונג פון דער מעגליכקייט א דאנק כסדר׳דיגע אָנשטרענגונגען צו
דענקען פּינקטליכער וועגען דעם געגענשטאַנד, און דאָס וואָס האלט
זיך אויף צווישען די כסדר׳דיגע דענק-אקטען בנוגע דעם דאָזיגען גע־
גענשטאַנד איז די מעגליכקייט צו דענקען וועגען איהם נאָכאַמאָל. אָט
די מעגליכקייט שטעלט פאָר די אידעען-מעטאָדע ווי דעם אויפהאַלט
פון אָ אידעע אין זכרון. אָבער די דאָזיגע מעגליכקייט איז ניט, ווי
די פעהיגקייט צו דענקען, אַן אַלגעמיינע דענק-פעהיגקייט, נאָר א מעג־
ליכקייט צו דענקען פון א ספּעציעלען געגענשטאַנד. אַלזאָ אינ׳ם גע־
בוי פון יעדער פּסיכיק איז פאַרהאַן עפּעס וואָס האלט זיך אויף ווי
דער באָדען פון דער דענק-מעגליכקייט פון יעדען באזונדערן געגענ־
שטאַנד וועגען וועלכען די פּסיכיק קען דענקען. פאַר דעם דאַרפען מיר
א נייטראַלען אומפּאַרטייאישען נאָמען. מיר האָבען באשלאָסען ניט
צו רופען עס אַן אומבאוואוסטזיניגע אָדער פאַרבאָרגענע אידעע. דער
בעסטער אויסדרוק דאָס צו באשרייבען וועט אפשר זיין אַ פּ ס י כ י־
ש ע נ י י ג ו נ ג, ווייל עס איז דאָס וואָס מאכט די פּסיכיק גע־
נייגט אָדער פעהיג צו דענקען אָדער אויסצואיבען איהרע פעהיגקיי־
טען — קאָגניטיווע, אפעקטיווע און קאָנאַטיווע — אויף אַן אַנטשפּרע־
כענדיגען אָביעקט.

יעדע אנטוויקעלטע פּסיכיק נעמט אריין אַ גרויסע צאָל אַזעלכע
נייגונגען. מיר קענען זיך פּרובירען פאָרשטעלען א פולשטענדיג אומ־
אנטוויקעלטע פּסיכיק באשטעהענדיג פון פעהיגקייטען אָהן נייגונגען;
דאָס וועט זיין א מענש וואָס דאַרף נאָך לערנען אַלצדינג. אבער אַלע
מענשען וועגען וועלכע מיר ווייסען עפּעס באַזיצען געוויסע נייגונגען,
און די פּסיכיק פון יעדען נאָרמאַלען דערוואַקסענעם מענשען פאַרמאָגט
אַ גרויסע צאָל. א מענשענס פּסיכיק איז, אין דער אמת׳ן, אַ קליין
וועלטעלע וואו די וועלט, אויף ווי ווייט ער קען זי, איז דעטאַל רעפּ־

## פּסיכאָלאָגיע

רעזענטירט, אַ נייגונג פאַר יעדען מין אָביעקט און יעדען מין שייכות וואָס קען איהם ארויף אויפ'ן זינען. אויב, למשל, ער קען דענ־קען וועגען אַ פערד, אָדער אַ קוה, אָדער היץ, אָדער פרייד, אָדער וועגען דעם אורזאַכליכען שייכות, איז עס דערפאַר ווייל זיין פסיכיק פאַרמאָגט נייגונגען וואָס אנטשפּרעכען יעדען פון אַט די אָביעקטען.

די פאַרשידענע נייגונגען פון יעדער פּסיכיק עקזיסטירען ניט בלויז איינס לעבען ס'אַנדערע; ריכטיגער דארף מען זיי באגרייפען ווי פונקציאָנעל פאַרבונדען, שאַפענדיג אַ מעכטיג און פיין־אָרגאַני־זירט סיסטעם; און אָט דאָס סיסטעם איז די פסיכישע סטרוקטור. וואָס פולקאָמער די פּסיכיק איז אָרגאַניזירט אַלץ פולער ווערען די געגענשטאַנדען וואָס שטעלען צונויף די וועלט, און די שייכות'ן צווי־שען זיי, פאַרגעשטעלט אין דער פסיכיק דורך די נייגונגען און זייערע פונקציאָנעלע באַציהונגען. דאָס גאַנצע סיסטעם, געשאַפען פון אַלע קאָגניטיווע נייגונגען פון דער פסיכיק, שטעלען צוזאַמען וואָס מען רופט געוויינליך די ידיעות, וואָס דער געגעבענער מח פאַרמאָגט.

עס איז אַלזאָ אַ הויפּט עובדא פון פסיכאָלאָגיע צו שאַפען אַן אַלגעמיין בילד פון אָט די נייגונגען און זייערע פונקציאָנעלע באַצי־הונגען און געבען אַ געוויסען אַלגעמיינעם באריכט פון זייער אַנט־וויקלונג און אָרגאַניזאַציע. די דאָזיגע פּראָבלעמען זוכען די פאַר־שידענע אָפּטיילונגען פון פסיכאָלאָגישען פאָרשען צו באַלייכטען אויף זייערע פאַרשידענע אופנים, וועגען וועלכע מיר וועלען עפּעס זאָגען ווייטער. דאָ קענען מיר אָנווייזען עטליכע פון די אַלגעמיינע שלוסען צו וועלכע זיי פירען.

מיר דאַרפען אויפפאַסען די קאָגניטיווע נייגונגען ווי צוזאַמענ־געקייטעלט אין קליינע סיסטעמען, און די דאָזיגע קליינע סיסטעמען — געקניפּט אין גרעסערע פסיכישע סיסטעמען, און יענע ווידער — אין נאָך גרעסערע סיסטעמען, און אזוי כסדר, דורך אסך שטאַפּלען איינס איבער'ן אַנדערן, ביז די גאַנצע מאסע איז פאַרקניפּט אין דעם איינציגען אומגעהייערן סיסטעם.

דער שייכות צווישען די נייגונגען פון יעדען סיסטעם פון'ם ני־דעריגסטען גראַד דאַרף אויפגעפאַסט ווערען ניט ווי אַ דירעקטע פאַר־

בינדונג, נאָר ווי אַן אַלגעמיינע פֿאַרבינדונג מיט אַ נייגונג פֿון אַ העד־
כערן גראַד אַנטשפּרעכענדיג אַ מעהר אַלגעמיינעם געגענשטאַנד. למשל,
די נייגונגען דורך וועלכע איך דענק וועגען דעם פֿערד און וועגען דעם
הונט זענען פֿאַרבונדען מיט דער נייגונג פֿון אַ מעהר אַלגעמיינעם
געגענשטאַנד: זויג־חיה; און די לעצטע איז ווידער פֿאַרבונדען מיט
אַ נאָך מעהר אַלגעמיינעם געגענשטאַנד: רוקענביינינגע חיה, און די
לעצטע ווידער מיט׳ן נאָך מעהר אַלגעמיינעם געגענשטאַנד, חיה.

דער שייכות צווישען די אַלגעמיינערע און די ספּעציעלע נייגונ־
גען איז פֿון אַזאַ סאָרט אַז די טעטיגקייט פֿון די לעצטע פֿאָדערט די
טעטיגקייט פֿון די ערשטע. איך קען, למשל, ניט דענקען וועגען
קיין פֿערד ניט דענקענדיג וועגען איהם אויך ווי אַ זויג־חיה, ווי אַ
רוקענביינינגע און ווי אַ חיה, און ווי אַ האַרטער מאַטעריעלער געגענ־
שטאַנד, אַז איך דענק וועגען איהם אויף אַזאַ קאָמפּליצירטען אופן,
אפילו ווען איך באַמערק צופעליג אַ פֿערד, ווייזט זיך אַרויס דעריין,
וואָס אויב דאָס פֿערד וואָלט אַרויסגעוויזען אַנדערע אייגענשאַפטען
ווי די וואָס אַט די אַלגעמיינע טערמינען שליסען איין — אויב איך
וואָלט עס געזעהן פֿליהען אין דער לופֿט, אָדער שווימען אונטער׳ן
וואַסער, אָדער לייגען אַן איי, אָדער איך וואָלט געפֿיהלט אַז מיין
אַנריר באַגעגענט ניט קיין ווידערשטאַנד — וואָלטען מיינע פּסיכישע
פּראָצעסען געוואָרען גרילצענדיג און דיסהאַרמאָניש, און איך וואָלט
געוואָרען צעטומעלט און נשתומם. איך וואָלט געצווייפֿעלט צו באַ־
טראַכטען דעם געגענשטאַנד ווי אַ פֿערד. בקיצור, אויפֿנעמענדיג דעם
געגענשטאַנד ווי אַ פֿערד, עפֿען איך אויף אַ גרויסען זאַפּאַס ידיעות,
וואָס איך האָב באַקומען אין לעבען, ד. ה. דורך מיין פֿריהערדיגען
דענקען וועגען פֿערד, און וועגען חיות בכלל און אין אַלגעמיין וועגען
מאַטעריעלע זאַכען. אַט דער ביישפּיל ווייזט ווי אומפּינקטליך עס
ווערט געשילדערט אַזאַ פּשוט׳ער פּראָצעס פֿון אויפֿנעמען אַ פֿערד,
בעת מען זאָגט אַז מיין באַוואוסטזיין לעבט אויף אַ באַשטימט פֿעלד
פֿון שפּירונגען פֿון באַזונדערע קוואַליטעטען און איינאָרדענונגען פֿון
פֿלאַץ. דער חוש־איינדרוק הייבט בלויז אָן דעם דענק־פּראָצעס. ווען
אַ יונג קינד זעהט צום ערשטען מאָל אַ פֿערד, קען זיין חוש־איינדרוק

זיין ענליך צו מיינעם, אבער זיין אויפנעם־פּראָצעס וועט זיין אסך איינפאכער פון מיינעם, און דעם אונטערשיד צווישען די צוויי קען מען באַין אופן ניט באַשרייבען פונ׳ם שטאַנדפּונקט פון שפּירונגען. דאָך וועט זיין פּערצעפּציע זיין אַ סך מעהר ווי בלויז דאָס אריינגעמען אַ חוש־איינדרוק; דאָס קינד וועט עס באַטראַכטען ווי אַ זאַך וואָס באַוועגט זיך אָן דאָרטען. און, אויב ער האָט געהאַט פריהערדיגע ערפאַרונגען מיט קיה, קען ער אויפנעמען דאָס פערד, אָדער, אין אַ טעכנישערער שפּראַך, ער וועט האָבען אַן אַ פּ ע ר צ ע פּ צ י ע פון אַ קוה, אָנרופענדיג עס אפשר מיט׳ן דאָזיגען נאָמען און בכלל זיך באַציהען צום פערד אַזוי ווי ער האָט זיך אויסגעלערנט צו באַציהען זיך צו קיה.

אויב מיר באַנוצען די סטאַטישע באַשרייב־מעטאָדע, דאַרפען מיר זאָגען אַז דאָס וואָס מאַכט מיין פּערצעפּציע פונ׳ם פערד פאַר אַזאַ בעסערן און פּינקטליכערן וועג־ווייזער אין מיין האַנדלונג ווי דעם קינדס פּערצעפּציע, איז ניט קיין גרעסערע רייכקייט פון שפּירונגען און פאָרשטעלונגען אין מיין באַוואוסטזיין, נאָר אַ רייכערער „זין" וואָס דער ענליכער חוש־איינדרוק רופט ארויס. אָט דער זין איז דער אויסדרוק אין באַוואוסטזיין פון דעם וואָס אַן אומגעהייער סיסטעם פון נייגונגען איז געוואָרען אַקטיוו, און די נייגונגען האָט דאָס דענקען אויפגעבויט אין מיין מח זינט איך בין געוועזן אַ קליין קינד.

דער דאָזיגער ביישפּיל קען אויך באַווייזען ווי אומפּינקטליך די אידעען מעטאָדע באַשרייבט די פאַקטען; וואָרים מיין דענקען וועגען דעם פערד הייסט ניט אַז איך ברענג אריין אין ליכט פון באַוואוסטזיין עפּעס אַ וועזען וואָס איז געלעגען אויף לאַגער אין עפּעס אַ שוואַרץ קעסטעלע פון מיין פּסיכיק; גיכער איז עס אַן ארבייט פון דער פעהיגקייט פון וויסען, באַשטימט און אָנגעפירט פון דער טעטיגקייט פון אַ קאָמפּליצירט סיסטעם פון פּסיכישע נייגונגען. וואָרים, באַמערקט, בעת איך נעם אויף, אָדער דענק אויף אַן אַנדער אופן פון אַ הונט, איז אַ גרויסער טייל פונ׳ם זעלביגען סיסטעם טעטיג; וואָרים דעם הונט קען איך ווי אַ זויג־חיה, ווי אַ רוקענביינינגען, ווי אַ חיה, ווי אַ האַרטען געגענשטאַנד, א. א. וו. דער אונטערשיד אין די

# וויליאַם מעקדוגעל

נייגונגען איז נאָר אויף אַזוי ווייט אויף וויפיעל איך קען איהם ווי א הונט־זויג־חיה און ניט ווי א פערד־זויג־חיה.

לאָמיר זיך ווידער פאַרשטעלען אז אנשטאָט צו באמערקען סתם א הונט, באמערק איך מיין הונט, דזשעק'ן. דער איינדרוק האָט פאַר מיר נאָך א רייכערן זין; ער מיינט אלץ וואָס דער איינדרוק פון יעדען אנדערן הונט מיינט; אבער איך טראַכט וועגען איהם ניט בלויז ווי פון א יחיד פונ'ם הונט־מין, און אַלץ וואָס דאָס שליסט איין, נאָר אויך ווי וועגען א הונט וואָס וועט זיך אָפּרופען אויף מיין רוף, וואָס וועט זיך אויפפירען אזוי אָדער אנדערש אונטער פאַרשידענע אומ־שטענדען. איך דערוואַרט פון איהם אַלץ וואָס איך דערוואַרט פון אנדערע הינט, און נאָך פיעל מעהר. און מיין באַציהונג צו איהם איז א גאַנץ באַזונדערע און ספּעציעלע. זאָל איהם א פרעמדער בריקען, פיהל איך פאַרביטערט, אָט פונקט ווי ער וואָלט מיך געבריקעט; אויב ער באַוואונדערט איהם, בין איך צופרידען. דאָס אַלץ ווייזט אז אין מיין פּסיכיש סיסטעם „הונט" האָט זיך אַרויסגעשיילט א ספּעציעל אונ־טערגעאָרדענט סיסטעם וואָס וועקט זיך אויף, א חוץ דעם גאַנצען הונט־סיסטעם, בעת איך דענק וועגען מיין הונט, דזשעק'ן.

די לעצטע באַמערקונג פירט אונז צו באַטראַכטען דעם אופן אויף וועלכען עס אנטוויקלען זיך אין דער פּסיכיק סיסטעמען און נייגונ־גען. קיין נייגונג איז נים קיין לחלוטין נייע שאַפונג; גיכער ווערט יעדע געבוירען ווי א ספּעציאַליזאַציע אין עפּעס א נייגונג וואָס האָט פריהער עקזיסטירט; און אויף אַזאַ'ן אופן — דורך דער ספּעציאַלי־זאַציע פון א צאָל קלענערע נייגונגען אין איהר — ווערט א נייגונג א סיסטעם פון נייגונגען. און ווען די גלידער־נייגונגען פון אַזאַ סיסטעם ווערען אַליין סיסטעמען דורך דער דיפערענציאַציע פון נייע נייגונ־גען אין זיי, ווערט דאָס מוטער־סיסטעם א מין באָבע, און שפּעטער, נאָך ווייטערע ענליכע שריט — אן עלטער באָבע. מען קען אַלזאָ צו־גלייכען דאָס גייסטיגע סיסטעם צו א פאַמיליע וועמעס כסדר'דיגע דורות לעבען און אַרבייטען אַלע גלייכצייטיג. די אַרבייט פון יעדען מיטגליד ווערט אונטערשטיצט פון אַלע מיטגלידער פון פריהערדיגע דורות פון דער דירעקטער אָפּשטאַמונגס־ליניע. אזוי, למשל, האָט די

ציִגונג מיט וועמעס הילף איך דענק וועגען מיין הונט, זיך ארויסגע־שיילט פון דער „הונט־נייגונג בכלל, די לעצטע — פון דער „חיה־נייגונג" בכלל, א. א. וו.

דאָס איז א צו־פאראייפאכטער באריכט פונ׳ם וואוקס און פון דער באציהונג פון פסיכישע סיסטעמען. אויב דער פראָצעס פון ארויס־קומען אָדער ארויסשפּראָצען וואָלט געווען דער איינציגער אופן אויף וועלכען עס אנטוויקלען זיך סיסטעמען, וואָלטען מיר געווען בארעכ־טיגט צו באטראַכטען אלע נייגונגען פון א מענשען ווי די דירעקטע אָפּשטאמער פון א געוויסער אורשפּרינגליכער נייגונג; און מיר וואָל־טען געקענט געפינען א פארגלייך פאר דער פסיכישער סטרוקטור אין א בוים מיט זיין שטאם, צווייגען און צווייגלעך; יעדעס צווייגעל ווערט געשטיצט פון אלע טיילען פונ׳ם בוים פון וועלכען עס האָט ארויס־געשפּראָצט ווי א דירעקטער אָפּשטאַמער. און אויב דער גאַנצער אנט־וויקלונג־פּראָצעס וואָלט פאָרגעקומען אין דער לעבענס־געשיכטע פון אַן איינציגער פּסיכיק, וואָלטען מיר זי געקענט שילדערן אין איהר פרימיטיווען, אומאנטוויקעלטען צושטאנד, באשטעהענדיג פון איין נייגונג, וואָס וואָלט געגעבען איהר באזיצער א מעגליכקייט צו דענ־קען בלויז וועגען אַן איינציגען, זעהר פאראַלגעמיינערטען געגענשטאַנד. די קאָגניטיווע זייט פונ׳ם דענקען פון אזא מענשען וואָלט מען גע־קענט פאָרשטעלען דורך די ווערטער „פאָרהאַנען עפּעס", די נאַטור פונ׳ם געגענשטאַנד וואָלט געבליבען גאַנץ אומבאַשטימט. צו שילדערן דעם פסיכישען וואוקס אויף אזא׳ן אופן וואָלט געווען א סך ריכטי־גער ווי צו מאָלען איהם אז ער געהט אַן אויף א פארקערטען אופן (וואָס מען האָט אָפּט געטוּן), דהיינו, אז ער פאַנגט אַן מיט באַנעמען א צאָל באשטימטע געגענשטאנדען יעדען באזונדער ווי אָפּגעריסענע איינצעלהייטען, און אז דערנאָך קלאַסיפיצירט ער צוזאַמען די וואָס שיינען צו זיין ענליך איינס צום אנדערן, אדער אז אין געדאַנק נעמען זיך צוזאַמען אידעען מיט שטריכען אין וועלכע זיי זענען איינס צום אנדערן ענליך, כדי צו שאַפען אַן אלגעמיינערע אידעע.

דאָס קליינע קינד הייבט ניט אַן גלייך צו אונטערשיידען די קאַץ אָדער יענעם הונט, און האָלט ניט כסדר אין קאָמבינירען די ענ־

# וויליאם מעקדוגעל

ליבע שטריכען פון אלע קעץ אין איין אלגעמיינער אידעע, און די שטריכען פון אלע הינט — אין אן אנדערער, און דערנאך שטעלט עס ניט אויף נאך אן אלגעמיינערע אידעע פון דער פיער־פיסיגער בריאה אדער חיה. עס הייבט גאר אן דערמיט, וואס עס באנעמט אלע קעץ און אלע הינט ווי באוועגליכע זאכען פון וועלכע עס ציהט זיך צוריק אויס מורא, אדער וויל זיי ארומנעמען. און פון אזעלכע ערפארונגען לערנט עס צו דענקען אומבאשטימט וועגען אזעלכע זאכען ווי עפעס וואס איז אנדערש פון ניט־לעבעדיגע זאכען. די געשאפענע נייגונג ווערט דערנאך דיפערענצירט, בעת עס לערנט זיך אויס צו אונטער־שיידען א קאץ פון א הונט, און צו דענקען וועגען אנדערע חיות אויפ'ן זעלבען אופן, פון זאכען וואס באוועגען זיך און רופען זיך אפ אויף זיינע האנדלונגען אט ווי זיינע ברידער, די מענשען, טוען. געוויינ־ליך, ווייזט אויס אז קינדער דענקען וועגען חיות, פונקט ווי דאס רוב ווילדע מענשען, אז זיי זענען אזעלכע באשעפענישען ווי זיי, די קינ־דער, אליין, אננעמענדיג יעדען נייעם סארט חיה וואס זיי טרעפען ווי א מיטגליד פונ'ם אייגענעם קלאס באשעפענישען. און בלויז ביס־לעכווייז לערנען זיי זיך אויס צו אונטערשיידען די פארשידענע חיות וואס זענען אנדערש ווי זיי אין פארשידענע גראדען. ווארים דער וואקסענדיגער מח דערגרייכט ניט פון זיך אליין די וויסענשאפטליכע קלאסיפיקאציע פון דער חיה־וועלט; דאס איז א פראדוקט פון דער ארבייט פון א סך מחות, אן ארבייט, וואס זייענדיג פארקערפערט אין שפראך, קען באנוצט ווערען אנצופירען דעם וואוקס און די די־פערענציאציע פונ'ם סיסטעם אין יעדער פסיכיק, וואס אנטוויקעלט זיך.

אבער אט די דיפערענציאציע דורך אקטען פון כסדר'דיגער פא־נאנדערטיילונג, איז ניט דער איינציגער פראצעס דורך וועלכען עס אנטוויקעלט זיך דער געבוי פון דער פסיכיק. פארהאן אויך אן אנדער סארט פראצעס וואס איז אומגעהייער וויכטיג. דאס איז דער פראצעס פון אויפנעמען ענליכקייטען צווישען געגענשטאנדען. וואס איז שייך די פארוויקעלטע נייגונגען און סיסטעמען, איז עס א פראצעס וואס ענדיגט זיך מיט דער פארבינדונג פון פריהער־אפגעטיילטע סיסטעמ־

מען שאַפּענדיג אַן איינציג סיסטעם. פאַרגלייכענדיג דאָס מיט דעם געבוי פון אַ בוים, קענען מיר זאָגען אַז איין צווייג פאַראייניגט זיך מיט אַן אַנדערער, אַזוי אַז זייערע צווייגלעך, ווייטער פון׳ם פאַראייניגונג־פּונקט, ווערען געשטיצט פון׳ם פאַראייניגטען כח.

ווי אַ ביישפּיל פון אַזאַ פּראָצעס, נעמט אַ קינד וואָס איז אויסגעוואַקסען ניט לערנענדיג צו באַטראַכטען פּלאַנצען ווי לעבעדיגע זאַכען, אַבער עס האָט זיך פונדעסטוועגען אויסגעלערנט צו דענקען וועגען זיי ווי אַ באַזונדער קלאַס זאַכען. פּלוצלונג דערוויסט עס זיך אַז פּלאַנצען, פּונקט ווי חיות, זענען לעבעדיג. אין דער דאָזיגער רגע פאַראייניגען זיך צוויי סיסטעמען אין זיין מח, און בילדען דערנאָך אַן איינציג פאַרגרעסערט סיסטעם; דאָס „לעבעדיגע־באַשעפעניש“ סיסטעם נעמט אַריין דאָס אַנדערע און מאַכט עס פאַר אַ טייל פון זיך. פון שטאַנדפּונקט פון אַ פאַרגלייך מיט די כסדר׳דיגע דורות פון אַ פאַמיליע, קענען מיר זאָגען אַז די אָפּווייכענדיגע דורות אָדער אָפּשטאַמונגס־ליניעס ווערען דאָ און דאָרט ווידער צוזאַמענגעמישט דורך געגענזייטיגע חתונות.

ווי אַ ביישפּיל פון׳ם דאָזיגען פּראָצעס, פון אַ ביסעל אַן אַנדערער שטייגער, לאָמיר נעמען אַ יונגען סטודענט פון פיזיק וועלכער, האָבענדיג געלערנט צו דענקען וועגען גאַזען און פליסיגקייטען ווי גאַנץ באַזונדערע צושטאַנדען פון מאַטעריע, דערוויסט זיך פּלוצלונג פון יענע ענליכקייט־פּונקטען אַ דאַנק וועלכע מען קלאַסיפיצירט זיי צוזאַמען ווי פליסיגע מאַטעריע. די צוויי סיסטעמען וואָס האָבען זיך ביי איהם אַנטוויקעלט באַאָבאַכטענדיג באַזונדער גאַזען און פליסיגקייטען, פאַראייניגען זיך אין אַ ניי סיסטעם, וואָס גיט איהם איצטער די מעגליכקייט צו דענקען פון די געמיינזאַמע אייגענשאַפטען פון פליסיגקייטען און גאַזען, ניט רעכענענדיג אָדער פאַרזעהענדיג זייערע אונטערשיידענדיגע אייגענשאַפטען. אָדער, לאָמיר נעמען אַ אינגעל וואָס איז באַקאַנט מיט די אייער פון חיות און מיט די קערנדלעך פון פּלאַנצען, אַבער ער האָט קיינמאָל ניט געטראַכט וועגען זייערע ענליכקייטען, ביז ער האָט עס אָנגעהויבען טון, בעת ער האָט אפשר געהערט באַנוּצען דאָס וואָרט א י י פאַר אַ קערנדעל פון אַ פּלאַנץ, אָדער דאָס

# וויליאַם מעקדוגעל

וואָרט ז ר י ע ה פאַרביידע: אייער און קערנדלעך. דערנאָך באַ־
נוצט ער דאָס וואָרט ז ר י ע ה פאַר די געמיינשאַפטליכע אייגענ־
שאַפטן פוןביידע סאָרטן געגנשטאַנדן. אין אַזעלכע פאַלן ווערט
דער וואַקסענדיקער מענש געפירט פון דער שפּראַך אַרויסצוברענגען
דעם סינטעטישן פּראָצעס וואָס אַן אַנדער מענש האָט פריהער דער־
גרייכט ווי אַן אומאָפּהענגיגע אַנטדעקונג. דער קלאַסישער ביישפּיל
פון אָ ר י ג י נ ע ל ע ר אַ פּ ע ר צ ע פּ צ י ע, וואָס מען ציטירט
געוויינליך, איז ניוטאָנ׳ס אַנטדעקונג פון דער ענליכקייט צווישן דער
באַוועגונג פון דער לבנה און פון פאַלענדיגע קערפּער, און זיין שפּע־
טערדיג דענקען פון אַלע אַזעלכע פּראָצעסן ווי ביישפּילן פון גראַ־
וויטאַציע.

דער פּראָצעס פון אַ פּ ע ר צ ע פּ ט י ו ו ע ן ס י נ ט ע ז
שאַפט אַ פאַראיינפאַכונג פון דער פּסיכישער סטרוקטור און פון דער
שפּראַך וואָס שפּיגעלט איהם אָפּ, אָט דער פּראָצעס מאַכט ביידע פאַר
ווירקזאַמערע דענק־אינסטרומענטן. מען קען איהם באַטראַכטן ווי
אַ פּראָצעס דורך וועלכען די פעלערן פונ׳ם גאַנג פון דיפערענציאַציע
ווערן פאַרריכט. וואָרים אויב מיר שטעלן זיך פאָר ווי אַ פּסיכיק אַנט־
וויקעלט זיך פון אַ פּרימיטיוון צושטאַנד — ווי מיר האָבן אָוועק־
געשטעלט פריהער — דורך אידעאַל־פאָלקאָמע פּראָצעסן פון
כסדר׳דיגע אויסטיילונגען פון געגנשטאַנדן און אַנטשפּרעכענ־
דיגע דיפערענציאַציעס פון נייגונגען, וועלן מיר זעהן אַז עס וועט
זיך ניט פאָדערן קיין סינטעטישער צוזאַמענגאָס פון סיסטעמען כדי
זי זאָל פאַרפאָלקאָמען איהר געבוי און ווערן באמת אַ קליין וועלטעל
וואָס שפּיגעלט אָפּ געטרוי די גאַנצע וועלט פון געגנשטאַנדן און זייי־
ערע באַציהונגען. צו אילוסטרירן דעם פונקט לאָמיר זיך ווענדן ווי־
דער צו דער לעבעדיגער וועלט. מיר מעגן אָננעמען אַז אַזאַ מח וועט
לכתחילה דענקען וועגן יעדער לעבעדיגער זאַך וואָס ער וועט באַ־
געגענען, פּשוט ווי זי איז, ניט באַמערקענדיג קיין פאַרשידענקייטען;
ער וואָלט זיי געקענט בלויז ווי באַזיצער פון אייגענשאַפטן וואָס אַלע
לעבעדיגע זאַכען האָבן, אויסאיבענדיג דערביי די פונדאַמענטאַלע
אייגענשאַפט זיך אָפּצורופן אויפ׳ן זעלביגען אופן אויף זאַכען אויף

## פסיכאָלאָגיע

וי וויים זיי זענען גלייך. מיר מעגען אָננעמען אז ער וועט דערנאָך אונטערשיידען חיות פון פלאַנצען, און דערנאָך די גרויסע קלאַסען אין יעדען פון זיי, און אזוי, טריט ביי טריט, קומען אויסצוטיילען מינים, וואריאַציעס, און ענדליך, איינצעלנע באַשעפענישען, דיפערענצירענדיג אין דעם פּראָצעס די אַנטשפּרעכענדיגע נייגונגען.

מיר מעגען אָננעמען אז דאָס וואָלט געווען דער אַנטוויקלונגס־גאַנג פון א ריינעם און פאָלקאָמענעם אינטעלעקט, אויב אַזאַ בריאה וואָלט מעגליך געווען. אבער אונזער ווירקליכער וואוקס איז גאַנצען אַנדערש. יעדער מענשליכער מח פאַנגט אָן זיין אַנטוויקלונג־גאַנג פון א וויים־פּראָגרעסירטען פונקט און מיט געוויסע שטאַרקע טענדענצען אָפּצורופען זיך אויף געגענשטאַנדען, ניט בלויז לויט זייערע אינערליכע גלייכקייטען אָדער אונטערשידען, נאָר לויט דעם ווי די געגענשטאַנדען באַפרידיגען די פּראַקטישע נויטען פון׳ם אָרגאַניזם וועלכער שליסט איין די פּסיכיק; און דורך איהר אַנטוויקלונג קומט די פּסיכיק צו קענען יענע זייטען פון געגענשטאַנדען וואָס האָבען צו טון מיט אָט די פּראַקטישע נויטען, פיעל מעהר איידער יענע וועלכע, פון א ריין אינטעלעקטועלען שטאַנדפּונקט, קוקען אויס צו זיין זייער עיקר׳דיגע און אייגענאַרטיגע טבע. צוליב דעם פּאָדערט זיך דער פּראָצעס פון א סינטעז פון סיסטעמען, דורך וועלכען מען אַנטדעקט די עצמ׳דיגע ענליכקייטען פון זאַכען וועגען וועלכע מען האָט פריהער געטראַכט אין גאַנצען באַזונדער, אויב מיר ווילען דערגרייכען די פעהיגקייט צו דענקען פון זאַכען אויף אַנדערע אופנים, א חוץ דעם אופן וואָס באַפרידיגט גלייך פּראַקטישע נויטען.

אין אַלע אַנטוויקלונג־פּראָצעסען פון׳ם מענשליכען גייסט, שפּילט די שפּראַך זעהר א וויכטיגע ראָלע. אינ׳ם פּראָצעס פון דיפערענצירען נייגונגען דורך מאַכען אונטערשידען, העלפט דער נאָמען אויפצוהאַלטען די אורשפּרינגליכע נייגונג ווי א סיסטעם וואו די דיפערענציאַציע קומט פאָר. וואָרים הערענדיג א נאָמען פון א געגענשטאַנד פאַרפילט די אייגענע פונקציע ווי א חוש־איינדרוק וואָס מען באַקומט פון איהם; דער נאָמען מאַכט טעטיג די אַנטשפּרעכענדיגע נייגונגען, און אַזוי אַרום קענען מיר ווייטער אויפפּאַסען ווי איין גאַנצע זאַך,

# וויליאַם מעקדוגעל

דעם קלאַס אין וועלכען מיר האָבען אויסגעטיילט מינים און יחידים. אָבער אויב מיר וואָלטען ניט געהאַט קיין קלאַס־נאָמען, גלייך ווי מיר האָבען זיך אויסגעלערנט אָפּצורופען זיך אַנדערש אויף די געגענ־שטאַנדען וואָס מיר טיילען אויס, וואָלטען מיר אויפגעהערט דענקען וועגען דעם קלאַס, דעם אורשפּרינגליכען אָביעקט פון אַ העכערער גענעראַליזאַציע, און די אורשפּרינגליכע נייגונג וואָלט פאַרוועלקט. למשל אַ קינד, האָבענדיג, דורך באַרירונג מיט פאַרשידענע הינט, זיך אויסגעלערנט צו דענקען וועגען „הונט־בכלל", געהט ווייטער אַז אונ־טערשיידענדיג צווישען אַ שעפּסען־הונט און אַ יאַגד־הונט, די צוויי סאָרטען וואָס געפינען זיך געוויינליך אין זיין געגענד; און מיר מע־גען אָננעמען, אַז זיין שטעלונג צו די ביידע סאָרטען איז לחלוטין אַנ־דערש צוליב דער פריינדליכקייט פון די שעפּסען־הינט און דער אַנגע־בלאָזענקייט פון די יאַגד־הינט. אונטער אַזעלכע אומשטאַנדען וועט אַ קינד, וואָס קען גאָר ניט רעדען, שאַרף אונטערשיידען די צוויי קלאַ־סען און זיין גענייגט צו פאַרגעסען, ד. ה. צו פאַרלירען די פעהיגקייט צו דענקען וועגען „הונט—בכלל". אָבער אַ קינד וואָס האָט זיך צום ערשט אויסגעלערנט אָנרופען ביידע סאָרטען מיט'ן נאָמען הונט, וועט ווייטער דענקען וועגען אַט דעם אַלגעמיינערן געגענשטאַנד הערענדיג דאָס וואָרט  ה ו נ ט,  נאָך דעם ווי עס וועט אונטערשיידען צוויי־שען שעפּסען־הינט און יאַגד־הינט.  אויף אַז ענליכען אופן, ווען אַ קינד — אויפגעצויגען אין די דרום־שטאַטען פון די פאַראייניגטע שטאַטען—לערנט זיך אויס לכתחילה צו דענקען וועגען „מענש—בכלל", און שפּעטער — צו אונטערשיידען צווישען ווייסע מענשען און נע־גער; און די אונטערשידען צווישען זיי ווערען אַזוי שטאַרק אונטער־געשטראָכען, און זייערע ענליכקייטען — אַזוי פאַרזעהן אַז, ווען ער וואָלט ניט געוואוסט דאָס וואָרט  מ ע נ ש,  וואָלט ער געווען אין געפאַר צו פאַרגעסען אַז שוואַרצע מענשען און ווייסע מענשען זענען פון איין מין,  מ ע נ ש ע ן,  און צו פאַרלירען די פעהיגקייט צו דענ־קען וועגען דעם אַלגעמיינערן געגענשטאַנד,  ד ע ם  מ ע נ ש ע ן.

בנוגע דעם אָפּערצעפּטיווען סינטעז שפּילט די שפּראַך נאָך אפילו אַ גרעסערע ראָלע. מען האָט זיך אַסך געהאַמפּערט איבער דער פראַגע

# פסיכאָלאָגיע

צו עס איז מעגליך דענקען אָהן שפּראַך. די דאָזיגע פראַגע האָט נאַ־טירליך אַ שייכות אין באַצוג צו די העכערע דענק־פאָרמען, וועלכע שליסען איין דאָס דענקען פון זעהר אַלגעמיינע און אַבסטראַקטע גע־גענשטאַנדען און דעם אורטייל וועגען די ענליכקייטען צווישען זיי. טייל זאָגען אַז עס איז אוממעגליך צו דענקען וועגען אַן אַלגעמיינעם, אָדער אַבסטראַקטען געגענשטאַנד, אָדער, ווי מען זאָגט אָפטער, צו בילדען אַלגעמיינע און אַבסטראַקטע אידעען, אָהן דער הילף פון שפּראַך. דאָס קען אָבער קוים זיין אמת. וואָרים אינ׳ם מח פון יענעם, וואָס אַנטדעקט צום ערשטען מאָל די ענליכקייטען פון געגענשטאַנדען וועגען וועלכע ער האָט פריהער געדענקט באַזונדער, און וועלכער דענקט אַזוי אַרום, צום ערשטען מאָל וועגען דעם אַלגעמיינערן געגענשטאַנד, קומט מסתמא פאַר דער אַפּערצעפּטיווער סינטעז פון סיסטעמען אָהן דער הילף פון אַ נאָמען פאַר׳ן אַלגעמיינערן געגענשטאַנד. ווען ער גיט דערנאָך דעם געגענשטאַנד אַ נאָמען, שטעלט ער איהם פעסט אין זיין מח, און קריגט אַ פיעל שטאַרקערען כח צו דענקען וועגען איהם ווען ער וויל; און שפּעטער קען ער שוין אויך מיטטיילען זיין נייעם דענק־אופן צו אַנדערע, געבענדיג זיי אויך די מעגליכקייט צו דענקען וועגען דעם אַלגעמיינערן געגענשטאַנד. נעמען זענען אַלזאָ ניט די הויפּט זאַך אינ׳ם דענקען פון אַלגעמיינע געגענשטאַנדען, אָבער זיי דערלייכ־טערן אַסך דעם פּראָצעס; זיי דינען ווי פּאַרטיגע מיטלען אַנצורעגען די פּסיכישע סיסטעמען וואָס אַנטשפּרעכען געגענשטאַנדען. אין פאַל פון אַלגעמיינע געגענשטאַנדען, זענען זיי אַסך ניצליכער פאַר׳ן דאָ־זיגען צוועק ווי דער חוש־איינדרוק וואָס קומט פון אַן איינצעלנעם געגענשטאַנד פונ׳ם קלאַס. וואָרים אַזאַ חוש־איינדרוק פירט צו דענ־קען וועגען דעם איינצעלנעם געגענשטאַנד מיט זיינע ספּעציפישע באַ־זונדערקייטען פיעל מעהר איידער וועגען דעם אַלגעמיינעם געגענ־שטאַנד; און דאָס דענקען וועגען די אינדיווידועל־כאַראַקטעריסטישע שטריכען, פאַרשפּאַרט בלויז די דענק־פּראָצעסען, בעת אונזער ציל איז אויפצודעקען די אמת׳ן וועגען דעם קלאַס. די צווייטע גרויסע פונקציע פון ווערטער איז פעסטצושטעלען די רעזולטאַטען וואָס דאָס דענקען פון כסדר׳דיגע מענשליכע דורות האָט דערגרייכט. די שפּראַך

# וויליאַם מעקדוגעל

פון יעדער געזעלשאַפט פאַרקערפּערט, אויף אַזאַ'ן אופן, איז אַן אָביעקטיווער פאָרם איהר אינטעלעקטועלען פּראָגרעס; זי שפּיגעלט אָפּ דעם פּסיכישען געבוי פון'ם איינצעלנעם, און גיט אַ מעגליכקייט און, איז דער אמת'ן, צווינגט יעדען דור אויפצובויען זיין גייסטיגע געביידע לויט'ן מוסטער פון די פריהערדיגע דורות.

אַ חוץ די צוויי גרויסע פּראָצעסען דורך וועלכע עס אַנטוויקלען זיך אין דער פּסיכיק נייגונגען און סיסטעמען וועלכע גיבען איהר אַ מעגליכקייט צו דענקען וועגען אַ וועלט מיט געגענשטאַנדען לויט זייערע אינערליכע נאַטורען און קרובה'שאַפטען, קומט נאָך פאַר אַן אַנדער פּראָצעס, וועלכער צווינגט אונז צו דענקען וועגען די געגענשטאַנדען ווי שייכות'דיגע, פאַרמירענדיג גרופּעס און סעריעס, לויט די צופאַלען פון צייט און פּלאַץ וואָס האָבען באַשטימט זייער פאַרבינדונג פאַר דער פּסיכיק. דאָס הייסט אַז אַחוץ דער גאַנצער אַנטוויקלונג פון'ם גייסטיגען געבוי וואָס שפּיגעלט אָפּ טיילווייז די צוזאַמענשטעלונג פון דער וועלט פון זאַכען, שפּיגעלט דער געבוי אויך אָפּ די געשיכטע פון דער וועלט אויף אַ זעהר טיילווייזען אופן, דהיינו, אויף וויפיעל די געגעבענע פּסיכיק האָט באַאָבאַכט אָט די געשיכטע דירעקט אָדער אומדירעקט. וועגען זאַכען דענקט מען אָדער צוזאַמען אָדער איינס נאָך ס'אַנדערע, ווייל פאַר די אויגען פון'ם סוביעקט קומען זיי פאָר ווי וויכטיגע שטריכען פון איין בילד אָדער פון איין קייט פון אינצידענטען. ווען דער מח האָט שוין איינמאָל אויפגענומען אָדער בכלל געטראַכט וועגען באַשטימטע זאַכען ווי שייכות'דיגע טיילען פון אַ גאַנץ בילד אָדער אַ קייט פון געשעהענישען, בלייבט ביי איהם די פעהיגקייט (ביז אַ געוויסער מאָס) ווידער צו דענקען וועגען זיי אין ענליכע באַציהונגען. אָט די פעהיגקייט נאָכאַמאָל צו דענקען וועגען זאַכען אין די געשיכטליכע באַציהונגען אין וועלכע מען האָט וועגען זיי פריהער געדענקט, איז כולל די פאַרמירונג און אַנהאַלטונג פון פונקציאָנעלע העקעלעך צווישען די אַנטשפּרעכענדיגע נייגונגען אין דער פּסיכיק. דער געבוי און די אַנטוויקלונג פון דער פּסיכיק נעמט אַרום אַן אומגעהייערע סיסטעם פון אַזעלכע העקעלעך צווישען איהרע נייגונגען. אין אַלגעמיין רעדט מען וועגען זיי ווי

# פסיכאָלאָגיע

אסאָציאַציע־העקעלעך, און די זאַכען, הייסט עס, זענען פאַרבונדען צווישען זיך פאַר דער פּסיכיק. צוליב דער עקזיסטענץ פון אזעלכע העקעלעך צווישען די נייגונגען, איז דער געדאַנק וועגען יעדען געגענ־שטאַנד עלול ארויפצוברענגען אויפ'ן זינען אַן אַנדערן וואָס איז אזוי ארום פאַרבונדען מיט איהם. ווען איך האָב, למשל, געזעהן אמאָל אַ קאַץ זיצענדיג אויפ'ן רוקען פון אַ פערדעל, וועל איך עלול זיין צו־ דענקען וועגען דער קאַץ ווען נאָר איך וועל ווידער זעהן דאָס פערדעל. די סטאַטישע מעטאָדע שילדערט דעם פאַקט זאָגענדיג אַז די אידעע פונ'ם פערדעל איז אסאָציאירט מיט דער אידעע פון דער קאַץ, און דערפאַר רעפּראָדוצירט איין אידעע די אַנדערע, אָדער איז געניינגט זי צו רעפּראָדוצירען.

אינ'ם וואוקס פונ'ם גייסטיגען געבוי איז די בילדונג פון אזעלכע פאַרבינדונגס־העקעלעך צווישען נייגונגען א וויכטיגער שטריך. עס איז קלאָר אַז דער פּראָצעס איז אין גאַנצען פאַרשידען פון די אָפּער־ צעפּטיווע פּראָצעסען פון נייגונג־דיפערענציאַציע און דעם סינטעז פון סיסטעמען וועלכע מיר האָבען פריהער ארומגערעדט. די לעצטע ברענגט ארויס די פעהיגקייט צו דענקען פון געגענשטאַנדען וועגען וועלכע מען האָט פריהער ניט געדענקט, אָבער דער אסאָציאַטיווער פּראָצעס ברענגט בלויז אויפ'ן געדאַנק באַשטימטע זאַכען ווי אזעלכע, וואָס האָבען אַן אויסערליכען שייכות, ווי למשל נאָהענטקייט אין פּלאַץ אָדער כסדר'דיגקייט אין צייט.

די געזעצען פון אסאָציאַציע און אסאָציאַטיווער רעפּראָדוקציע האָט מען גרינדליך שטודירט און וועגען זיי האָט מען באַקומען אַ סך דעטאַלע ידיעות וועגען וועלכע מיר קענען דאָ ניט רעדען. דער וויכטיגסטער פּונקט צו פאַרצייכענען איז, אַז די פּסיכיק שפּילט ניט קיין פּאַסיווע ראָלע אין דער פאָרמירונג פון אסאָ־ ציאַציעס. זאַכען ווערען פאַר אונז אסאָציאירט, ניט בלויז ווייל זיי שטעלען זיך אוועק פאַר די חושים גלייכצייטיג אָדער גלייך איינס נאָך ס'אַנדערע, נאָר מחמת דער מח נעמט זיי אויף, אָדער בכלל דענקט וועגען זיי, ווי זאַכען, וואָס זיינען פאַרבונדען צווישען זיך; און ער טוט עס נאָר אויף אזוי ווייט אויף וויפיעל ער איז אין זיי פאַראינ־

# וויליאַם מעקדוגעל

טערעסירט אַלס אַזוינע, וואָס זיינען פאַרבונדען אויף אַזאַ'ן אופן. ד. ה. אויף וויפיעל זיי רעגען אָן אַ קאָנאַטיווע טענדענץ. לאָמיר זיך אומקערען צום ביישפּיל מיט דער קאַץ און דעם פערדעל. אויב — אין דער רגע ווען מיין בליק איז געפאַלען אויףביידע חיות — וואָלט די קאַץ געזעסען אויף דער ערד, אַביסעל אָפּגערוקט פונ'ם פערדעל, וואָלט איך באַמערקט ביידע חיות בלויז זעהר פאַרבייגעהענדיג, אויב איך וואָלט בכלל באַמערקט, און איך וואָלט זיי ניט פאַרבונדען. אָבער זייער שייכות אין פּלאַץ האָט אויסגעדריקט אַזאַ פריינדשאַפט צווי־שען זיי וואָס איז אומגעוויינליך און האָט אַפּעלירט צו מיין אינטערעס אין דער האַנדלונג פון חיות; ממילא, פון אַלע איינצעלהייטען פון דער סצענע וואָס האָט זיך געצויגען פאַר מיין אויג, האָט זיך מיין מח אָנגעכאַפּט אָן די צוויי געגענשטאַנדען און זייער שייכות. אַגב אורחא קען מען באַמערקען אַז דער ביישפּיל אילוסטרירט די אוממעג־ליכקייט צו באַשרייבען אפילו אַזאַ פּשוט'ען פּראָצעס פון אַסאָציאַציע אין טערמינען פון שפּירונגען און פאָרשטעלונגען. די בלויזע רוימליכע באַציהונג פון די צוויי וויזועלע פאָרמען איז גאָר ניט אינטערעסאַנט. נאָר דערפאַר וואָס זיי באַטייטען פאַר מיר פיעל מעהר איידער דאָס וואָס איז ווירקליך פאַרהאַנען פאַר מיין אויג, אַפּעלירט די לאַגע צו מיין אינטערעס און ציהט מיין אויפמערקזאַמקייט.

צוליב די פאַרבינדונגס־העקעלעד וואָס פאָרמירען זיך אַזוי אַרום צווישען ניינונגען, קענען מיר איבערבויען אין זכרון די בילדער און געשעהענישען וואָס מיר האָבען איבערגעלעבט, אַ טעטיגקייט, וואָס מען רופט ריכטיג אָן רעפּראָדוקטיווע פאָרשטעלונגס־קראַפט. אויף וויפיעל אַט דער פּראָצעס ווערט באַשטימט פון די העקעלעד צווישען די ניינונגען, איז מען נוטה צו דענקען נאָכאַמאָל פון יעדער סעריע געשעהענישען אין דער אָרדענונג אין וועלכער מען האָט צום ערשט געדענקט וועגען איהר אָדער זי באַמערקט. אַ געשעהעניש, איבער־דערציילט פון אַ פּשוט'ען מענשען, וואָס רעדט נאָר צוליב'ן רעדען, ווייזט טיילמאָל אַרויס אַ פּסיכישען פּראָצעס וואָס באַשטעהט כמעט בלויז פון אַ כסדר'דיגען אויפרודער פון ניינונגען דורך די פאַרבינ־דונגס־העקעלעד. אָבער דאָס גאַנצע אַסאָציאַטיווע דענקען ווערט אין

# פסיכאָלאָגיע

א געוויסער מאָס באַהערשט פונ׳ם ציל אָדער קאַנאַציע וואָס האַלט אויף די טעטיגקייט. און אַז דער איינפלוס פונ׳ם הערשענדיגען ציל ווייזט זיך אַרויס אינ׳ם אויסקלייבען און אונטערשטרייכען די זייטען אָדער פאַזען פונ׳ם אינצידענט אין צוזאַמענהאַנג מיט ד ע ם ציל, און אינ׳ם פאַרזעהן אָדער אונטערדריקען יענע וועלכע האָבען מיט איהם קיין צוזאַמענהאַנג ניט.

אויף דעם אופן ווערט דער אַסאָציאַטיווער מעכאַניזם א מין מע־כאַנישער טייל פונ׳ם פּסיכישען געבוי, און א טייל וואָס פונקציאָנירט אויף א מין מעכאַנישען אופן; ער ליפערט מאַטעריאַל, קען מען זאָ־גען, מיט וועלכען די שאַפענדיגע טעטיגקייט פונ׳ם געדאַנק אַרבייט. אין יעדען אַנהאַלטענדיגען דענקען שפּילט ער א געוויסע ראָלע, אָבער זיין חלק אין באַשטימען דעם גאַנג פון דער פּסיכישער טעטיגקייט איז זעהר פאַרשידען. ער שפּילט א הויפּט ראָלע אין יעדען איינפאַכען, ערליכען באַריכט פון אויפגעפאַסטע געשעהענישען. אין א באַריכט וואָס ווערט באַהערשט פון אַן עסטעטישען ציל, ווערט זיין טעטיג־קייט שטאַרק געענדערט פון א צוועקמעסיגען אויסקלייבען און אונ־טערשטרייכען. אין א באַריכט וואו דער דערציילער, באַהערשט פון אַזאַ צוועק, דערלויבט זיך צו באַצירען די מעשה און אויך אויסצו־קלייבען אינצידענטען, איז זיין ראָלע נאָך מעהר אונטערגעוואָרפען דער שאַפענדיגער טעטיגקייט. און אין שאַפען אַן אויסגעטראַכטע מעשה, ווי למשל א ראָמאַן אָדער א דראַמע, ווערט די הערשאַפט פונ׳ם צוועק־מעסיגען שאַפענדיגען דענקען איבער דער אַסאָציאַטיווער רעפּראָדוק־ציע דערפירט ביז אַן עקסטרעם, כאָטש אין דער טעטיגקייט אַרבייטען נאָך אַלע צוזאַמעןביידע פּראָצעסען. אַזאַ שאַפען, אויף וויפיעל עס איז ווירקליך אָריגינעל, נעמט אַריין די אָפּערצעפּטיווע פּראָצעסען דורך וועלכע עס אַנטוויקלען זיך גייסטיגע נייגונגען און סיסטעמען; אויף וויפיעל אָבער עס רעפּראָדוצירט, נעמט עס בלויז אַריין אַן אויסגע־קליבענעם בילכערן וועג צווישען די פאַרשידענע אַסאָציאַטיווע וועגען, א בילכערקייט וואָס ווערט באַשטימט פונ׳ם אַרטיסטס ציל.

מיר האָבען אונטערשיידט צוויי טיילען פונ׳ם גייסטיגען געבוי וואָס האָבען דירעקט צו טון מיט קאָגניציע: די טייל וואָס ווערט

# וויליאַם מעקדוגעל

אנטוויקעלט פון אַפּערצעפּטיווע פּראַצעסען און באַשטעהט פון די
גייסטיגע נייגונגען און סיסטעמען, וועלכע זענען פונקציאָנעל פאַר־
בונדען אויף אַן אופן וואָס אַנטשפּרעכט די לאָגישע באַציהונגען צווי־
שען זאַכען; און, צווייטענס, די טייל, וואָס ווערט אַנטוויקעלט
פון דער אַסאָציאַציע באַשטעהט פון אַסאָציאַטיווע העקעלעך צווישען
נייגונגען און סיסטעמען, אַט די העקעלעך שפּיגלען גיכער אָפּ די היס־
טאָרישע סעקווענץ פון זאַכען, איידער זייערע לאָגישע פאַרבינדונגען.

עס איז, דוכט זיך, ניט איבעריג צו אילוסטרירען ד ע ם אונ־
טערשיד אויפ'ן פאָלגענדען אופן. שטעלט זיך פאָר אַ צווילינג וועמעס
גייסטיגע קאָנסטיטוציעס, אויף ווי פיעל זיי זענען גע'ירש'ענט, זענען
זעהר גלייך. שטעלט זיך פאָר אַז מען האָט זיי אויפגעהאָדעוועט אין
באַזונדערע ערטער און אין באַזונדערע, כאָטש שטאַרק ענליכע, גע־
זעלשאַפטליכע קרייזען, און אַז זיי זענען דורכגעגאַנגען שטאַרק ענלי־
כע בילדונג־פּראָצעסען. דער רעזולטאַט וועט זיין אַז לויט'ן „לאָגישען
געבוי" וועלען זייערע מחות זיין זעהר ענליך, אָבער לויט'ן „היסטאָ־
רישען געבוי" — זעהר פאַרשידען. געפינענדיג זיך אין ענליכע לאַ־
געס, האָבענדיג ענליכע פּראָבלעמען אָדער אַרבייטען, וועלען זייערע
גייסטיגע פּראָצעסען זיין זעהר ענליך, און זיי וועלען, אין אַלגעמיין,
קומען צו ענליכע שלוסען; אָבער די איינצעלהייטען פון זייער דענ־
קען וועלען תמיד זיין פאַרשידען; זיי וועלען זיין ווי צוויי מענשען
וואָס דענקען די אייגענע געדאַנקען אין פאַרשידענע שפּראַכען.

ביז אהער האָבען מיר באַטראַכט דעם געבוי פון דער פּסיכיק בלויז
אויף וויפיעל זי איז אַ באַדינגונג פאַר קאָגניציע; אָבער מיר האָבען
געזעהן אַז יעדעס דענקען איז אַפעקטיוו און קאָנאַטיוו פונקט ווי קאָג־
ניטיוו. און דאָס וויסען איז בלויז דער משרת פון דעם פיהלען און
דעם האַנדלען; עס איז דער פּראָצעס דורך וועלכען דער ווילען רייסט
זיך צו זיין ציל און די צופרידענהייט וואָס קומט פון דערגרייכען דעם
ציל; און די גאַנצע קאָמפּליצירטע אַנטוויקלונג פון די באַדינגונגען
פונ'ם קאָגניטיווען לעבען — אומגעפער אַנגעצייכענט אויף די פריי־
הערדיגע זייטען — ווערט דערגרייכט דורך דער אַנשטרענגונג פונ'ם
ווילען צוצוקומען צו זיין ציל.

# פסיכאָלאָגיע

קוקענדיג פון אַ ביאָלאָגישען שטאַנדפּונקט, איז די פונקציע פון אַלע גייסטיגע פּראָצעסען און פון׳ם גייסטיגען געבוי אָפּצוהיטען און דערהייבען דאָס לעבען פון׳ם מין און פון׳ם איינצעלנעם אויף וויפיעל ער איז בייהילפיג דעם לעבען פון׳ם מין. דאָס לעבען פון׳ם מין ווערט אָפּגעהיט און דערהויבען דורך קערפּערליכע טעטיגקייטען, פון וועלכע די סאַמע וויכטיגסטע זענען די מאַסען באַוועגונגען פון די אברים און פון אנדערע באַוועגונגס־אָרגאַנען, און מיר מעגען, ניט באַגעהענדיג קיין ערנסטען פעלער, באַטראַכטען בלויז זיי. די גאַנצע פּסיכישע טעטיגקייט גיסט זיך אַלזאָ אויס אין קערפּערליכער באַוועגונג; וואָרים בלויז דורך אנטוויקלען און אָנפירען די קערפּערליכע באַוועגונג קען זי אויספילען איהרע פונקציעס. קאָנאַציע, הייסט די אָנווענדונג פון גייסטיגער ענערגיע אויף ריכטען און אויפהאַלטען די קערפּערליכע אַרבייטען דורך וועלכע דאָס לעבען פון׳ם מין ווערט ווייטער געצויגען, און קאָגניציע באַהערשט די קערפּערליכע טעטיגקייט בלויז דורך דער פאַרמיטלונג פון קאָנאַציע.

דער אורשפּרינגליכער קרייז פון צוועקמעסיגער אָדער גייסטיגער טעטיגקייט שיינט צו זיין (ווי אויבען דערמאָנט) קאָגניציע, וואָס רופט אַרויס געפיהל און שטרעבען, דאָס שטרעבען רייסט זיך אַרויס אין קערפּערליכער טעטיגקייט, רופט אַרויס אַ נייע קאָגניציע וואָס רופט ווידער אַרויס אַ געפיהל פון צופרידענהייט און פאַרענדיגט דאָס שטרעבען. למשל, איך ווער ביי זיך באַוואוסט אַז דער מענש וואָס שטעהט לעבען מיר האָט מיך געשלאָגען; אַט די קאָגניציע דערוועקט אין מיר אַ געפיהל פון כעס און אַן אומווידערשטעהליכען אימפּולס צו דער־לאַנגען צוריק. דער אימפּולס רייסט זיך גלייך אַרויס אין האַנדלונג; און איך זעה דעם אָביעקט פון מיין געדאַנק אויסגעצויגען אויף דער ערד. אַט די נייע קאָגניציע פאַרענדיגט די שטרעבונג און אויפ׳ן שטעל פון מיין געפיהל פון כעס פאַרבלייבט צופרידענהייט. עס קען אויך זיין אַז די נייע קאָגניציע, דאָס בילד פון מיין געפאַלענעם שונא, וועקט אויף אַ געפיהל פון רחמנות און אַן אימפּולס איהם צו העלפען, וואָס בייגט איין מיינע קני לעבען איהם, און וואָס שטילט זיך איין און ענדיגט זיך מיט צופרידענהייט נאָר דעמאָלט ווען איך דערזעה אַז זיין

## וויליאַם מעקדוגעל

קלאַפּ איז ניט ערנסט. אין דעם דאָזיגען פאַל ווערט דער צווייטער קרייז פון וויסען, פיהלען און שטרעבען צוגעזעצט צום ערשטען; און אזוי ארום קען דער איבער׳חזרנ׳דיגער קרייז זיך ציהען אָהן אַ סוף.

די האַנדלונגען פון חיות און קליינע קינדער דריקען אָפּ אויס אַזעלכע איינפאַכע קרייזען פון פּערצעפּציאָנעלען דענקען. אבער דער נאָרמאַלער דערוואַקסענער מח איז אזוי קאָמפּליצירט, אַז ער ארבייט זעלטען אויף אַזאַ׳ן איינפאַכען אופן. אין דער פריהער אַנגעוויזענער לאַגע קען מיין קאָגניציע ווערען קאָמפּליצירט וויסענדיג אַז דער שלע־גער איז שיכור אָדער בכלל אומפאראנטוואָרטליך; אָדער, לויט די אַלגעמיינע פּרינציפּען פון אויפפירונג. איך קען איינצאַמען מיין אימ־פּולס פון כעס; אָדער איך האָב זיך אפשר צוגעוויינט צו פאַרבייטען דעם אַקט אין וועלכען דער אימפּולס רייסט זיך נאַטירליך ארויס מיט אַ פּלינקער „ד ז ש י ו ד ז ש י ט ס ו" באַוועגונג, וואָס לייגט אוועק מיין פריינד נאָך בעסער. אָדער דער קרייז פון מיין טעטיגקייט וואָס האָט זיך אָנגעהויבען מיט׳ן קלאַפּ קען זיך אַנטוויקלען אזוי: מיין שונא שפּרינגט אָפּ אָדער עס געלינגט איהם אָפּצואָווענדען מיין קלאַפּ. מיין געשטערטער אימפּולס ווערט שטאַרקער, און איך לאָז זיך אויף איהם מיט שטורעם. עס פאַרציהט זיך אַ לאַנגער קאַמף. מיין אימ־פּולס פון כעס, כסדר געשטערט און כסדר אָנגערעגט אויף ס׳ניי, ברענגט ארויס די גאַנצע ענערגיע פון מיין אָרגאַניזם; און מיינע אָנ־שטרענגונגען ענדיגען זיך בלויז ווען מיין גאַנצער פאַרווענדבאַרער זאַפּאַס ענערגיע איז לחלוטין אויסגעשעפּט. אָט די קייט פון טעטיג־קייט, וואָס איז כמעט אין גאַנצען אויף דער פּערצעפּציאָנעלער שטופע, באַשטעהט אין דער כסדר׳דיגער צופּאַסונג פון מיינע באַוועגונגען, פון באַוועגונג צו באַוועגונג, בעת איך נעם אויף די נייע פּאָזיציעס פון מיין פיינד; עס איז אַ קרייז פון קאָגניציע, שטרעבונג און געפיהל, וואָס חזר׳ט זיך כסדר איבער, וואו די שטרעבונג, ניט דערגרייכענדיג קיין באַפרידיגטקייט, האַלט אַן און ווערט בלויז פאַרשטאַרקט פון יע־דער פרישער קאָגניציע.

אָדער אַנדערש, אַן אימפּולס פון מורא קען אָפּשטעלען דעם אימ־

פּולס פון כעס, און דאָס טרייבט מיך זיך צוריקצוציהען. אין אַזאַ פאַל, גלייך ווי איך בין אַרויס פון געפאַר, קען איך זיך ווידער דערמאָנען אַן דעם אינצידענט; איך לעב איהם ווידער איבער אין מיין פאַרשטע־לונג, ווי מיר זאָגען. דאָס דערוועקט ווידער מיין אימפּולס פון כעס: ניט זייענדיג באַפרידיגט, טרייבט ער מיך אנשטאַט דעם צו דענקען וועגען מיין שונא. די באַליידיגונג טליהעט אין מיין ברוסט. ווי שטאַרק איך זאָל זיך ניט סטאַרען אָפּצואַוועגדען פון מיין מח אַט דעם פּיינפולען ענין, געפין איך אוים אַז איך טראַכט וועגען איהם כסדר; און ווען מיר געלינגט אפילו צו דענקען וועגען עפּעס אַנדערש, האַלט זיך אויף אין מיין באַוואוסטזיין דער אומאַנגענעמער און בייזער טאָן. גאָר ניט ווילענדיג געפין איך אוים אַז איך פּלאַנעווע צו נעמען נקמה. און אפשר, ווען איך ליג אַהן שלאָף אינ'ם חושך פון דער נאַכט, קריץ איך מיט די ציין און דריק צונויף מיינע פויסטען און שוויץ און וואַרף זיך פון היץ און קעלט. דער אומבאַפרידיגטער בייזער אימפּולס טרייבט מיך אויסצואַרבייטען אַ גענויען פּלאַן פון נקמה. איך שטעל מיר פאָר ווי איך טרעף אַזוי מיין פיינד אין אַן עפענטליך פּלאַץ און דערלאַנג איהם אַ שרעקליכען קלאַפּ. אבער גלייך כאַפּ איך זיך אַז ער איז שטאַרקער פון מיר; און די מורא קומט צוריק און האַלט אָפּ און פאַרטרייבט דעם דאָזיגען געדאַנקען־פאָדעם וועלכער, אפילו אין גע־דאַנק, קען מיר ניט ברענגען קיין באַפרידיגונג. דערנאָך שטעל איך זיך פאָר ווי איך לויער אויף איהם אין אַ פינסטערער נאַכט און דער־לאַנג איהם פון הינטען מיט אַ שטעקען אָדער מיט אַ ביקס; אָדער איך שטעל צונויף אַ גענויען פּלאַן איהם צו שעדיגען אין זיין געשעפט אָדער זיין געזעלשאַפטליכע רעפּוטאַציע.

אַט די גאַנצע גייסטיגע טעטיגקייט וואָס ליגט אינ'ם אויסטראַכ־טען די אַלע האַנדלונג־פּלענער קען זיך אין גאַנצען ניט זיין קיין ווילענדיגע אין אמת'ן זין פונ'ם וואָרט. דער ווילען הייבט זיך אַז ווען איך זוך צו באַשטימען צו איך זאָל אויספירען איין פּלאַן אָדער אַן אַנדערן, אָדער ווען איך סטאַרע זיך אין גאַנצען צו פאַרטרייבען דעם ענין פון מיין מח, אָדער מוחל צו זיין די באַליידיגונג. דאָס פּלאַנע־ווען איז אַ צוועקמעסיגע טעטיגקייט; אבער זי קען אין גאַנצען אַנ־

# ווילי׳אם מעקדוגעל

געפירט ווערען פונ׳ם אומווילענדיגען בייזען אימפולס, וועלכער האלט אן, ווייל ער האט ניט דערגרייכט זיין נאטירליכען ציל, און ווייל ער פירט אליץ כסדר צוריק דעם אינצידענט צו מיין באוואוסטזיין, און אזוי ארום פרישט ער זיך אויף און דרעהט זיך אין א פאר׳כישופ׳טען קרייז. מען קען פרעגען: ווי אזוי קען מען אננעמען אזא קיים פון ריין פסיכישער אקטיוויטעט זאל זיין אזוי ווי דער פלאן וואס מיר האבען אוועקגעשטעלט אלס טיפיש, דהיינו, דער קרייז פון קאגניציע, שטרעבען און געפיהל און פון קערפערליכער טעטיגקייט? ווארים, מען קען זאגען, אז קערפערליכע טעטיגקייט איז אינ׳ם קרייז ניטא. דער ענט־פער איז, אז די קערפערליכע טעטיגקייט אין וועלכער יעדער קרייז פונ׳ם דענק־פראצעס דריקט זיך אויס, איז בלויז טיילווייז אונטערדריקט און פארשטעלט. מיר קענען דאס באגרייפען אויב מיר וועלען נאכ־טראכטען איבער דער האנדלונג פון א מענשען פון אן איינפאכען סארט — א ווילדער אדער א קינד — אונטער ענליכע אומשטאנ־דען. דאס אויפגערעגטע קינד, וועמעס מורא פארהאלט זיין אימפולס צו באלדיגער נקמה, אנטלויפט ביז א זיכערן שטח און שרייט דע־מאלט אויס: „איך וועל כאפען א גרויסע האק און דיר אפהאקען דעם קאפ,“ אפשר צופאסענדיג זיינע האנדלונגען צו די ווערטער. דאס איז זיין פרימיטיווער פלאן פון נקמה. אלזא, צו זיינע ווערטער ווערען בא־גלייט פון אן אנדערער קערפערליכער האנדלונג צו ניט, דאס ארויס־רעדען איז שוין אליין א קערפערליכע האנדלונג; דאס קינד דענקט אדער פלאנעוועט אויפ׳ן קול; דאס איז דער נאטירליכער און פרי־מיטיווער דענק־אופן, אויף ווי ווייט דאס דענקען געפינט ניט קיין אנדערן קערפערליכען אויסדרוק. אסך ווילדע און קינדער דענקען גע־וויינליך אויפ׳ן קול. די אונטערדריקונג פונ׳ם ווירקליכען ארויסרעדען פון ווערטער, וואס מען באנוצט אין פראצעס פון טראכטען, איז א געוואוינהייט וואס מיר קריגען אונטער׳ן איינפלוס פון מנהג און פון אונזער נאטירליכער טענדענץ אייינצושפארען ענערגיע. אבער כאטש דאס ווירקליכע ארויסרעדען ווערט אונטערדריקט, פארבלייבט די בא־נוצונג פון ווערטער אינ׳ם גאנג פון אונזער דענקען דער עקוויוואלענט פון קערפערליכער טעטיגקייט; די ווערטער שפילען די אייגענע ראלע;

# פסיכאָלאָגיע

אין יעדען דענק־קרייז רייסט זיך ארויס דער שטרעב־אימפּולס אין א ווערטער־פאָרמולע וואָס הייבט אָן א נייעם קרייז.

מיר קומען איצט צום פּראָבלעם וועגען דעם אופן אויף וועלכען געפיהל און שטרעבען ווערען באַשטימט פון דער פסיכישער סטרוק־טור. מען קען גלייך שטעלען די פראַגע: באַשטימט יעדע קאָגניטיווע נייגונג ניט בלויז דאָס וויסען, נאָר אויך דאָס פיהלען און דאָס שטרע־בען? איז איהר פונקציע אין דער זעלביגער צייט אפעקטיוו און קאָ־נאַטיוו פונקט ווי קאָגניטיוו? דער ענטפער אויף דער פראגע קען קיין ספק ניט זיין. די אפעקטיווע און קאָנאַטיווע אָרגאַניזאַציע פון דער פסיכיק איז על פּי רוב אומאָפּהענגיג און אָפּגעזונדערט פון דער קאָג־ניטיווער אָרגאַניזאַציע; און עס מוזען עקזיסטירען. פאָר דער באַשטי־מונג פון אָט די פעהיגקייטען, באַזונדערע נייגונגען וועלכע בילדען א וויכטיגען טייל פון דער פסיכישער סטרוקטור. די טאָג־טעגליכע שפּראַך און געדאַנקען אנערקענען דעם דאָזיגען פאַקט. וואָרים פונקט ווי „קענטעניש" איז דאָס וואָרט וואָס ווערט באַנוצט אין דער טעג־ליכער שפּראַך צו באַצייכענען די סטרוקטור פון דער פסיכיק, אויף וויפיעל זי איז קאָגניטיוו, אזוי ווערט דאָס וואָרט „כאַראַקטער" באַ־נוצט צו באַצייכענען איהר סטרוקטור אויף וויפיעל זי איז אפעקטיוו און קאָנאַטיוו. און מיר אַלע אנערקענען אַז די אנטוויקלונג פון קענ־טעניש און כאַראַקטער זענען פּראָצעסען וואָס לויפען בשום אופן ניט שטרענג פּאַראַלעל, נאָר זענען ביז א גרויסער מאָס אומאָפּהענגיג איינס פון אַנדערן. מיר ווייסען אויך אַז אונזער אפעקטיוו־קאָנאַטיווע שטע־לונג צו א געגענשטאַנד קען אין גאַנצען איבערגעענדערט ווערען, בעת אונזער אינטעלעקטועלע אויפפאַסונג פון דער זאַך בלייבט ווי געוועזן; ווי למשל עס טרעפט מיט א זאַך, וואָס דער געדאַנק וועגען איהר האָט אמאָל ארויסגערופען אין מיר דאָס געפיהל פון התלהבות, אָבער איצט נעמט זי מיך ניט, אָדער דערוועקט גאָר אין מיר א לייכטען ווידער־ווילען און עקעל. א געוויינליכער און קליינליכער ביישפּיל פון אַזאַ אומבייטונג איז די ענדערונג אין דער אפעקטיוו־קאָנאַטיווער שטע־לונג צו א ביפשטיק וואָס א פול מאָלצייט קען ארויסרופען אין א הונ־געריגען.

# ווילי‌אם מעקדוגעל

א פיעל שווערערע פראגע איז די באציהונג פון דער אפעקטיווער צו דער קאנאטיווער פסיכישער ארגאניזאציע. עס איז קלאר אז אויב דאס זענען, אין וועלכען ניט איז זין, באזונדערע ארגאניזאציעס, זענען זיי אסך איניגער פארבונדען צווישען זיך ווי מיט דער קאגניטיווער ארגאניזאציע. מיר קענען זיי אלזא באטראכטען ווי איינס און דאס זעל־בע אהן דער ריזיקע פון אז ערנסטען פעלער, און מיר וועלען ניט זוכען זיי צו אונטערשיידען אדער באהאנדלען זיי באזונדער אין דעם בוך.

דער באזיס פון כאראקטער, אדער פון דער פסיכישער אפעקטיוו־קאנאטיווער ארגאניזאציע, באשטעהט, ווייזט אויס, פון נייגונגען, וועמעס צאל — אין פארגלייך מיט דער צאל פון די קאגניטיווע נייגונגען — איז קליין. פונקט ווי די לעצטע קענען זיי באטראכט ווערען ווי א צאל קאנאלען דורך וועלכע די קאגניטיווע פעהיגקייטען ציהען זיך צו אנטשפרעכענדיגע געגענשטאנדען, אזוי קען מען באטראכטען די קאנאטיווע נייגונגען ווי א צאל קאנאלען דורך וועלכע די קאנאטיווע פעהיגקייט ציהט זיך ארויסצורופען געוויסע ארטען קערפערליכע טע־טיגקייט בנוגע דעם געגענשטאנד, מיט וועלכען מען וויל זיך באקענען. ווארים פונקט ווי קאגניציע איז פונדאמענטאל אז אפרוף פון דער פסיכיק פונ׳ם סוביעקט אויף די איינדרוקען וואס אביעקטען מאכען אויף זיין קערפער (און בלויז אין דער העכסט אנטוויקעלטער פסיכיק דערגרייכט זי א רעלאטיווע אומאפהענגיגקייט פון חוש־איינדרוקען). אזוי איז קאנאציע אויך פונדאמענטאל די ריכטונג פון די מעכאנישע פראצעסען פונ׳ם קערפער דורך דער צוועקמעסיגער טעטיגקייט פון דער פסיכיק. און פונקט ווי די פארשידענע קאגניטיווע נייגונגען קע־נען, אין פרינציפ, באטראכט ווערען אז זיי האבען זיך דיפערענצירט פון איין איינציגער פרימיטיווער נייגונג, אזוי קענען אויך באטראכט ווערען די קאנאטיווע נייגונגען פון דער אנטוויקעלטער פסיכיק ווי ארויסגעשיילט פון איין איינציגער פרימיטיווער נייגונג אין וועלכער עס האט זיך אויסגעדריקט די קאנאטיווע פעהיגקייט, דער ווילען צו לעבען.

דאס איז נאטירליך א בליק אויף דער פסיכישער עוואלוציאנע־

# פסיכאָלאָגיע

רער געשיכטע וועלכער — ווי צופרידענשטעליג ער זאָל ניט זיין — איז בלויז א ספעקולאַציע. מיר זענען אבער אויף זיכערען באַדען דירעקט אַרויסדרינגענדיג פון די פאַקטען פון האַנדלונג, בעת מיר שילדערן דעם נאָרמאַלען מענשליכען גייסט ווי באַשאַנקען בירושה מיט א באַ־גרענעצטער צאָל קאָנאַטיווע נייגונגען, פון וועלכע יעדע טרייבט די קאַנאַטיווע ענערגיע זיך אַרויסצוגיסען אין א ספעציפישען אָדער כאַ־ראַקטעריסטישען סאָרט קערפערליכע אַקטיוויטעט. אין גאַנג פון דער אינדיווידועלער אנטוויקלונג ווערט יעדע פון זיי דיפערענצירט אין אַ סך ספעציאַליזירטערע נייגונגען, און דורך זיי גיסט זיך אויס די קאָ־נאַטיווע ענערגיע אין מעהר ספעציאַליזירטער קערפערליכער טעטיג־קייט. איין איינציגע אילוסטראַציע וועט זיין גענוג. יעדע נאָרמאַלע פרוי שיינט צו באַזיצען דעם מוטערליכען אימפולס וואָס דריקט זיך אויס, אָדער איז גענייגט זיך אויסצודריקען, אין כאַראַקטעריסטישע אַרטען קערפערליכע טעטיגקייט בנוגע איהר קינד; ממילא באַזיצט זי אן אנט־שפרעכענדיגע קאָנאַטיווע נייגונג. צווישען פרויען פון יעדען לאַנד באַשטימט דער מנהג אז אַט די פאַרהעלטניסמעסיג ווייניג־ספעציאַלי־זירטע נייגונג זאָל ווייטער דיפערענצירט ווערען צו באַשטימטען פיעל מעהר ספעציאַליזירטע קערפערליכע אַקטיוויטעטען, וואָס מיר רופען די אויסדרוקען פון געוואוינהייטען; און יעדע פרוי קען ווייטער ספע־ציאַליזירען אַט די געוואוינהייט כאַראַקטעריסטיש פאַר איהר אַליין. און אין אַזאַ סאָרט געוואוינהייט, אָדער ספעציאַליזירטער דיפערענ־ציאַציע פון דער מוטערליכער נייגונג, וואָס איז אַלגעמיין מענשליך, קען זיך אויסדריקען די גאַנצע ענערגיע פונ׳ם מוטערליכען אימפולס.

מיר האָבען אין קורצען אַנגעוויזען די טבע פון דער קאָגניטיווער און קאָנאַטיווער פסיכישער סטרוקטור. עס בלייבט איצט צו שילדערן, אויך אַזוי קורץ די שייכות׳ן צווישען דיביידע זייטען. אַט די שייכות׳ן שיינען היפּטזאכליך צו זיין בטבע אסאָציאַטיווע העקעלעך, אַ קאָמפּ־ליצירט סיסטעם פון געגענזייטיגע פאַרבינדונגען צווישען די נייגונ־גען פון ביידע סאָרטען. כדי צו אילוסטרירען די פאָרמאַציע פון אַזעל־כע קאָגניטיוו־קאָנאַטיווע אסאָציאַציעם און זייער איינפלוס אויפ׳ן גאַנג פון גייסטיגען לעבען, לאָמיר זיך אומקערען צום פאַל פון אַן

# ווילי‏אַם מעקדוגעל

אומפּאַרדינטעז קלאַפּ וואו די מורא האלט אַפּ דעם אויפגערעגטעז כעס פון אויסצודריקען זיך. לאָמיר זיך פאַרשטעלעז, אַז ביז׳ן אינ־צידענט בין איך געווען אזוי ווייט ווי מעגליך גלייכגילטיג צו מיין אַנ־פּאַלער, ד. ה. זיין אַנוועזענקייט האָט ניט דערוועקט אין מיר קיין פּעסט באַשטימט געפיהל אָדער שטעלונג. אָבער נאָכ׳ן פּיינליכען אינ־צידענט קען איך וועגען איהם ניט דענקען אָהן מורא, אָדער כעס, אָדער ביידע צוזאַמעז, און אָהן דעם פּאַרלאַנג אי אויסצומיידען איהם אי איהם אָפּצוטון עפּעס א שפּיצעל. שטעלט זיך איצט פאַר אַז די אומ־שטאַנדען ברענגען אונז כסדר צוזאַמען, און ביי אַזעלכע געלעגענהיי־טען טשעפּעט ער זיך און דערמאַנט מיך דורך אַנצוהערענישען פון דער פאַרגאַנגענער באליידיגונג פאַר וועלכע איך וואָג זיך ניט אָפּצור־רעכענען. מיין שטעלונג פון געמישמער מורא מיט כעס באַנייט זיך ביי יעדער פון די געלעגענהייטען, און, ווערענדיג אזוי ארום פאַר־שטאַרקט און פּערמאַנענט, ווערט זי א פול־צעבליהט געפיהל פון האַס. וואָסער אַנטוויקלונג פונ׳ם געבוי פון דער פּסיכיק איז אין זיך כולל דער וואוקס פון דעם געפיהל ? די עמאָציע און דער אימפּולס פון כעס און די ספּעציפישע קערפּערליכע אויסדרוקען און טעטיגקייטען אין וועלכע דער אימפּולס רייסט זיך אַרויס, אָדער איז גענייגט דער־צו, ווייזען אַז איך באַזיץ א קאָמפּליצירטע קאָנאַטיווע נייגונג. דאָס אייגענע איז אמת וועגען דעם עמאָציאָנעלען אימפּולס פון מורא און זיין נאַטירליכען אויסדרוק אין קערפּערליכער טעטיגקייט. פון דער אַנדערער זייט ווייזט אַז מיין פעהיגקייט צו דערקענען מיין אַנפּאַלער און צו דענקען וועגען איהם ווען ער איז ניטאָ, אַז איך באַזיץ א ספּעציעלע קאָגניטיווע נייגונג, וואָס אַנטשפּרעכט דעם געגעבענעם אָביעקט. ווייטער, דאָס וואָס כאָטש איך בין פריהער געווען גלייכגילטיג צו דעם מענשען, קען איך איצט וועגען איהם ניט דענקען אָהן כעס און מורא, אָדער א געמיש פון ביידע געפיהלען און שטע־לונגען, אָט דאָס — וואָס מיר דריקען אויס זאָגענדיג אַז איך טראָג פאַר איהם א געפיהל פון האַס — ווייזט אַז אַז די דאָזיגע צוויי קאָנאַ־טיווע נייגונגען האָבען זיך אַסאָציאַטיוו פאַרבונדען מיט דער קאָגני־

טיוועד נייגונג, און אז די דאָזיגע פאַרבינדונג איז געוואָרען אַ שטענ־
דיגע כאַראַקטעריסטיק פון דער פסיכישער סטרוקטור.

די ווירקונג פון אַזאַ פאַרבינדונג איז ניט בלויז וואָס, ווען דער
אָביעקט פונ׳ם געפיהל צווינגט זיך ארויף אויף מיין אויפמערקזאַמ־
קייט, איז מיין גערדאַנק וועגען איהם באַפאַרבט און געמישט מיט אַט
די געפיהלען, נאָר אויך וואָס איך ווער זעהר גענייגט צו דענקען ווע־
גען איהם. ווען איך געה פאַרביי אַן עולם וואו ער געפינט זיך, שניידט
איהם מיין אויג אַרויס און קוקט אויף איהם בגנבה. ווען עס מאַכט
זיך אַז מיר ביידע טרעפען זיך אויף אַ פאַרזאַמלונג, פיהל איך זעהר
שאַרף איהם אַליין און אַלץ וואָס ער זאָגט און טוט, כאָטש
איך מעג אויסמיידען צו קוקען אויף איהם. דערהער איך זיין נאָמען
אין אַ געשפּרעך פון אַנדערע, פאַרשפּיץ איך די אויערן צו הערען
וואָס מען זאָגט. און דאָס קען אָנגעהן ניט קוקענדיג אויף מיינע אַלע
אָנשטרענגונגען אַרויסצוטרייבען דעם שד פון האַס און אָנצונעמען מיין
פריהערדיגע גלייכגילטיגע שטעלונג. אַ חוץ דעם ווערען אַלע מיינע
געדאַנקען פון מיין פריינד געפאַרבט פון מיין שטעלונג. אַלץ וואָס איך
הער שלעכטס וועגען איהם, נעם איך אָן און עס פאַרבלייבט אין מיר,
און איך שרייב צו זיינע האַנדלונגען צו די געמיינסטע מאָטיוועז, ביז
וואַנען, דורך איבער׳חזר׳ונגען פון אָט דעם פּראָצעס פון אויסגעקלי־
בענעם דענקען — אונטער דער פּירערשאַפט פון דער ספּעציאַליזיר־
טער קאָנאַטיווער טענדענץ, — נעם איך דענקען וועגען איהם ווי אַ
מאָנסטער פון אומגערעכטיגקייט.

לאָמיר באַטראַכטען דעם איינפלוס פונ׳ם וואוקס פון אַ געפיהל
אויפ׳ן קאָגניטיווען לעבען אינ׳ם ליכט פון אַז אַנגענעמערן פאַל.
שטעלט זיך פאָר אַ לייכטזיניג מיידעל וועמעס לעבען איז געווען אַז
אייביגער קרייז פון פאַרגעניגענס אין גוזעלשאַפטליכע „פליכטען“. זי
האָט חתונה און ווערט אַ מוטער. דאָס קינד ביי איהר ברוסט וועקט
אין איהר אויף דעם מוטערליכען אימפּולס, וואָס האָט ביז איצט גע־
דרעמעלט, און איהר גאַנצער תענוג איז אַכטונג צו געבען און צוזעהן
דאָס קינד, צו שילדערן זיינע מעלות און אין ליבע זיך פאַרשטעלען
זיין צוקונפט אין די העלסטע קאָלירען. פונקט ווי דער מענש וואָס

# װיליאם מעקדוגעל

טראַגט דעם שד פון האס, שיינט זי אויך צו זיין געפאַנגען פון א שטאַרקען גייסט; אבער װען זי װאָלט געקאַנט װאָלט זי איהם ניט פארטריבען; װאָרים ער איז דער קװאַל פון איהר גאַנץ גליק. אַלזא דער מוטער־אימפּולס מיט זיינע ארומיגע צערטליכע געפיהלען װייזט אַן אויף דער עקזיסטענץ פון אַן אנטשפרעכיגער קאָנאַטיװער נייגונג; און די פאַרמירונג פונ׳ם סענטימענט פאַר׳ן קינד שליסט איין די פאַר־בינדונג פון דער נייגונג מיט דער קאָגניטיװער נייגונג װאָס איז די באַדינגונג פון אַלע איהרע געדאַנקען װעגען דעם קינד; און די נייע לעבענס־אַרט איז דער רעזולטאַט פון דער פאַרבינדונג. קורץ נאָך דעם דאַזיגען אומבייט אין איהר לעבען װערט זי אַן אַלמנה. איצט שענקט זי איהר גאַנצע ליבע דעם קינד, זי גיט זיך אָפּ צו איהם מיט איהר גאַנצער נשמה, און זי באַהאַנדעלט עס מיט ליידענשאַפטליכער זאָרג. איהר הױפּט־מאָטיװ װערט דער פאַרלאַנג צו פאַרזיכערן זיין װאױלזיין צו װעלכען זי אונטערטעניגט אַלע איהרע געדאַנקען און אַלע איהרע טאַטען. לאָמיר זאָגען אַז זי נעמט זיך שטודירען היגיענע, באַהערשט די עלעמענטען פון פיזיאָלאָגיע און די פּרינציפּען פון קליי־דער, שפּייז און איבונגען אין קערפּערליכע געװאוינהייטען. אויב זי איז זעהר אַן איסנעמליכע פרוי, קען זי אפילו זיך נעמען שטודירען פּסיכאָלאָגיע. די דאַזיגע גאַנצע אינטעלעקטועלע טעטיגקייט און די אויסברייטונג פון איהר גייסטיגען געבוי װאָס קומט דערפון װערט אַנגעגרעגט און אויפגעהאַלטען פונ׳ם שטאַרקען מוטער־אימפּולס װאָס איז קאָנצענטרירט אויף זיין איינציגען אָביעקט. איהר גאַנצע נייע קענטעניש איז אויפגעבויט ארום איהר קינד װאָס זי שטודירט מיט אזא התמדה װי זי זעהט עס צו, און װייל דאָס קינד איז דער אויס־שליסליכער אָביעקט פונ׳ם שטאַרקען סענטימענט פון מוטער־ליי־בע, װערט עס דער צענטער ארום װעלכען עס בויט זיך אויף דאָס גאַנצע סיסטעם פון נייע ידיעות, נייע אינטערעסען און נייע געװאוינ־הייטען. די צװעקמעסיגע ענערגיע װאָס שטיצט און פירט די אַלע נייע טעטיגקייטען ארום דעם קינד און זיין װאױלזיין קומט פונ׳ם מו־טערליכען אימפּולס; און די שטענדיגע אַנפירונג פון אָט דער ענערגיע צום דאַזיגען באַשטימטען ציל איז דער פועל יוצא פון דער אַנטװיקּ־

לונג פון דער גייסטיגער סטרוקטור וואָס איז דער סענטימענט פון ליבע צום קינד. ווארים, כאָטש עס מעג זיך אויסדוכטען אז מוטער־ליבע שפּראָצט ארויס כמעט פאַרטיגערהייט, איז זי אבער אין דער אמת'ן א געוויקס, וואָס איז אונטערגעוואָרפען גינסטיגע און אויפהאַלטענדיגע איינפלוסען; א סיסטעם פון טענדענצען וואָס ווערט פאַרשטאַרקט דורך באנוץ און אַטראָפּירט ווען מען באנוצט עס נים, און בלויז שטופּענווייז דערגרייכט עס זיין פולע קראַפט און פולקאָמענהייט. מיר באגרייפען דאָס קלאָרער בעת מיר באטראכטען אנדערע פאַלען פון מוטער־ליבע; ווי אין א מוטער פון עטליכע קינדער קען זיך די ליבע קאָנצענטרירען אויף איינס פון זיי; ווי, אין אן עקרה קען דער מוטער־אימפּולס ארויסגערופען ווערען פון אן אנדער געגענשטאַנד, א הונט, אָדער א קאַץ, אָדער א פויגעל, און, ציהענדיג זיך כסדר צו אַט דעם געגענשטאַנד, קען ער באשאַפען א געפיהל וואָס איז מאָדנע ענליך צו מוטער־ליבע.

און כדי צו פאַרשטעהן די וויכטיגקייט פון אַזא קאָגניטיוו־קאָנאַטיווע פאַרבינדונג, לאָמיר געהן א טריט ווייטער אין דער געשיכטע פון דער איבערגעבענער מוטער. נאָך עטליכע יאָר פון איבערגעבענקייט, אין משך פון וועלכע דער סענטימענט איז געוואָרען אַלמעכטיג און האָט באשאַפען א גרויס סיסטעם פון בילדונג, געוואוינהייטען און אינטערעסען, פאַרלירט די מוטער איהר קינד. זי ליגט אויף דר'ערד פון צער, און ווען דער ערשטער אָנפאַל פון טרויער פאַרשווינדט, בלייבט זי פאַרשטיינערט; די הויפּט שפּרינגפעדער פון איהר ענערגיע האָקט זיך אָפּ ביים וואָרצעל; דער ווילען צו לעבען, וואָס האָט יאָרען לאַנג פריי געפלאָסען דורך דעם איינציגען סיסטעם, געפינט נים קיין פּאַסיגען קאַנאַל דורך וועלכע צו באַלעבען איהר אָרגאַניזם; און ביסלעכווייז שטאַרבט זי, איהר סוף ווערט פאַרשנעלערט אפשר דורך דעם וואָס שווינדזוכט אָדער אן אנדער קראַנקהייט דרינגט אריין, וועלכע זי האָט מעהר נים קיין ענערגיע בייצוקומען. אָדער, אויב זי לעבט ווייטער, ליגט איהר בעסטער שאַנס צוריק צו געווינען א לעבען פון ארבייט און געזונט אין איהר מעגליכקייט צו געפינען עפּעס א נייעם אביעקט פאַר איהר מוטער־אימפּולס, צו וועלכען דאָס גאַנצע

# וויליאם מעקדוגעל

סיסטעם פון איהר הויפט געפיהל זאל, אויף א געוויסען נייעם שטיי־
גער, טרייבען זיין טעטיגקייט, און אזוי ארום עפענען די שוין פאר־
שטאפטע קאנאלען וואס נאר דורך זיי קען די לעבענס־ענערגיע גע־
העריג אפפילען איהר גאנץ ווענען. זי קען זיך נעמען ארבייטען פאר
קינדער בכלל, און געפינען גליק אין אנפירען א קינדער־שפיטאל, אדער
אין אנדערע גוטע טעטיגקייטען. אין אזא פאל וואו די ענערגיע פונ'ם
מוטערליכען אימפולס קערט זיך אפ אדער בייט איהר ריכטונג, זאגט
מען אויפ'ן טעכנישען לשון אז זי איז ס ו ב ל י מ י ר ט.

אין די פריהערדיגע פאראגראפען האבען מיר אילוסטרירט די
נאטור און וואוקס פון די פונקציאנעלע פארבינדונגען צווישען קאגני־
טיווע און קאנאטיווע נייגונגען נעמענדיג אלס אונזערע ביישפילען
שטארקע און קאמפליצירטע געפיהלען. דער געבוי פון דער נארמאלער
דערוואקסענער פסיכיק נעמט ארום אסך אזעלכע געפיהלען פון אלע
שטופעס פון קראפט און קאמפליצירטקייט, אנהייבענדיג מיט וואס
מען רופט א לייכטער קאפריז אדער ווידערווילען ביז שטארקע, דוי־
ערנדיגע און טיף קאמפליצירטע סענטימענטען פון ליבע און האס. דער
סטרוקטורעלער באזיס פון א קאמפליצירטען סענטימענט קען ארומנעמען
אסך קאנאטיווע נייגונגען. אבער די פארבינדונג פון א קאנאטיווער
נייגונג מיט א קאגניטיוו סיסטעם שליסט זי ניט אויס פון ווערען פאר־
בינדען מיט אנדערע. אזוי ארום קען זי ווערען א טייל פונ'ם צוזאמ־
מענשטעל פון געפיהלען פאר א סך זאכען. אלזא יעדע וויכטיגע
קאנאטיווע נייגונג דארף באטראכט ווערען ווי פארבונדען מיט א היב־
שער צאל קאגניטיווע סיסטעמען, וואס יעדע פון זיי קען זי באוועגען,
און ווידער דורך יעדער פון זיי גיסט זי איהר קאנאטיווע ענערגיע,
אזוי ארום אויפהאלטענדיג אויף דעם אופן איהר טעטיגקייט און טריי־
בענדיג איהר וויטערן וואוקס און דיפערענציאציע.

פארבייגעהענדיג דארף מען אנמערקען אז ניט נאר מענשען און
פלאנצען און מאטעריעלע זאכען קענען ווערען די אביעקטען פון סענ־
טימענטען, נאר אויך אבסטראקטע און אלגעמיינע געגענשטאנדען, ווי
למשל מאראלע אייגענשאפטען, איינפלוס, רייכקייט, קונסט. ווענען
געוויסע מענשען איז עס ניט בלויז קיין רעטארישע פיגור צו זאגען

# פּסיכאָלאָגיע

אַז זיי ליבען גוטסקייט אָדער איינפלוס אדער רעליגיע; אַז זיי האַסעו זינד אָדער שמוץ אָדער אומאָרדענונג. בנוגע זייער וואוקס און צוזאַמענשטעל, שיינען אזעלכע געפיהלען צו זיין אונטערגעוואָרפען די זעלביגע פּרינציפּען ווי די וואָס זענען געווענדט צו קאָנקרעטערע געגענשטאנדען. זיי שטעלען צונויף א זעהר וויכטיגע טייל פון דער פּסיכישער סטרוקטור, ווארים פון זיי הענגט אָפּ די גאנצע טייל פון אונזער האנדלונג וואס רופט ארויס מאָראַלען אויפפיר.

## פערטער קאפיטעל

# די מעטאָדען און אָפּטיילונגען פון פּסיכאָלאָגיע.

ביז איצט האָבען מיר ארומגערעדט בלויז איין פּסיכאָלאָגישע מע־טאָדע, דהיינו, די נויטווענדיגע ערשטע שילדערונג פונ׳ם באוואוסט־זיין אָדער פון די דענק־ארטען, מיט דער הילף פון אינטראָספּעקציע. מיר האָבען אויך דעפינירט די צענטראַלע עובדא פון פּסיכאָלאָגיע ווי די באשרייבונג — אין אַלגעמיינע טערמינען — פון דעם פּסיכישען געבוי און זיינע אופנים פון ארבייט און אנטוויקלונג; און מיר האָ־בען אָנגעוויזען די ריכטונג פון די ענטפערס אין וועלכער אונזער ווי־סענשאַפט שיינט זיך צו באוועגען.

עס זענען אבער פאַראַן א סך אָפּטיילונגען אין פּסיכאָלאָגיע, וואָס צייכענען זיך אויס אָדער מיט זייערע אַנגענומענע פאָרשונגס־מעטאָדען, אָדער מיט׳ן טיפּ אָדער קלאַס באַשעפענישען, וועמעס האנדלונג דער פּסיכאָלאָג שטודירט. די ערשטע ארט פאַנאַנדערטיי־לונג איז גענייגט זיך ארויסצואווייזען אין דער פּראַקטיק, ווייל געוויסע פאָרשער באַקומען א ספּעציעלע געשיקטקייט אין דער אָנווענדונג פון דער אָדער יענער מעטאָדע. אָבער א צעטיילונג פונ׳ם גאַנצען פעלד פון פּסיכאָלאָגיע לויט דעם פּרינציפּ דאַרף ניט דערלאָזען ווערען, און דער צווייטער פּרינציפּ איז בילכער.

לויט דעם לעצטען פון די דאָזיגע צעטייל־פּרינציפּען, זענען די פאָלגענדע די הויפּט אָפּטיילונגען וואָס מען דאַרף אָנערקענען אַלס באַזונדערע.

(1) די פּסיכאָלאָגיע פונ׳ם נאָרמאַלען דערוואַקסענעם מענשען; (2) די פּסיכאָלאָגיע פון חיות; (3) די פּסיכאָלאָגיע פון קינדער; (4) אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע וואָס זוכט צו דעפינירען און, ווי־

ווייט מעגליך צו דערקלערען, די פסיכישע אייגענאַרטיגקייט פון איינ־צעלנע; (5) די פסיכאָלאָגיע פון מענשען אין אומנאָרמאַלע אָדער קרענקליכע גייסטיגע צושטאַנדען; (6) סאָציאַלע פסיכאָלאָגיע, די לערע פון דער מאַסען־פסיכיק און איהר איינפלוס אויף דער אינדי־ווידועלער פסיכיק סיי אין איהר אַנטוויקלונג סיי אין איהר אַרבייט.

אין יעדער פון אַט די גרויסע אָפּטיילונגען ווערען באַנוצט אַלע פאַרהאַנענע מעטאָדען. די מעטאָדען זענען באַקאַנט אונטער דריי הויפּט נעמען: (1) אינטראָספּעקציע; דאָ ווערען איינגעשלאָסען ניט בלויז די אינטראָספּעקטיווע באָאָבאַכטונגען פון פסיכאָלאָגען, נאָר אויך דער שטודיום פון אינטראָספּעקטיווע דערקלערונגען פון אַנדערע. די מעטאָדע איז נאַטירליך ניטאָ אין שטודיום פון חיות, אָבער אין אַלע אַנדערע אָפּטיילונגען איז זי אַנווענדבאַר אויף פאַרשידענע גראַ־דען; (2) באָאָבאַכטען און אויסטייטשען האַנדלונג, ד. ה. די צוועק־מעסיגע קערפּערליכע אַרבייטען אין וועלכע די גייסטיגע פּראָצעסען פון מענשען און חיות דריקען זיך אויס; (3) דער שטודיום פון זאַכען וואָס די גייסטיגע און קערפּערליכע טעטיגקייט האָט באַשאַפען, כדי אויס־צוגעפינען וואָסער ליכט זיי וואַרפען אויף דער נאַטור און די האַנד־לונגען פון דער פסיכיק וואָס האָט זיי פאָרמירט; למשל, דער נעסט פון אַ פויגעל, דאָס געוועב פון אַ שפּין, אַ ווילדער טאַנץ, אַ שפּראַך, אַ קאָדעקס פון געזעצען אָדער מאָראַל, אַ רעליגיעז גלויבען־סיסטעם, אַ גאָטישער קלויסטער, אַ פּאָעמע, אַ ליד, אַ קינדס צייכענונג, די פער־זען פון אַ מאַניאַק, אַ שפּיל פון געשיקטקייט אָדער אַזאַרט, אַ פּראָ־פעסיאָנעלער פּאַראַייז, אַ רעגירונג־סיסטעם, די אַלע, ווי יעדער אַנ־דער פּראָדוקט פון מענשליכער אָדער חיה'שער טעטיגקייט, קען מען שטודירען פון אַ פסיכאָלאָגישען שטאַנדפּונקט מיט מעהר אָדער ווייניגער נוצען.

עס איז איבעריג צו זאָגען אַז, ווי נאָר מעגליך, דאַרף מען קאָמ־בינירען די אַלע דריי מעטאָדען פון שטודירען. אַזאַ קאָמבינאַציע איז זעלטען מעגליך, סיידען בעת מען שטודירט אַ טעטיגקייט וואָס מען האָט לכתחילה אָוועקגעשטעלט אונטער ספּעציעל אָרגאַניזירטע און קאָנ־טראָלירטע באַדינגונגען. צו שטודירען די האַנדלונגען פון מענשען

# וויליאַם מעקדוגעל

אָדער חיות אויף אַזאַ'ן אופן הייסט מאַכען אַ פּסיכאָלאָגישען עקס־פּערימענט. אין די לעצטע יאָרען האָט מען פיעל געהערט וועגען „עקס־פּערימענטאַלער פּסיכאָלאָגיע," און מען רעדט אָפט פון איהר אַזוי ווי זי וואָלט געווען אַ באַזונדערער שטודיום. אָבער דאָס איז בשום אופן ניט אמת. עקספּערימענטען קענען, און ווערען, געמאַכט אין יעדען ווינקעל פון'ם פּסיכאָלאָגישען פעלד. פאַר פיעל מענשען איז עס שווער זיך פאָרצושטעלען ווי אַזוי מען קען אַנווענדען עקספּערי־מענטען אין פּסיכאָלאָגישע פאָרשונגען. מען קען באַזייטיגען די שווער־קייט באַטראַכטענדיג עטליכע ביישפּילען. איך בעט אַ פריינד ער זאָל צעטיילען אַ גלייכע ליניע אויף צוויי אומגלייכע טיילען, אויף אַזאַ'ן אופן וואָס, אין זיינע אויגען, וועט געבען דעם בעסטען און אַנגע־נעמסטען רעזולטאַט. דער עקספּערימענט קען געמאַכט ווערען קאָמבי־נירענדיג די דריי מעטאָדען. איך באַטראַכט די האַנדלונג פון מיין סוביעקט*) בעת ער נעמט זיין בלייפעדער אין האַנט און צעטיילט די ליניע; איך מעסט די צוויי טיילען אין וועלכע ער האָט זיי צע־טיילט; און איך בעט איהם ער זאָל באַשרייבען אַזוי פול ווי מעגליך ווי ער קומט אויסצוקלייבען גראַד אַט דעם פונקט. אָבער איך קען קוים האָפען צו ציהען עפּעס אַ גילטיגען און אינטערעסאַנטען שלוס פון אַזאַ'ן איינצעלנעם עקספּערימענט. אָבער שטעלט זיך פאַר, אַז איך חזר איהם איבער מיט פופציג מענשען, און איך געפין אַ זעלטענע איינפאָרמיגקייט אין די פּראָדוקטען פון זייער ארבייט, דהיינו, די גרעסטע מאַיאָריטעט צעטיילט די ליניע אַזוי אַז די לענג פון דער קירצערער איז צו דער לענגערער טייל כמעט ווי איינס צו איינס מיט זעקס צעהנטעל (1:1.6). היינט, אַז איך וויים, אַז אויב די קורצע איז צו דער לאַנגער ווי איינס איז צו איינס מיט זעקסהונדערט און אַכצען טויזענטעלער (1:1.618), דעמאָלט איז דאָס פאַרהעלטעניש פון דער לענגערער ליניע צו דער לענג פוןביידע די זעלביגע (1:1.618), און

---

*) דער מענש, קינד, אָדער חיה, אויף וועמען מען עקספּערימענטירט אין דער פּסיכאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע רופט זיך „סוביעקט".

(איבערזעצער).

# פסיכאָלאָגיע

באמערקענדיג אַז דער דורכשניט פון אַלע פּראָפּאָרציעס, וואָס די פּופּ־ציג סוביעקטען האָבען אויסגעקליבען קומט זעהר נאָהנט צו אַט דעם פּארהעלטעניש, חזר איך איבער דעם עקספּערימענט מיט מעהר סו־ביעקטען. שטעלט זיך ווייטער פאַר אַז איך געפין אויס אַז וואָס גרע־סער עס איז די צאָל סוביעקטען פון וועמעס רעזולטאַטען*מען ציהט א דורכשניט, אַלץ גרעסער ווערט אַט די נאָהענטקייט. דאָ וועט זיכער זיין אַן אָנווייז אויף אַן עקספּערימענטאַל באַגרינדעט געזעץ בנוגע מענשליכע האַנדלונגען פון היבשען אינטערעס, וואָס איז גאַנץ פּאַסיג ארויסצורופען אין א שאַרפען קאָפּ דעם אינטערעס צו זוכען א דער־קלערונג. פון די רעזולטאַטען וואָלט אויסגעוויזען אַז עס לוינט זיך צו שטודירען נעהנטער סיי די האַנדלונגען און סיי די אינטראָספּעקטיווע באַריכטען פון די סוביעקטען צוגלייך מיט די רעזולטאַטען פון זייער טעטיגקייט. מען קען צוגעבען אַז אַן אָנווייז אויף דעם געזעץ קען מען ארויסקריגען אָנווענדענדיג בלויז די דריטע מעטאָדע, ד. ה. שטודירענ־דיג די פּראָפּאָרציעס פון די צוזאַמען־באַנוצטע געגענשטאַנדען און די טיילען פון דעקאָראַטיווע צייכענונגען*). אָבער עס איז קלאָר אַז — פאַר דער גענויער באַגרינדונג און אויספאָרשונג פון דער דאָזיגער אַל־געמיינער טענדענץ — פאַרשאַפט דער עקספּערימענט נויטווענדיגע הילף.

לאָמיר נעמען נאָך א ביישפּיל פון אַן עקספּערימענט. איך פּרו־ביר אָראָפּשרייבען כסדר א באַקאַנטען פערז, און בעת מעשה חזר איך איבער אין דער הויך פּונקט אַזעלכע באַקאַנטע פערזען, און איך בעט אַנדערע צו טון דאָס אייגענע. דאָ זענען ווידער אַלע דריי מעטאָדען אָנווענדבאַר און אינטערעסאַנט, דהיינו, אינטראָספּעקציע, באָאָבאַכ־טען האַנדלונג און שטודירען דעם פּראָדוקט. די אַלע דריי סאָרטען באָ־אָבאַכטונגען דערגענצען איינס ס'אַנדערע און באַלייכטען היבשליך די פראַגע וועגען דענקען פון צוויי זאַכען גלייכצייטיג.

אָבער די ניצליכסטע עקספּערימענטען זענען על פּי רוב די וואָס

---

*) ד. ה. צו אין דעקאָראַטיווע צייכענונגען זענען אויך דאָ אַזעלכע פּראָפּאָרציעס צווישען די ליניעס. (איבערזעצער).

# וויליאַם מעקדוגעל

זענען געפּלאַנט אַרויסצוברענגען אַן ענטפער אויף עפּעס אַ באַשטימ־טער פראַגע. צום ביישפּיל, מען קען פרעגן: לערנענדיג אויף אויס־ווייניג אַ שטיקעל פּראָזע אָדער פּאָעזיע, קען איך עס אויסלערנען מיט דער קלענסטער צאָל איבער׳חזר׳ונגען ווען איך לייען עס ווידער און ווידער אַמאָל אָהן איבעררייסען? אָדער וועל איך בעסער מאַכען דערלאָזענדיג אַן איבעררייס נאָך יעדען מאָל איבערלייענען, אָדער גרופּירענדיג מיין לייענען אין קורצע סעריעס אָפּגעטיילט דורך איבער־רייסען? און אויב די צווייטע אָדער דריטע פאַנאַנדערטיילונג פונ׳ם לייענען איז די ניצליכסטע, וואָסער איבעררייס איז דער גינסטיגס־טער? עס איז קלאָר, אַז עס דאַרף זיין אַזאַ גינסטיגער איבעררייס.

מען האָט אויסגעפונען אַז אַזעלכע סאָרטען פראַגען קענען שנעל פאַרענטפערט ווערען דורך עטליכע פאַרזיכטיגע עקספּערימענטען, און אַז די ענטפערס אויף אַ סך אַזעלכע פראַגען קענען אָוועקגעשטעלט ווערען ווי עמפּירישע כּללים וואָס גילטען אין באַשטימטע גרענע־צען, פאַר אַלע נאָרמאַלע סוביעקטען. די מעגליכקייטען אַנצואווענדען עקספּערימענטען — ווי אילוסטרירט אין די פריהערדיגע איינפאַכע ביישפּילען — האָט מען שטאַרק אויסגענוצט אין לעצטען האַלבען יאָרהונדערט. מען האָט אויסגעטראַכט פיעל געניאַלע עקספּערימענט־מעטאָדען און פיעל ניצליכע אַפּאַראַטען; און, אַזוי ווי אַנפירען עקס־פּערימענטען וואָס שליסט איין דעם באַנוץ פון פאַרשידען־קאָמפּלי־צירטע אַפּאַראַטען פאָדערט אַ ריכטיג איינגעאָרדענטע לאַבאָראַטאָריע, איז אויסגעוואַקסען אויפ׳ן פעלד פון עקספּערימענטאַלער פּסיכאָלאָגיע אַ ספּעציעלע צווייג פון לאַבאָראַטאָרישער פּסיכאָלאָגיע. אָבער כאָטש, צוליב פּראַקטישע צוועקען, איז פאַרהאַן אַ טענדענץ די צווייג צו באַטראַכטען ווי אַ באַזונדערע אָפּטיילונג, באַשטעהט זי אָבער, ווי עקספּערימענטען בכלל, בלויז אין ספּעציעלע אויסבעסערונגען פון די דריי גרויסע באָאַבאַכטונג־מעטאָדען וועלכע מען קען אַנווענדען אין די פאַרשידענע אָפּטיילונגען. עקספּערימענטאַלע באָאַבאַכטונג און לאָ־באָראַטאָרישע מעטאָדען ווערען צום אָפטסטען אַנגעווענדט אין דער ערשטער אָפּטיילונג פון אונזער ליסטע, ד. ה. די פּסיכאָלאָגיע פונ׳ם נאָרמאַלען דערוואַקסענעם מענשען; וואָרים בלויז מיט

# פסיכאָלאָגיע

א גוט־געאיבטע דערוואקסענעם מענשען קען מען מאכען די פּול־קאָמסטע עקספּערימענטען. נאָר אין אזעלכע מענשען קענען מיר האָ־פען צו געפינען דעם נויטיגען געדולד און דאָס וויסענשאַפטליכע געווי־סען; און נאָר פון זיי קענען מיר האָפען צו באקומען גלייכאַרטיגע גלויבענווערטע אינטראספּעקטיווע באריכטען. פון דעסטוועגען ווערען איצט פיעל באנוצט עקספּערימענטען, און אפילו לאַבאָראַטאָרישע מע־טאָדען פון עקספּערימענטען, אין אַנדערע אָפּטיילונגען, ספּעציעל אין שטודירען קינדער און פּאַציענטען וואָס ליידען פון גייסטיגער צערו־דערטקייט. אין פעלד פון דער קינדער־לערע באנוצט מען זיי באזונ־דערס ענערגיש און מיט ענטוזיאזם, באַלייכטענדיג אסך לערן־פּראָב־לעמען; אַזעלכע פּראָבלעמען ווי: וואָס זענען די ווירקזאַמסטע מע־טאָדען צו לערנען אויף אויסווייניג? וואָסער ווירקונג אויפ׳ן זכרון אין אלגעמיין האָט די פּראַקטיק פון לערנען אויף אויסווייניג לידער אָדער עפּעס אנדערש? אויף ווי ווייט פאַרבעסערט דאָס שטודירען אַלגעברע דעם תּלמיד׳ס פעהיגקייט צו באהערשען אריטמעטיק אָדער געאָמעטריע, אויב דאָס פאַרבעסערט עס יאָ? איז עס עפּעס א מעלה צו אַפּעלירען ווען מעגליך צו צוויי אָדער מעהר חושים אויף אַמאָל, אנשטאָט צום אויג אָדער אויער אַליין? ווי אזוי און ווי ווייט קען מען ניצליך אנטוויקלען די פאָרשטעלונגס־קראַפט פון דער ראיה דורך ספּעציעלע איבונגען? וואָסער ווירקונג האָט די מידקייט פון די וואָס ארבייטען האַלבע טעג און פון אָוועגט שילער אויף זייער שול־אַרבייט? אָט דאָס זענען עטליכע פון הונדערטער פּראַגען וואָס קענען פאַרענט־פערט ווערען נאָר דורך סיסטעמאַטישע עקספּערימענטען. (און דאָס איז געוואלטיג וויכטיג פאר דער פּראַקטיק און דעם פּראָגראַם פון בילדונג).

אפילו ווען מיר שטודירען חיות, וואו מיר קענען ניט האָפען אַז אינטראספּעקטיווע באריכטען וועלען העלפען אויסטייטשען די האַנד־לונג וואָס מיר זעהען, ווערען עקספּערימענטען זעהר פיעל באנוצט. ווען, למשל, מיר ווארפען ערגעץ א ווערימעל מיט אַן עקעלדיגען טעם פאר א הון, און פּאַסען אויף ווי זי באציהט זיך צו אזא סאָרט ווע־רימעל דאָס ערשטע מאָל און שפּעטער, חזר׳ן מיר איבער אַן עקספּערי־

# וויליאַם מעקדוגעל

מענט וואָס איז געוואָרען באַרימט און ווערט באַשריבען אין צעהנדר־ליגער ביכער איבער פּסיכאָלאָגיע. אָדער מיר קענען אריינזעצען א ווייסען ראַט אין א שטייג, וואו דער איינציגער ארויסגאַנג איז א דורכ־גאַנג פון וועלכען עס געהען ארויס עטליכע שייד־וועגען און בלינדע געסלעך. קוקענדיג זיך צו צו זיין האַנדלונג בעת ער באַפרייט זיך אַליין מאָל נאָכ'ן אַנדערן, קענען מיר קריגען א שטיקעל באַגריף פון זיין פעהיגקייט „אויסצולערנען זיך ארויסצוגעהן." אָדער מיר קענען מאַכען אז א מאַלפּע זאָל זיך אויסלערנען ארויסשלעפּען ניס פון א קעסטעל מאַניפּולירענדיג א פּשוט'ן מעכאַניזם; און דערנאָך, אוועק־לייגענדיג איהרע ניס אין אַן אַנדערש־געבויט קעסטעל, קענען מיר אויסגעפינען אויף וויפיעל איהר באַקאַנטשאַפט מיט'ן ערשטען מעכאַ־ניזם העלפט איהר אין דער אַרבייט פון לייזען אַן ענליך פּראָבלעם, וואָס איז דאָך גאַנץ אַנדערש. אַזאַ באַאָבאַכטונג, אונטער נאַטירליכע און עקספּערימענטאַלע באַדינגונגען, פון דער האַנדלונג פון חיות פון אַלע שטופען, פון דער מיקראָסקאָפּישער אַמעבע ביז דעם הונט און דער נאָך מעהר פאַרשטענדיגער שימפּאַנזע, אָדער די געהיימניספול־קאָאָפּערירענדיגע מוראַשקעס און בינען, — איז איצט די אָפּטיילונג פון פּסיכאָלאָגיע וואָס מען פאָלגט נאָך צום ענערגישסטען; דאָ ליגט אַן אומאויסשעפּליך פאָרשונג־פעלד וואָס ווערט אַלץ גרויסאַרטיגער און ניצליכער וואָס מעהר אונזער וויסען פּראָגרעסירט.

מען פלעגט זאָגען, אַז דער תוך פון דער וויסענשאַפט איז דאָס מעסטען, אַז דאָרט וואו מען קען ניט מעסטען קען קיין וויסענשאַפט ניט זיין. פון אָט דער הנחה האָט מען אַמאָל געוואָלט אַרויסדרינגען אַז פּסיכאָלאָגיע איז קיין וויסענשאַפט ניט. וואָרים, האָט מען גע־זאָגט, צושטאַנדען פון באַוואוסטזיין קען מען ניט מעסטען. דער שלוס איז אומאַננעמבאַר. דער אַרגומענט איז פּשוט פול מיט גרייזען און טעות'ן. ניט אָפּלייגענדיג ביז דאָס וועט דעטאַל באַוויזען ווערען, קען מען אָנווייזען אַז די הנחה איז אין גאַנצען א ניט געזיכערט שטיק דאָגמאַטיזם. עטליכע פון די אַלגעמיין אַנערקענטע וויסענשאַפטען האָ־בען ווייניג וואָס אָדער גאָר ניט צו פאַרדאַנקען דעם מעסטען, און זיי וואָלטען ווייניג פאַרלירען פון זייער וויסענשאַפטליכען כאַראַקטער

# פסיכאָלאָגיע

אויב מען זאָל דאָס גענויע מעסטען באַזייטיגען פון זיי ; אַזוי, למשל, זענען געאָלאָגיע און די מייסטע ביאָלאָגישע וויסענשאַפטען. ווייטער, מעסטען, און אפילו גענוי מעסטען, איז מעגליך אין פסיכאָלאָגיע, און מען האָט עס ברייט באַנוצט. מיר קענען מעסטען די גענויקייט פון אַ סך סאָרטען אורטיילען, ווי צ. ב. ש. אורטיילען איבער וואָג מיט דער האַנט, איבער טאָן־מדרגה — מיט'ן אויער, איבער העלקייט, אָדער קאָליר־טאָן, אָדער איבער לענג — מיט'ן אויג ; אין אַזעלכע פאַלען, מיט דער הילף פון אַ פשוט'ען אַפּאַראַט און אומגאַנג־כללים, קענען מיר מעסטען, מיט יעדער פאַרלאַנגטער שטופע פון פּינקטליכקייט דעם דורכשניטליכען טעות פונ'ם אורטייל פון אַ געגעבענעם סוביעקט אונטער שטענדיגע באַדינגונגען ; און מיר קענען אויסדריקען די פּינקטליכקייט פון זיין פעהיגקייט פון שטאַנדפּונקט פון דעם דורכשניטליכען טעות. אָדער מיר קענען דערגעהן אַז עס ווירקען געוויסע שטענדיגע באַדינגונגען וועלכע האָבען אַ טענדענץ צו פירען צו טעות'דיגע אורטיילען, און קענען גענוי מעסטען דעם פאַרנעם פון דער ווירקונג. אין סך הכל, מיר קענען מעסטען די ווירקונג פון פאַרשידענע באַדינגונגען אויף דער פּינקטליכקייט פון פאַרשידענע אורטיילען. למשל, די ווירקונג פון ארבייט, פון מידקייט, פון פאָראורטייל, פון פּאַרטייאישקייט. מיר קענען אויך מעסטען דעם דויער פון אַ סך גייסטיגע פּראָצעסען ביז עטליכע טויזענטלעד פון אַ רגע. און מיר קענען מעסטען די שנעלקייט פון אויספירען און איבער'חזר'ן און די פּינקטליכקייט פון אָפטון אַ סך פּסיכישע אַרבייטען.

ספּעציעל וויכטיג איז אַ סאָרט מעסטען וואָס ווערט פיעל באַנוצט אין פּסיכאָלאָגיע און באַשטעהט אין די צאָל איבער'חזר'ונגען פון אַ פּראָצעס וואָס ליגט אינ'ם אויספירען אַ געוויסע ארבייט ; למשל, די צאָהל איבער'חזר'ונגען וואָס מען דאַרף האָבען כדי אויסצולערנען אויף אויסווייניג אַ באַשטימטען סכום ווערטער מאַטעריאַל, אָדער איבערצולערנען עס ביז דער זעלביגער מדרגה פון פולקאָמענהייט נאָך אַ געגעבענעם איבעררייס ; די צאָל איבער'חזר'ונגען וואָס איז נויטיג פאַר אַ באַשטימטער באַוועגונג־קאָמבינאַציע כדי זי זאָל ווערען אויטאָמאַטיש אָדער אומאָפּהענגיג פון דעם קאָנטראָל פון אויפמערקזאַמ־

# וויליאַם מעקדוגעל

קייט; די צאָל מאָמענטאַלע בליקען וואָס דער סוביעקט דאַרף וואַר־
פען אויף א בילד אָדער אַזאַ'ן אָביעקט ווי אַ סעריע געדרוקטע נו־
מערן, אותיות אָדער ווערטער, כדי צו באַנעמען יעדע איינצעלהייט.

אין די אַלע און אַנדערע ריכטונגען זאַמעלט מען מאַטעריאַל פון
וואָס מען קען ציהען פאַרשידענע סאָרטען שלוסען; און, ווי באַלד עס
פאָדערן זיך מחמת אַ סך טעמים גרויסע מאַסען פון אַזאַ ציפער
מאַטעריאַל, געשאַפען דורך עקספּערימענטען, ווי אַ באַדען פאַר אַל־
געמיינע שלוסען, ווערט געשאַפען אַ געלעגענהייט איבערצוגעבען די
ציפערן פאַר מאַטעמאַטישע באַהאַנדלונג, און אויף אַזאַ'ן אופן אַרויס־
קריגען פון זיי אַ סך ידיעות וואָס וואָלטען אַנדערש געבליבען אומבאַ־
וואוסט. עס וואַקסט אַרויס אַלזאָ די מאַטעמאַטישע פּסיכאָלאָגיע, וואָס
מען באַטראַכט אָפטמאָל ווי אַ ספּעציעלע צווייג, אָבער דאָס איז פיעל
מעהר אַ ספּעציעלע אַנטוויקלונג פון דער עקספּערימענטאַלער מעטאָ־
דע, וואָס מען ווענדט אָן אין עטליכע צווייגען איידער אַ צווייג אין
זיך אַליין.

מ'דאַרף זאָגען עטליכע ווערטער פון אַן אַנדער אונטערזוך־
ריכטונג וואָס האָט אַ שטיקעל טענה אַז מען זאָל זי באַטראַכטען ווי
אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג אונטער'ן נאָמען פיזיאָלאָגישע פּסיכאָלאָגיע.
מיר ווייסען בלויז פון פּסיכיק אָדער צוועקמעסיגער טעטיגקייט וואָס
איז פאַרקערפּערט אין אָרגאַניזמען; און, ווי באַלד אונזערע קאָגני־
טיווע פּראָצעסען ווערען מייסטענס באַשטימט פון פיזישע איינדרוקען
וואָס ווערען געמאַכט אויף אונזערע חושים און פון זיי איבערגעגעבען
דורך די נערוועץ צום מאַרך, און ווי באַלד אונזערע קאָנאַטיווע פּראָ־
צעסען פירען און קאָנטראָלירען די קערפּערליכע אַרבייטען דורך דער
פאַרמיטלונג פונ'ם מאַרך און די נערוועז, קומט אויס אַז דער פּסיכאָ־
לאָג קען ניט זיין אינדיפערענט צו די ידיעות וועגען די קערפּערליכע
אָרגאַנען וואָס אַ דעטאַלע שטודיע דורך פיזיאָלאָגישע מעטאָדען האָט
אַרויסגעבראַכט. דערפאַר דאַרף דער פאָרשער פון האַנדלונגען, פון
יעדער אָפּטיילונג. באַהערשען אַזוי ווייט ווי מעגליך אַלץ וואָס די
אַנאַטאָמיקער און פיזיאָלאָגען קענען איהם דערציילען וועגען דער

# פסיכאָלאָגיע

סטרוקטור און די פונקציעס פון די אָרגאַנען, ספּעציעל פון'ם נערוועז סיסטעם און די חושים, פון די לעבעדיגע ברואים וועלכע ער שטודירט. עס וועט, למשל, זיין לעבערליך צו באַהאַנדלען די גייסטיגע פעהיג־קייט פון אינזעקטען ניט וויסענדיג די אייגנאַרטיגע סטרוקטור פון זייערע אויגען, אָדער צו פּרובירען דערקלערען דעם מאָדנעם גייסטיגען צושטאַנד פון א שטום־געוואָרענעם פּאַציענט ניט קענענדיג די טבע און די ווירקונג פון דער מאַרך־וואונד וואָס איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר זיין פּלוצלונגען פאַרלירען די שפּראַך־פעהיגקייט. די קערפּערליכע אָרגאַנען זענען די פאַרמיטלער דורך וועלכע די פּסיכיק איז פאַרבונ־דען אי מיט דער וועלט פון מאַטעריעלע געגענשטאַנדען אי מיט אַנ־דערע פּסיכיקעס; און דער צוועקמעסיגער קאָנטראָל אין דער אָנפירונג פון אָט די פּראָצעסען איז, פון א ביאָלאָגישען שטאַנדפּונקט, די ערשטע און דירעקטע פונקציע פון דער פּסיכיק. פיזיאָלאָגישע פּסיכאָלאָגיע איז אַלזאָ ניט קיין פעלד אָדער אָפּטיילונג, נאָר גאָר א מעטאָדע וואָס דערגענצט אויף פיעל פונקטען די דריי גרויסע מעטאָדען פון פּסיכאָ־לאָגישער באָאָבאַכטונג. מען קען אויך באַטראַכטען ווי דיסקוטירבאַר דעם באַדען וואו עס קומען זיך צוזאַמען פיזיאָלאָגיע מיט איהרע מעכאַנישע דערקלערונגען, און פּסיכאָלאָגיע, מיט איהרע דערקלערונ־גען פון שטאַנדפּונקט פון צוועק, געבענדיג איינע דער צווייטער ווי־פיעל הילף זיי קענען, דאָך שטרעבענדיג יעדע באַזונדער אויסצושפּריי־טען איהרע דערקלערונגס־פּרינציפּען אַזוי ברייט ווי מעגליך, כדי צו באַרעכטיגען איהרע פּרעטענזיעס אַז זי דערקלערט די פאַקטען פון האַנדלונג און אַז זי דאַרף איינשלינגען איהר קאָנקורענט מאַכענדיג איהם פאַר איהרע א צווייג.

אָפּטמאָל הערען מיר אויך דעם אויסדרוק „פאַרגלייכענדיגע פּסיכאָלאָגיע", עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט כולל געווען די עקזיסטענץ פון א ספּעציעלער אָפּטיילונג אונטער אָט דעם נאָמען. אבער אַזאַ'ן אויסדרוק איז פאַרפירעריש. עס איז ניטאָ אַזאַ'ן אָפּטיילונג. יעדע אָפּ־טיילונג איז, אָדער דאַרף זיין, פאַרגלייכענדיג, אויף וויפיעל זי באַ־נוצט, אָדער וואָלט געקענט באַנוצען, די פאַרגלייך מעטאָדע, ד. ה. אויף וויפיעל זי באַנוצט זיך, אָדער וואָלט זי געקענט באַנוצען, מיט די

# זויליאם מעקדוגעל

באַבאַכטונגען פון אַנדערע אָפּטיילונגען בעת זי באַהאַנדעלט אַ ספּעציעל פּראָבלעם.

אָט די אַלגעמיינע באַמערקונגען וועגן די מעטאָדען און אָפּטיילונגען פון פּסיכאָלאָגיע קען מען פאַרענדיגען אַנווייזענדיג אַז יעדע אָפּטיילונג האָט אַ טאָפּעלט לעבען און אַ טאָפּעלטען צוועק. פון איין זייט העלפט זי מיט וואָס זי קען צו פאַרענטפערן די צענטראַלע פּראָבלעמען פון פּסיכאָלאָגיע, ווי מיר האָבען זיי אָנגערופען: די פּראָבלעמען פון דער סטרוקטור, פונקציע און אָפּשטאַם פון דער מענשליכער פּסיכיק. פון דער אַנדערער זייט האָט זי כאַראַקטעריסטיש־אייגענע פּראָבלעמען און אַ פעלד פאַר אָנווענדונגען, אין באַצוג צו וועלכע זי שאַפט ספּעציעלע שטודיר־מעטאָדען, ברענגט אַרויס אַ הויך ספּעציאַליזירטע ליטעראַטור, און ווערט נאָכגעפאָלגט פון גרופּעס ספּעציאַליזירטע פאָרשער וועלכע, מען מוז מודה זיין, ווייזען זיך אַרויס צו אָפט גלייכגילטיג, אָדער אומבאַקאַנט מיט די פּראָבלעמען, מעטאָדען און רעזולטאַטען פון אַנדערע אָפּטיילונגען.

עס בלייבט צו באַטראַכטען אויף די ווייטערע זייטען ווי אַזוי יעדע אָפּטיילונג פון פּסיכאָלאָגיע באַהאַנדעלט איהרע פּראָבלעמען, און ווי אַזוי יעדע העלפט ווייטער צו טרייבען די צענטראַלע אַרבייט פון דער וויסענשאַפט, צו אַנטדעקען די געזעצען, די פונקציעס, די סטרוקטור און די אָפּשטאַמונג פון דער נאָרמאַלער מענשליכער פּסיכיק.

די ערשטע אָפּטיילונג אויף אונזער ליסטע, דער שטודיום פון׳ם נאָרמאַלען דערוואַקסענעם מענשען, וועלכע איז ביז דער מאָדערנער צייט געוועזן די איינציגע צווייג פון פּסיכאָלאָגיע וואָס מען האָט ערנסט געפּאָרשט, דאַרף תמיד בלייבען אויף איהר פּאָזיציע ווי די וויכטיגסטע אין אַ געוויסען זין, וואָרים איהר אַרבייט דאַרף דערלאַנגען די פראָנט אַטאַקע אויף דער צענטראַלער פעסטונג. פון דעסטוועגען איז עס איצט אומבאַשטרייטבאַר אַז די פראָנט אַטאַקע קען ניט האָפען אויף ערפאָלג אָהן דער הילף פון די אַנדערע אַטאַקירענדיגע רייהען. מיט זעכציג יאָר צוריק איז אָט די אָפּטיילונג, וואָס איז דעמאָלט געוועזן די גאַנצע וויסענשאַפט, באַטראַכט געוואָרען, אפילו פון איהרע אָנפירער, אַז זי האָט שוין כמעט דערגרייכט איהר ציל. איצט

# פסיכאָלאָגיע

אָבער זעהען מיר אז זי האָט ניט אַריינגעבליקט אין דעם גרעסערען טייל פון איהרע שווערקייטען, און אַז זי האָט גאָר ניט געטון אַ חוץ וואָס זי האָט איבערגעקוקט די דרויסענדיגע ווענט און געפּאַנגען עטליכע פאַרפּאָסטען פון דער פעסטונג. וואָרים אין דער דאָזיגער וויסענשאַפט, מעהר ווי אין יעדער אַנדערער, איז די שווערסטע אַרבייט די ערשטע און נויטווענדיגסטע, דהיינו, אויפצודעקען און פאָרמולירען די פּראָבלעמען וואָס מען דאַרף לייזען. דער אויסקוק אַז אַלץ איז שוין פאַרענדיגט איז געקומען דערפון וואָס די אַלטע מעטאָדע פון איינזאַמער אינטראָספּעקציע איז אומפעהיג געווען צו ברענגען אונזערע ידיעות ווייטער פונ׳ם פּונקט צו וועלכען זי האָט זיי שוין געהאַט געבראַכט.

די הויפּט אַרבייט פון דער דאָזיגער אָפּטיילונג צעפאַלט אויף צוויי טיילען. ראשית, צו ברענגען צו אַן אַלץ העכערער מדרגה פון דעליקאַטקייט די אינטראָספּעקטיווע שילדערונג פונ׳ם גייסטיגען פּראָצעס מיט דער הילף פון די נייע עקספּערימענטאַלע מעטאָדען. צווייטענס, צו באַלייכטען די צענטראַלע פּראָבלעמען מיט דעם גאַנצען ליכט וואָס די אַרבייט פון אַנדערע אָפּטיילונגען האָט צוגעגרייט. מכח דער טבע פון דער עקספּערימענטאַלער אַרבייט האָט שוין דאָס פריהערדיגע קאַפּיטעל געגעבען עטליכע לייכטע אָנווייזען. דאָס נייע ליכט וואָס די אַנדערע אָפּטיילונגען פאַרמאָגען און זייער וויכטיגקייט פאַר די צענטראַלע פּראָבלעמען קען מען צום בעסטען אַרומרעדען אין אַ קורצער איבערזיכט איבער יעדער פון אַט די אָפּטיילונגען כסדר.

# פינפטער קאפיטעל

## די לערע פון די האנדלונגען פון חיות.

לאנג צוריק, האט דער גרויסער גריכישער דענקער, אריסטאטעל, אנגעפאנגען דעם שטודיום פון די האנדלונגען פון חיות און האט איהם אוועקגעשטעלט אין זיין ריכטיגען שייכות צו דער מענשליכער פסי־כאלאגיע. ער האט געלערנט אז די האנדלונג פון חיות איז דער אויס־דרוק פון דער פעהיגקייט פון צוועקמעסיגען קאנטראל, וואס איז אויך כאראקטעריסטיש פאר'ן מענשען; דער חילוק צווישען דעם מענשען און די חיות איז וואס א חוץ יענע פעהיגקייטען וועלכע די חיות פאר־מאגען צוגלייך מיט איהם, באזיצט ער אזעלכע וואס זיי פארמאגען ניט. אבער, נאך דער דאזיגער גוטער התחלה, זענען אוועק מעהר ווי צוויי טויזענט יאר ביז מען האט ווידער אונטערגענומען דעם שטו־דיום פון אט דעם געזונטען שטאנדפונקט.

אין אנהייב פון דער עפאכע פון דער מאדערנער וויסענשאפט, האט דעקארט, אפשר דער איינפלוסרייכסטער פילאזאף פון זיבע־צעהנטען יארהונדערט, אפגעשטופט די צייט פאר'ן אומקער פון אט דער פראגרעסיווער ריכטונג טענה'נדיג אז בעת דעם מענשענס מעשים ווערען באהערשט פונ'ם ווילען און צוועק פון א דענקענדיגער נשמה, זענען חיות בלויז קאמפליצירטע מאשינען; אז זייערע אלע באוועגונ־גען קען מען אין גאנצען דערקלערען דורך מעכאנישע פרינציפען וואס גיבען אונז די מעגליכקייט צוזאמענצושטעלען, קאנטראלירען און פאר־שטעהן די באוועגונגען פון א זייגער, אדער א פלומפ, אדער יעדען אנ־דערן מעכאניזם.

כמעט ניט קיין קלענערער פאראורטייל בנוגע דער לערע פון די האנדלונגען פון חיות איז געווען די אינסטינקטען טעאריע וואס איז א לאנגע צייט געווען דער איינציגער קאנקורענט פון דעקארט'ס טעא־

# פסיכאָלאָגיע

ריע. עס איז געווען מעהר אַ טעאָלאָגישע ווי אַ וויסענשאַפטליכע טעאָריע. אויף וויפיעל זי איז אין וואַסער ניט איז זיין געווען וויסענ־שאַפטליך איז זי געווען די אַלטע „פעהיגקייטען פּסיכאָלאָגיע". און זי גיט דעם קלאָרסטען ביישפּיל פון דער ווירקונג וואָס קומט פון שלעכט באַנוצען דעם באַגריף פון פעהיגקייטען. מען האָט געהאַלטען אַז די טעטיגקייט פון מענשען ווערט באַהערשט פון דער שכל־פעהיג־קייט, פון חיות — פון דער אינסטינקט־פעהיגקייט; און דאָס וואָס מען האָט צוגעשריבען די טעטיגקייט פון חיות צום אינסטינקט האָט, ווייזט אויס, פאַרשטעלט, פון די מייסטע וואָס האָבען דאָס וואָרט באַנוצט, די נויטיגקייט ווייטער צו שטודירען און זי צו דערקלערען. עס איז געווען אַ לעבעדיגער ביישפּיל פונ'ם כח פון אַ וואָרט צו פאַר־דעקען אונזער אומוויסענהייט און באַהאַלטען זי אפילו פאַר אונז אליין. די וואָס האָבען פּרובירט צו געהן ווייטער ווי דאָס וואָרט, צו זוכען עפּעס אַ ווייטערע דערקלערונג פון דער האַנדלונג פון חיות, האָ־בען געוויינליך געשילדערט די אינסטינקטיווע אַקטען פון חיות אַז זיי ווערען דירעקט געפירט פון גאָט'ס האַנט. עס וועט אפילו זיין העזה'־דיג צו באַהויפּטען אַז זיי ווערען ניט געפירט פון גאָט'ס האַנט; אַבער ווי שטאַרק מיר זאָלען ניט גלויבען אַז די וועלט, און ספּעציעל די לע־בעדיגע וועלט, איז אין אַ געוויסען זין אַ פּלאַן וואָס אַ גוטהאַרציגער בורא אַרבייט אויס, מוזען מיר אַנערקענען אַז מענשען קענען ניט זיין פריי פון דער פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר אָנפירען מיט פאַרשטאַנד זייער אייגען לעבען און דאָס לעבען פון די נידעריגערע באַשעפעני־שען. אָט די פאַראַנטוואָרטליכקייט איז כולל אַ חוב צו קריגען, וואו מען קען נאָר, אַזאַ פאַרשטענדעניש פון אונזער אייגענער טבע און פון דער טבע פון חיות, וואָס וועט אונז געבען די מעגליכקייט צו קאָנטראָלירען אַזוי ווייט ווי עס לאָזט זיך, דעם גאַנג פון די געשעהע־נישען.

אין אָנהייב פון נייצענטען יאָהרהונדערט, האָט דער גרויסער פראַנצעזישער נאַטורפאָרשער, לאַמאַרק, אָנגעהויבען די אַרבייט פון אוועקשטעלען דעם שטודיום פון די האַנדלונגען פון חיות אויף זיין מאָדערנעם וועג פאַרשלאָגענדיג זיין טעאָריע פון דער עוואָלוציע פון

# וויליאם מעקדוגעל

חיות. לויט זיין טעאָריע אנטשטעהען נייע פאָרמען דורך דעם וואָס עלטערן גיבען איבער זייערע קינדער די צופּאַסונגען אין געבוי און פונקציע וואָס זיי אליין האָבען געקראָגען. אבער ערשט דורך דער ארבייט פון טשאַרלז דאַרווין, ספּעציעל דורך זיין טעאָריע פון נאַטיר־ליכען אויסקלייב, איז די וועלט געוואָרען איבערצייגט אז אלע באַ־שעפּענישען, דער מענש ניט אויסגעשלאָסען, האָבען זיך כסדר אנטוויי־קעלט פון עפּעס אן אורשפּרינגליכער פאָרם. און דאָס פּראָבלעם וועגען דעם שייכות צווישען דער מענשליכער און חיה'שער פּסיכיק האָט אויפ־געוועקט א ברייטען אינטערעס, און אן ערנסטער שטודיום האָט זיך אנגעפאַנגען. דאַרווין אליין האָט גע'טענה'ט אז פונקט ווי דער מענש־ליכער גוף מיט אלע זיינע וואונדערליכע פולקאָמענהייטען אין געבוי און פונקציע שיינט זיך צו האָבען ארויסגעוויקעלט דורך א לאַנגער סעריע קליינטשיגע טריט פונ'ם גוף פון עפּעס א מין חיות נאָהענט צו די היינטיגע מענשען־ענליכע מאַלפּעס, אזוי דאַרף מען אויך באַ־טראַכטען דעם גאַנצען געבוי און די פונקציעס פון זיין פּסיכיק ווי אָפּ־שטאַמענדיג, דורך אן ענליכער סעריע קליינטשיגע טריט, פון דער פּסיכיק פון די זעלביגע חיה'שע אורעלטערן.

הערבערט ספּענסער האָט אויך, אומאָפּהענגיג פון דאַרווינ'ען, פאָרגעשלאָגען א טעאָריע פון כסדר'דיגער עוואָלוציע וואָס האָט כולל געווען די עוואָלוציע פונ'ם מענשענס גייסטיגע פעהיגקייטען פון די גייסטיגע פעהיגקייטען פון חיות. ער האָט געזוכט צו ווייזען ווי אזוי מען קען באַהויפּטען אז דער מענשליכער מאָרד האָט זיך ביסלעכווייז אנטוויקעלט, ווערענדיג וואָס ווייטער אלץ מעהר קאָמפּליצירט אָרגאַ־ניזאַציאָנעל, פון א זעהר איינפאַך נערוועז־סיסטעם, ווי מען געפינט למשל אין געוויסע נידעריגע חיות. און ער האָט אָנגענומען אז די עוואָלוציע פון די גייסטיגע פעהיגקייטען איז געגאַנגען פּאַראַלעל מיט דער עוואָלוציע פונ'ם נערוועז־סיסטעם, און אז יעדער שריט אין גייס־טיגער עוואָלוציע קען פּאַקטיש באַטראַכט ווערען ווי די ווירקונג אָדער דער אויסדרוק פון אן אנטשפּרעכיגען שריט פונ'ם נערוועז־סיסטעם.

די דאָזיגע מיינונגען האָבען נאַטירליך ארויסגערופען א ווילדע אָפּאָזיציע אין פיעל קרייזען; וואָרים מען האָט געפיהלט אז זיי שטע־

לען אין געפאַר די פּריווילעגירטע לאַגע וואָס דער מענש האָט אָנגענו־
מען פאר זיך, און אז זיי זענען סותר אויף פיעל אופנים די אלגעמיין
אָנגענומענע רעליגיעזע טעאָריעס. די אַלטע שנאה צווישען רעליגיע
און וויסענשאַפט האָט ארויסגעפּלאַצט אין א נייעם פלאם, און מען
האָט גענומען פירען אן אויפגערעגטען ויכוח, וועמעס שוואַכע דונערן
אַן אויפמערקזאם אויער קען נאָך איצט הערען.

די נייע טעאָריעס און די אַרויסגעקומענע מחלוקת האָבען גע־
געבען א שטאַרקען שטויס דעם שטודיום פון די האַנדלונגען פון חיות;
און די דאָזיגע שטודיומס האָבען אָנגעזאמעלט אַ סך פּינקטליכע
ידיעות. מען קען אבער ניט זאָגען אז די הויפּט פראגען פונ׳ם ויכוח
זענען פארענטפערט געוואָרען. די כסדר׳דיגקייט פון דעם מענשענס
גייסטיגער עוואָלוציע פון נידעריגערע חיות האָט מען בדרך כלל אָנ־
גענומען, כאָטש עטליכע אנגעזעהענע שטימען פּראָטעסטירען נאָך אלץ
אנטקעגען דעם. אין אלגעמיין איז מען מודה אז מיר קענען מיט צו־
טרויען אָננעמען די טעאָריע פון דער כסדר׳דיגקייט פון גייסטיגער
עוואָלוציע אין דער גאנצער וועלט פון חיות; אָבער מען ווייזט אָן אז
צווישען דער מענשליכער פּסיכיק און דער פּסיכיק פון די העכסטע
חיות ליגט אן אומגעהייערער חלל און מען באַשטעהט דערויף אַז מיר
קענען ניט געזעצליך באהויפּטען אז דער פּאָמעליכער אנטוויקלונג־
פּראָצעס איז אריבער אָט דעם חלל. מען באַשטעהט דערויף אז צווי־
שען דער מענשליכער און חיה׳שער פּסיכיק איז פאַרהאַן אי אַ קוואַנ־
טיטאַטיווער אי א קוואַליטאַטיווער אונטערשיד. אויף דער ערשטער
פון די דאָזיגע טענות גיט דער ראַדיקאלער עוואָלוציאָניסט צוויי מעכ־
טיגע ענטפערס. מען גיט צו, זאָגט ער, אז די אנטוויקלונג מדרגות
פון גייסטיגע פעהיגקייטען אין דער חיה־וועלט געהען אין אַלגעמיין
פּאַראַלעל מיט די אנטוויקלונג מדרגות פונ׳ם נערוועז־סיסטעם. אָבער
צווישען די נערוועז סיסטעמען פון מענשען און פון די העכסטע חיות
איז פאַרהאַן אן אומגעהייערער חלל אין דער לייטער פון אָרגאניזאָ־
ציאָנעלער קאָמפּליצירטקייט וואָס אנטשפּרעכט דעם חלל אין דער
לייטער פון גייסטיגע פעהיגקייטען. מיר האָבען דערפאר א גוטע אור־
**זאך צו** גלויבען אז אויב מיר וואָלטען געקענט באָאבאַכטען די חיה

# וויליאם מעקדוגעל

ווען מען נערוועז סיסטעם האט אנגעפילט דעם חלל אין דעם לייטער פון נערוועז־ארגאניזאציע, וואלטען מיר אויסגעפונען אז זייערע גייס־טיגע פעהיגקייטען פילען אן דעם אנטשפרעכיגען חלל אין דעם לייטער פון גייסטיגער ארגאניזאציע. דער צווייטער ענטפער פונ'ם עוואלו־ציאניסט דערגענצט דעם ערשטען אויף א זעהר עפעקטפולען אופן, אזוי: דער שטודיום פון דער קערפערליכער און גייסטיגער אנטוויק־לונג פון מענשען צייגט אז יעדער פון אונז, אין משך פון זיין וואוקס פון א מיקראסקאפישער זריעה אין דער מאמעס בויך ביז דעם דער־וואקסענעם לעבען, ווייזט ארוים בנוגע דער ארגאניזאציע סיי פון זיינע קערפערליכע סיי פון זיינע גייסטיגע פעהיגקייטען, א כסדר'די־גע עוואלוציע; אויף קיין פונקט באווייזט זיך ניט קיין פלוצלונגער פאקטאר; נאר, אין איינקלאנג מיט'ן גוט־באגרינדעטען געזעץ פון רעקאפיטולאציע, פראגרעסירען כסדר סיי די ארגאניזאציע פון נערוועז סיסטעם סיי די אנטוויקלונג פון גייסטיגע פעהיגקייטען אומגעפעהר, איבער'חזר'נדיג אין זייערע כסדר'דיגע שטופען ענליכע שטופען אינ'ם גאנג פון דער עוואלוציע פונ'ם מין. אויב, אל־זא, א קינד קען אין משך פון עטליכע יאר אריבערגעהן דעם גרויסען חלל אין דעם לייטער פון גייסטיגער ארגאניזאציע, ווי זשע קענען מיר צופרידענשטעליג אפלייקענען אז דער מין האט געקענט אריבערגעהן דעם אייגענעם חלל אין משך פון מיליאנען יארען?

וואס אנבאלאנגט דער טענה אז די פעהיגקייטען פון דער מענש־ליכער פסיכיק אונטערשיידען זיך פון דער חיה'שער ניט בלויז קוואנ־טיטאטיוו נאר אויך קוואליטאטיוו, איז ווערט צו באמערקען אז זי שאפט א שוועריקייט פאר דער טעאריע וועגען דער כסדר'דיגקייט פון דער גייסטיגער עוואלוציע נאר דעמאלט, ווען מען פארשטעהט אונ־טער איהר אז די מענשליכע פסיכיק פארמאגט פעהיגקייטען פון וועל־כע מען קען ניט אנזעהן קיין ברעקעל אדער שאטען אין דער האנד־לונג פון חיות. איצט איז עס אלגעמיין אנערקענט אז דארווין און פיעל פון זיינע נאהענטע תלמידים — וואס זיי זענען אפשר געווען אביסעל פארטייאיש צוליב דעם פארלאנג צו פארקלענערן דעם חלל צווישען דער מענשליכער און חיה'שער פסיכיק — האבען ערנסט אי־

# פּסיכאָלאָגיע

בערגעשאצט די פּסיכישע כחות פון די העכערע חיות, אויסטייטשענ־
דיג זייערע האנדלונגען, איז א סך פאלען, נאָכ'ן מוסטער פון מענשען.
וואָס איז ניט געווען בארעכטיגט. דאָך, כאָטש מיר האלטען שטרענג
צוריק די טענדענץ צו דערהייבען די גייסטיגע כחות פון חיות העכער
פון זייער אמת'ער מדרגה, שיינט אָבער דער חלל ניט צו זיין אזוי
ברייט ווי עס האָט אויסגעוויזען מיט א האלבען יארהונדערט צוריק.
וואָרים דאָס נייע ליכט וואָס דער שטודיום פון חיות האָט געוואָרפען
אויף דער טבע פון גייסטיגע פּראצעסען, האָט פארקלענערט דעם חלל
פון דער מענשליכער זייט, ווייזענדיג אונז אז אין א סך וויכטיגע היג־
זיכטען זענען די מענשליכע גייסטיגע פּראצעסען פיעל ענליכער צו
גייסטיגע פּראצעסען פון חיות, ווי מען האָט פריהער אָנגענומען.

פילאָזאָפען האָבען איינגעשטימט מיט דער פאָלקס־טראַדיציע צו
שילדערן דעם מענשען ווי א שכל'דיגע בריאה און צושרייבענדיג אלע
זיינע טאַטען און גלויבענס צו שכל'דיגע מאָטיווען און לאָגישע אָפּע־
ראַציעס. ווייל, שטודירענדיג הויפּטזאַכליך אָדער אויסשליסליך זייערע
אייגענע פּסיכיקעס — וועלכע זענען בלי ספק מעהר ווי יעדע אנדערע
געשטאַנען נאָהענט צום אידעאל פון א ריין שכל'דיגער פּסיכיק —
האָבען זיי פארזעהן דעם פאַקט אז פיעל פון דער מענשליכער האנד־
לונג איז דער פּועל יוצא פון גראבע אימפּולסען און פארלאנגען, מיט
וועלכע דער שכל קען ניט איינשטימען און וועלכע דער ווילען קען ניט
קאָנטראָלירען. זיי האָבען אויך פאַרזעהן דעם פאקט אז דאָס רוב גלוי־
בענס וואָס ווערען אויסגעדריקט אין דער אויפפירונג פונ'ם דורכשניט
מענשען, זענען צוגעקומען דורך פּראָצעסען פון א ניט־לאָגישען כאַ־
ראקטער; מען קען זיי מיט לאָגיק ניט באַרעכטיגען.

ווען מיר האָבען געמאכט אזעלכע נויטיגע אויסבעסערונגען אין
אונזערע אָפּשאַצען פון דער פּסיכיק פון מענשען און חיות מוזען מיר
באמת צוגעבען אז דער חלל צווישען זיי איז געוואלטיג; אבער מיר
מעגען איינשטימען מיט דער הערשענדיגער מיינונג צווישען קאָמפּע־
טענטע מענשען, וואָס באהויפּטען אז דעם מענשענס גייסטיגע פונק־
ציעס זענען ניט אזוי ראדיקאל אנדערש קוואַליטאַטיוו אז מיר זאָלען
ניט טאָרען גלויבען אין דער כסדר'דיגקייט פון דער גייסטיגער עוואָ־

לוציע; ווארים אין דער האנדלונג פון חיות קען מען אויסגעפינען אנווייזען אויף געוויסע עלעמענטען פון יעדען סארט גייסטיגע פונקציע.

די לערע פון די האנדלונגען פון חיות האט אונז ביז איצט געלערנט דריי זעהר וויכטיגע זאכען פאר פסיכאלאגיע: 1) זי האט קלארער געמאכט די טבע פון גייסטיגער אדער צוועקמעסיגער טעטיגקייט און האט אויפגעדעקט איהר הערשאפט אין דער גאנצער חיה־וועלט; (2) זי האט באלויכטען דעם סאמע באדען פון דער מענשליכער נאטור ארויסווייזענדיג פארהעלטענישמעסיג איינפאך די ארטען טעטיגקייט צווישען חיות וואס שטעלען צונויף אט דעם באדען, נאר אין מענשליכען לעבען זענען זיי אזוי קאמפליצירט און פארטונקעלט פון דער הויכער אנטוויקלונג פון אונזער אינטעלעקטועלער נאטור, אז זיי האבען א לאנגע צייט כמעט אין גאנצען זיך ארויסגעדרעהט פונ'ם פילאזאפס דורכדרינגליכקייט; (3) זי האט אונז געוויזען ווי אזוי אויפצופאסען די הויפט ליניעס פונ'ם גאנג פון דער עוואלוציע וואס האט זיך פארענדיגט מיט דער מענשליכער פסיכיק. מיר מעגען שענקען עטליכע ווערטער יעדען פון די דאזיגע ענינים.

דער סארט גייסטיגע טעטיגקייט מיט וועלכער יעדער איז צום בעסטען באקאנט איז דאס וויליגע שטרעבען עפעס אויסצופירען וואס מיר האבען קלאר איינגעפאסט פאראויס, וואס מיר האבען גע'פסק'ענט אז ס'איז ווינשענסווערט אדער גוט, און וואס מיר האבען בכיון געפלאנעוועט און באשלאסען עם אויסצופירען, ווענען אזא טעטיגקייט קען מען זאגען: איך האב געטון אזוי און אזוי כדי צו דערגרייכען דעם דאזיגען ציל וואס איך וויל אז ער זאל דערגרייכט ווערען, ווייל, טראכטענדיג דערפון אין געדאנק זעה איך פאראויס אז זיין פארווירקליכונג וועט מיר ברענגען באפרידיגונג. אזא טעטיגקייט ווערט דערפאר פאר אונז דער טיפ פון צוועקמעסיגער טעטיגקייט; און ווען מיר קענען ארויסדרינגען אז די טעטיגקייט פון אן אנדער באשעפעניש פאסט זיך צו צום אייגענעם טיפ, פיהלען מיר אז מיר פארשטעהען זי אדער אז מיר קענען זי דערקלערען. עס בלייבט אבער א טיפערע פראגע: פארוואס זאל די דערגרייכונג פונ'ם געגעבענעם ציל מיך בא־

# פּסיכאָלאָגיע

פרידיגען? דער ענטפער אויף דער פראגע — וואָס מען האָט צום מעהרסטען אָנגענומען איידער די לערע איבער די האנדלונגען פון חיות האָט געמאַכט א טריט פאָראויס—איז געווען אזא: ווייל איך האָב באַמערקט ביי פריהערע געלעגענהייטען אז א לאגע, ענליך צו דער וואָס איך וויל באשאפען, גיט מיר פארגעניגען אָדער באפרייט מיך פון וועהטאָג. אזוי ארום האָט מען באטראכט די פארמעהרונג פון פאר־געניגען און פארקלענערונג פון וויטאָג ווי די גרענעץ פון יעדען צוועק אָדער ווילען, ווי דעם אָביעקט פון אלע פארלאנגען וואָס זענען די מאָ־טיווען פון אונזער טעטיגקייט. מען האָט צוגעגעבען אז א ווייט־זיכ־טיגער מענש קען אויסקלייבען ווייטע גרויסע פארגעניגענס איידער קלענערע פארגעניגענס פון באלדיגער קערפערליכער רוהיגקייט, און אז ער קען אפילו וועלען ליידען וועהטאָג, אויב ער האָט דעריין געזעהן א נויטיגען שריט כדי צו דערגרייכען די ווייטע פארגעניגענס. אזוי האָט מען דערקלערט אזעלכע פאקטען ווי דאָס וואָס די קריסטליכע מאַרטירער האָבען אויסגעקליבען בעסער צו ליידען אויפ'ן עשאפאָט אָדער אין דער אַרענע איידער זיך אָפּצוזאָגען פון זייער אמונה; וואָ־רים, האָט מען געזאָגט, זיי האָבען געגלויבט אז טוענדיג אזוי וועלען זיי זיך פארזיכערן מיט די זעהר גרויסע און דויערנדיגע פארגעניגענס פון גן עדן און זיך באפרייען פון די אייביגע מאַטערנישען פון גהינום.

די טעאָריע וועגען מענשליכע מאָטיווען (באקאנט ווי פּסיכאָלאָ־גישער ה ע ד אָ נ י ז ם*) האָט מען געמאַכט פאר'ן באזיס פון א פילאָזאָפיע פון מאָראַל און פּאָליטיק וואָס האָט גע'טענה'ט אז זי איז פּולקאָם און פארענדיגט, און זי האָט אויסגעאַביט א גרויסען און גו־טען איינפלוס אין דער גאנצער ציוויליזירטער וועלט און האָט פיעל געטוהן פאר דער אויסבילדונג פון אונזערע געזעצען און אינסטיטוציעס, דאָס איז די א ו ט י ל י ט א ר י ס ט י ש ע**) פילאָזאָפיע. אבער דער שטודיום פון די האנדלונגען פון חיות האָט אונז געבראַכט דערצו

*) „ה ע ד אָ נ ע" איז אַ גריכישער וואָרט וואָס מיינט פארגעניגען. (רעדאקטאָר).

**) „א ו ט י ל י ט אַ ס" איז א לאַטייניש וואָרט, וואָס מיינט ניצ־ליכקייט. (רעדאקטאָר).

# וויליאם מעקדוגעל

אז מיר זאלען איינזעהן אז די דאזיגע טעאריע פון מאטיווען איז פאלש. ווען מען האט שטודירט די האנדלונגען פון חיות אהן פאר־אורטייל, איז קלאר געווארען אז די וועלט פון חיות האט אויך געהאט איהרע מארטירער. א סך מוטערס צווישען חיות קעמפען מיט דער גאנצער ענערגיע פון זייערע לעבענס אנטקעגען די שרעקליכסטע צרות און, ניט צוריקציהענדיג זיך, באגעגענען זיי בעסער דעם טויט אין זיין גרויזאמסטער פארם, איידער צו פארלאזען זייערע קינדער און ראטעווען זיך דורך אנטלויפען. דאך, קען מען אננעמען אז פארזיכטי־גע אויסרעכענונגען בנוגע דעם איבערוואג פון פארגעניגען איבער וועה־טאג האבען אונטערשטיצט זייערע אנשטרענגונגען? אזא מוטער האט זיכער ניט געהאט קיין פעסטען גלויבען אין הימלישען שכר אדער גיהנום׳שער שטראף. מיר קענען אויך ניט אננעמען אז זי האט מורא פאר׳ן וועהטאג פון חרטה וואס קען זיך צעוואקסען ווען זי וועט פאר־לאזען איהר פלאץ. זי טראכט ניט וועגען מארגען, זי זעהט ניט פאר־אויס קיין גוטס אדער שלעכטס, קיין פארגעניגען אדער וועהטאג; אבער, ניט קוקענדיג אויף אלע רעזולטאטען מאכט זי איין העכסטע זעלבסט־אויפאפפערענדיג אנשטרענגונג אויסצופירען דעם צוועק פון איהר לעבען כדי איבערצוגעבען דאס ליכט פון לעבען אומפארטונ־קעלט. אין איהר שוואכען ארגאניזם פליסט איין שמאלער שטראם פונ׳ם גרויכען צוועק וואס באלעבט אלע לעבעדיגע באשעפענישען. וועמעס ציל מיר קענען בלויז טונקעל אויפפאסען און אומקלאר שיל־דערן ווי די פאראייביגונג און די פארמעהרונג פון לעבען.

אזעלכע פאלען פון זעלבסט־אויפאפערונג צווישען חיות זענען גאנץ פאכיג צו פארכאפען אונזער אויפמערקזאמקייט און אנרעגען אונזער געדאנק, און אומעטום אין דער וועלט פון חיה׳שער טעטיג־קייט קען מען באמערקען די סימנים פונ׳ם אמת אויף וועלכען זיי וויזען קלאר אן. דער דאזיגער פשוט׳ער אבער טיפער אמת זאגט אז אין געוויסע באדינגונגען האנדלען חיות אזוי אדער אנדערש, זיך רייסענדיג אהן אויפהער, אפט ארויסגעבענדיג זייער גאנצע ענערגיע ביז׳ן סוף, ווייל אין יעדען פאל איז עס די טבע פונ׳ם באשעפעניש אזוי צו טוהן אונטער די געגעבענע באדינגונגען. די איינזאמע וועספ

# פסיכאָלאָגיע

שלעפּט מיט אַלע כחות צו איהר פּאָרזיכטיג צוגעגרייטען נעסט די שפּייז וואָס זי האָט געקראָגען נאָך א טאָג ארבייט, און זי פּאַרמאַכט איהם דאָרט צוזאַמען מיט איהרע אייער, כדי ער זאָל דינען אַלס שפּייז פאר די קינדער וועלכע זי וועט קיינמאָל ניט זעהן, און פון וועמעס נויטען און עקזיסטענץ זי קען קיין ידיעה ניט האָבען. דאָס יונגע פייגעלע פליהט א טויזענט מייל איבער ים און יבשה זוכענדיג, ניט ווי־סענדיג פּאַרוואָס, דעם קלימאַט וואָס איז צום פּאַסינגסטען פאר איהרע קינדער. זי בויט איהר נעסט לויט'ן מוסטער פון איהר מין און זיצט אויף איהרע אייער איבערלעבענדיג, ווי עס שיינט, א שטענדיגע באַ־פרידיגונג פונ'ם פּראָגרעס פון איהר ארבייט; אָבער, מיר מעגען זיכער אננעמען, אז זי דענקט קיין איינמאָל ניט וועגען די יונגע פייגעלעך פאר וועמעס וואוילזיין זי טוט איהר גאַנצע ארבייט. דער יונגער זכר־נאַכטיגאַל, קומענדיג אין פרילינג פון זיינע ווייטע ווינטער פּלעצער, שטעלט זיך אָפּ אין א געדיכטען קוסט און גיסט אויס נאַכט נאָך נאַכט און דעם גאַנצען טאָג זיינע מוזיקאַלישע כוואַליעס, אָהן וועלכער ניט איז באוואוסטזיניגער פּאַראויסזעהונג פון זיין חבר'טע וואָס זיין געזאַנג וועט איהם ברענגען; כאָטש ווען זי קומט ווייס ער ווי צו געבען איהר א ברוך הבא. דאָס יונגע פערד שנאָרכט און ציטערט פאר דער טונקעלער זאַך אויף זיין וועג, כאָטש עס זענען שוין טויזענטער יאָרען אוועק זינט די וועלף האָבען געלויערט אויף זיינע אורעלטערן. דער שטאָט־דערצויגענער, איינגעצאַמטער, גוט־געשפּייזטער יאַגד־הונט קען ניט ביישטעהן דעם ריח פון א קראָליק אויפ'ן גראָז, און פליהט איהם נאָך אין ווילדער אויפרעגונג, טויב צום געשריי פון זיין בעל־הבית; כאָטש ער ווייס גאר ניט פון פעלד־יאַגד און האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אָדער געשמעקט קיין קראָליק.

אין די אַלע און אין אָהן א שיעור אנדערע פאַלען פון חיה'שען לעבען זעהען מיר דעם אייגענעם פאַקט: די חיה ווערט געטריבען צו טון וואָס זי טוט. אויף יעדען טריט זעהט זי פאראויס העכסטענס דעם באַלדיגען רעזולטאַט פון איהר טעטיגקייט און גאָרניט פון די ווייטערע צילען פאַר וועלכע זי ארבייט. מוזען מיר, אַלזאָ, זיך אומקערען צו דעקאַרט'ס טעאָריע און באַשליסען אז דאָס וואָס מיר רופען צוועק־

# וויליאַם מעקדוגעל

מעסיגע טעטיגקייט פון חיות איז ניט מעהר ווי א ריין מעכאַנישער פּראָצעס, וועלכער אונטערשיידט זיך בלויז אין קאָמפּליצירטקייט פון דער טעטיגקייט פון א מאַשין וואָס איז געמאַכט פון מענשליכע הענט, און אז פון אַלע לעבעדיגע באַשעפענישען ווערט בלויז דעם מענשענס טעטיגקייט אַנגעפירט און געשטיצט פון א צוועק?

מיר מוזען זיך אָפּזאָגען דאָס צו טון צוליב צוויי אורזאַכען. ערש־טענס, די האַנדלונגען פון חיות, פון די איינפאַכסטע ביז די העכסטע, ווייזען אַרויס יענע אויסערליכע אָדער אָביעקטיווע סימנים פון א צוועק אויף וועלכע איך האָב זיך כסדר אָפּגעשטעלט; דהיינו, אַ האַרטנעקיגע ווענדונג צו זייער ריכטיגען ציל ניט קוקענדיג אויף אַלע שטערע־נישען און שוועריקייטען, און בייטענדיג די דעטאַלען פון די האַנד־לונג־אַרטען. צווייטענס, אויב מיר קוקען אומפּאַרטייאיש אויף דער מענשליכער קאָמעדיע, ניט ווערענדיג פאַרבלענדט ווערען פון א נאַר־ישען שטאָלץ און דער טראַדיציאָנעלער פאַראַכטונג פאַר אונזערע ני־דעריגערע באַשעפענישען, וועלען מיר זעהן אז פיעל פון אונזערע האַנדלונגען זענען שטרענג ענליך צו די דאָזיגע טעטיגקייטען פון די חיות. ווען דאָס נאַר וואָס געבוירענע קינד שרייט אַרויס זיין אומצו־פרידענהייט, האָט דאָס קיין באַגריף ניט פון די הענט און דער ברוסט וואָס וועלען איהם העלפען. ווען ביים ערשטען קנאַל פון דונער לויפט ציטערדיג דאָס קינד (אָדער דער דערוואַקסענער) זיך צו באַהאַלטען אין׳ם נאָהענטסטען פינסטערן ווינקעל, האָט עס קיין באַגריף ניט פון א שעדליכער קראַפט וואָס קען אויסגעמיטען ווערען דורך באַהאַלטען זיך. ווען ראָמעאָ׳ם באַוואונדערענדיגער בליק געהט נאָך דזשוליעט׳ן און מאַכט אז זי זאָל אַוועקלויפען מאָדנע צעמישט, אָדער ווען זי קווענ־קעלט זיך א ווייַלע און וואַרפט א בליק הינטערוויילעכץ, מעג זי מיט פולשטענדיגען אמת אָפּלייקענען אז זי ווייס דעם נאַטירליכען ציל פון איהרע האַנדלונגען, און אפילו שפּעטער, ווען זי גיט זיך אונ־טער זיין אומאַרמונג, קען זי עס טון לחלוטין ניט פאַראויסזעהענדיג קיין פאַרגעניגען אָדער וועהטאָג און קיין אייגציגען טריט אין דער אָדער יענער ריכטונג. זי פירט פשוט אויס דעם צוועק פון איהר לעבען, געטריבען צו יעדער האַנדלונג פון אימפּולסען

# פּסיכאָלאָגיע

ווען די באַדינגונגען ערשיינען, און אפשר זענען איהרע האַנדלונגען פּונקט אַזוי בלינד, ווי די האַנדלונגען פון נעסט־פייגעלעך.

און ראָמעאָ, ווען ליכטיגע אויגען רעגען איהם אָן צו פאַרטאָפּלען זיינע באַמיהונגען אין דעם שפּיל פון מעסטען כחות אָדער געשיקט־קייט אָדער באַרייכערן זיין קול מיט אַ פרישער מוזיק, קען אויך וויסען אַזוי ווייניג ווי דער נאַכטיגאַל וואָס גיסט אויס זיין געזאַנג, וואָסער ציל ער דינט מיט זיין היציגען פלייסען זיך.

אָדער נעמט אַ שטאַרקען מענשען אין אָנפאַנג פון זיין לעבען. וואָס ווערט געטריבען פון אַמביציע אַנצושטרענגען אַלע כחות פון זיין קולטיווירטען אינטעלעקט אין געיעג נאָך וועלטליכען ערפאָלג. זיין לעבענס־גאַנג קען זיין פאַרזיכטיג אויסגעפּלאַנעוועט פאַר אַסך שפּע־טערדיגע חדשים און יאָרען און ווערט שטענדיג נאָכגעפאָלגט. ער איז די סאַמע פאַרקערפּערונג פון אַ פעסטען צוועק און אַנטשלאָסענקייט. אָבער פרעגט איהם: פאַרוואָס געהט ער נאָך זיין אַמביציע? פאַרוואָס זאָל ער אַזוי האַרטנעקיג קעמפען פאַר אַ הויכער פּאָזיציע? און גאַנץ מעגליך אַז ער וועט ניט קענען ענטפערן. ער ווייס גאַנץ גוט אַז וועלטליכער ערפאָלג איז שטויב און אַש; אַז כבוד האָט נאָר אַ ווערט אַזוי לאַנג ווי מיר האָבען איהם ניט; אַז ער וואָלט לייכט געקענט האָבען אַ ים מיט פאַרגעניגען וואָס ער לאָזט איצט לייכט דורך. אַלץ וואָס ער קען אייך זאָגען איז, אַז ער איז אַזוי באַשאַפען געוואָרען. אויסקלייבענדיג אַ לאַנגע סעריע טיפּען פון מענשליכער און חיה'שער טעטיגקייט, וואָלטען מיר געקענט מאַכען אַ לייטער וואָס וואָלט מיט קליינטשיגע אונטערשיד־טרעפּ געפירט אַראָפּצוצו פון די צום מעהרס־טען אמת'ע צוועקמעסיגע טעטיגקייטען פונ'ם מענשען, טעטיגקייטען וואָס ווערען אונטערשטיצט און באַנייט דורך פיעל יאָרען פון אַ פעס־טען זעלבסטבאַוואוסטען באַשלוס צו דערגרייכען עפּעס אַ קלאָר־אויפ־געפאַסטען ציל, ביז דער טעטיגקייט פון די איינפאַכסטע מיקראָסקאָ־פּישע חיה'לעך. איידער אָפּצוטיילען די חיות פונ'ם מענשען און אי־בערגעבען זיי דער וועלט פון מעכאַניזם, אָדער גלייך אַריבערשפּרינגען צום ווייט־לויפיגען שלוס, אַז אונזער איבערצייגונג פון דער צוועק־

# וויליאם מעקדוגעל

מעסיגער נאטור פון אונזער אייגענער העכסטער טעטיגקייט איז בלויז א טעות און אז אויך דער מענש איז בלויז א שטיק קאמפליצירטע מאַ־שין; איידער מסכים צו זיין אוועקצולייגען אונזער פּראָבלעם מיט אַט דעם אומבארעכטיגטען און, לכל הפחות, לחלוטין פריה־צייטיגען שלום, דארפען מיר ליבערשט רעווידירען און אויסברייטען אונזער באגריף פון צוועקמעסיגער טעטיגקייט. אנשטאט אַנצונעמען די אנטוויקעלסטע ארטען פון מענשליכע פארלאנגען פאר דעם טיפּ און דער פאָרם פון יע־דער צוועקמעסיגער אַקטיוויטעט, דארפען מיר אנערקענען אז אַט די העכערע ארטען, וואו מיר באגרייפען קלאָר און פארלאנגען אַ געווי־סען ווייטען ציל פון טעטיגקייט, זענען בלויז די זעלטענסטע און הויך ספּעציאליזירטע ווארייאַציעס פון א גרויסען קלאַס וואָס נעמט אריין אלע ארטען פון מענשליכער און חיה'שער האנדלונג.

דער אמת איז אז דער פארלאנג שפּראַצט ארויס פון א בלינ־דען אימפּולס. דער אימפּולס איז א פּאַר־השערה פונ'ם פארלאנג, און דאַס לעצטע איז בלויז א העכערע אנטוויקלונג פונ'ם אימפּולס א דאנק אַ העכערער ארגאניזאציע פון דער פּסיכישער סטרוקטור סיי פון איהר קאָגניטיווער סיי פון איהר קאָנאטיווער זייט. ווען דער אמ־ביציעזער יונגערמאַן באשליסט ביי זיך און פאָלגט נאָך זיין באשלוס צו דערגרייכען א הויכע שטעלונג צווישען מענשען, טוט ער עס בלויז א דאנק דעם פאקט וואָס דער געבוי פון זיין פּסיכיק נעמט ארום א קאָנאַטיווע נייגונג, וועמעס אויפרעגונג עס טרייבט איהם, אָדער שאַפט אַן אימפּולס וואָס טרייבט איהם זיך ארויסצורייסען, זיך ארויסצו־שטעלען פאר מענשען. בלויז דערפאר וואָס ער באזיצט אַט די ספּעצ־ציפיש־לויפיגע נייגונג שיינט איהם אַ הויכע שטעלונג צו זיין ווינ־שענסווערט. אויב די נייגונג וואָלט ניט געווען אין זיין קאָנסטיטוציע וואָלט דער באגעהר פון אנדערע נאָך אזא שטעלונג ביי איהם אויסגע־זעהען אומדערקלערבאר און אבסורד. בלויז צוליב'ן באזיץ פון א ספּעצ־ציאליזירטער קאָנאטיווער נייגונג, געפינט דער אומשולדיגער בחור אויס אַז זיינע בליקען, זיינע טריט, זיינע געדאנקען רייסען זיך אומ־ווידערשטעהליך צום מיידעל; בלויז אַ דאנק דעם איז ער פול מיט טונקעלער אומרוה און א בענקשאפט נאָך עפּעס, ער ווייס אליין ניט

וואס, א בענקשאפט לגבי וועלכער אלע אנדערע צילען און שטרעבונ־
גען זעהען איהם אוים קליינליך און אומוויכטיג; בלויז א דאנק דעם
איז ער פעהיג געפאנגען צו ווערען פון עפעס וואס אנדערע, וועלכע
האבען עס טיילוויין פארגעסען אדער קיינמאל ניט איבערגעלעבט.
רופען די מאדנע משוגעת פון ראמאנטישער ליבע.

אלזא פונקט אזוי ווי אלע האנדלונגען פון חיות, נעמען אריין
אלע פאלען פון מענשליכער טעטיגקייט (אפילו די צום ווירקליכסטען
פארלאנגטע און זעלבסט־באוואוסט אנגעפירטע) די ארבייט פון ספע־
ציעלע נייגונגען דורך וועלכע די קאנאטיווע ענערגיע, דער ווילען צו
לעבען, ווערט געפירט אנצורעגען און אונטערשטיצען באשטימטע
האנדלונג־ארטען. יעדע פון די קאנאטיווע נייגונגען קען באשאפען
בלויז א בלינדען אימפולס, אדער א פארלאנג צו א ציל וואס מען
האט מעהר אדער וועניגער קלאר באגריפען. די גרויסע אונטערשידען
צווישען די איינפאכערע און העכערע ארטען פון טעטיגקייט זענען
פון צוויי סארטען: ערשטענס, די אונטערשידען אין דער מאס קלאר־
קייט און פולקייט מיט וועלכע מען דענקט וועגען דעם נאטירליכען
ציל, וואס בלויז ער קען באפרידיגען דעם אימפולס אין יעדען פאל,
און מיט וועלכע די טריט פאר זיין דערגרייכונג ווערען געפלאנעוועט;
צווייטענס, די אונטערשידען אין דער מדרגה ביז וועלכער דער געגע־
בענער אימפולס ווירקט צוזאמען אדער קומט אין קאנפליקט מיט אנ־
דערע אימפולסען אויף א מעהר אדער וועניגער קאמפליצירטען
אופן, לויט דער ארגאניזאציאנעלער קאמפליצירטקייט פון דער
פסיכישער סטרוקטור.

דער צווייטער וויכטיגער מוסר השכל, וואס קומט דערהויפט
פונ'ם שטודיום פון די האנדלונגען פון חיות, איז אז די מענשליכע
פסיכיק פאננט ניט אן איהר עקזיסטענץ, — ווי אזוי פיעל פון די
עלטערע שרייבער האבען אנגענומען — ווי א ווייסער בויגען פאפיר
אדער א גלאטיג טעוועלע וואקס, פארטיג אי אויפצונעמען אי אויפ־
צוהאלטען אלע איינדרוקען וואס די דרויסיגע וועלט קען מאכען דע־
רויף, און באשאנקען בלויז מיט'ן כח איבערצוטאשען און רעפראדו־

# וויליאַם מעקדוגעל

צירען אין שוואַכערע פאָרמען די דאָזיגע שאַרפע חוש־איינדרוקען. אָדער, אויסצודריקען דעם עניין אַנדערש, דער שטודיום פון חיות האָט אונז געלערנט אַז יעדער אינדיווידועלער אָרגאַניזם, אַ מענשליכער אָדער חיה׳שער, פאַנגט אָן זיין טעטיגען לעבען בעת אַ היבשער טייל פון זיין פולען גייסטיגען געבוי, סיי דער קאָגניטיווער סיי דער קאָנאַ־טיווער, איז שוין אין גאַנצען פאַרטיג, אָדער, אויב מיט נאָך ניט קיין פאַרטיגען געבוי, איז ער אָבער שוין ווייט אויפ׳ן וועג פון איינגעבוי־רענע טענדענצען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם געבוי.

די נויטיגקייט צו גלויבען אַז אַזעלכע איינגעבוירענע טענדענצען פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער גייסטיגער סטרוקטור ווערען איבערגע־געבען פון דור צו דור, ווערט זעהר קלאָר ארויסגעצוואונגען אויף אונז פון דער האַנדלונג פון געוויסע אינסעקטען; וואָרים אין דער אינסעק־טען־וועלט איז די איינגעבוירענע באַשטימטע סטרוקטור פון דער פסי־כיק געוויינליך זעהר קאָמפּליצירט, און שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרעי־סערע פּראָפּאָרציע פון דער גאַנצער סטרוקטור ווי אין יעדער אַנדע־רער פון די העכערע צווייגען פונ׳ם לעבען־בוים. פון אַלע אינסעקטען אילוסטרירט אפשר די איינזאַמע וועספּ צום לעבעדיגסטען אונזער איצטיגען געדאַנק. פאַרהאַן אַ סך מינים וואָס לעבען פון אינסעקטען און אַנדערע קליינע ברואים; די דאָזיגע ברואים ווערען אין אַלגעמיין דער׳הרג׳עט אָדער פּאַראַליזירט דורך שטעכען, דערנאָך טראָגט מען זיי אַוועק און מען פאַרמאַכט זיי אין אַ נעסט אָדער נאָרע צוזאַמען מיט איינס אָדער עטליכע אייער פון דער וועספּ, כדי זיי זאָלען זיין שפּייז פאַר׳ן ווערימעל וואָס וועט שפּעטער ארויס פונ׳ם איי. די כאַראַקטער־שטריכען פון אָט דעם פּראָצעס — ספּעציעל אינטערע־סאַנט פון אונזער איצטיגען שטאַנדפּונקט — זענען צוויי: ערשטענס, די וועספּען פון יעדען מין (מיט ווייניג אויסנאַמען) לעבען בלויז פון איין סאָרט חיות, כאָטש ס׳איז העכסט וואַרשיינליך אַז די ווערימלעך פון יעדען מין וואָלטען געקענט לעבען אויף חיה־שפּייז פון כמעט יע־דען סאָרט. איין מין וועספּען לעבט בלויז אויף ווערימלעך, אַן אַנדע־רער אויף שפּרינגער, אַ דריטער אויף שפּינען, א. א. וו. און אַ וועספּ קען פאַרשווענדען פיעל שעה׳ן זוכענדיג איהר ריכטיגען רויב צווישען

# פּסיכאָלאָגיע

א שפּע פון אַנדערע קליינע באַשעפענישען וועלכע שיינען פּונקט אַזוי
גוט צו זיין א פּאַסיגע שפּייז פאַר איהרע ווערימלעך. דאָס וואָס זי
קלייבט אויס א באַשטימטען מין, איז ניט ווייל זי מאַכט נאָך אַנדערע
וועספּען פונ'ם זעלביגען מין, אָדער אַן אַנדער לערן־פּראָצעס, וואָרים
די וועספּ קומט אַרויס פון דער אָפּגעזונדערטער פּופּע ווי א פולער
דערוואַקסענער אינסעקט, און באַלד געהט זי זוכען איהר שפּייז. די
וועספּ האָט אַלזאָ אַן איינגעבוירענע פעהיגקייט צו דערקענען איהר
ריכטיגע שפּייז, אָדער, אינ'ם זין אין וועלכען מיר האָבען דעפינירט
דאָס וואָרט וויסען, מוז זי האָבען אַן איינגעבוירען וויסען וועגען איהר
שפּייז, ד. ה. זי ירש'ענט א קאָגניטיווע נייגונג וואָס מאַכט זי פעהיג
צו קענען איהר שפּייז ווען זי איז אין א גרייך־מהלך פון איהר חוש.
דער צווייטער אינטערעסאַנטער פּונקט אין איצטיגען מאָמענט איז
וואָס די וועספּ פון יעדען מין מאַניפּולירט איהר שפּייז אויף אַן אופן
וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר איהר מין. איינע שטעכט איהר
קרבן אויף א באַזונדערן ווירקזאַמען אופן, אַן אַנדערע געהט הינטער־
וויילעכץ בעת זי שלעפּט איהר קרבן צום נעסט ; אַזאַ סאָרט פּאַראויס־
געהן גיט איהר מעהר כח צו שלעפּען גרויסע עקזעמפּלאַרען פונ'ם מין
פון וועלכען זי לעבט, אבער זי פירט זיך אַזוי ווען אפילו דער עק־
זעמפּלאַר איז אַזוי קליין אַז זי וואָלט לייכט געקענט לויפען מיט איהם
האַלטענדיג איהם אין מויל. עס איז פּונקט ווי א מענש זאָל זיך אַהיים
שלעפּען מיט א געבויגענער פּלייצע און פאַרבראָכענע פיס אונטער
דער משא פון א פונט טיי אויף זיין אַקסעל. א דריטער סאָרט צע־
שפּרייט די פיס איבער איהר קרבן בעת זי טראָגט איהם אַוועק. איין
מין האַלט דעם קרבן תמיד מיט די דריטע פּאָר פיס ; אַן אַנדערער
מיט דער — צווייטער פּאָר ; אַנדערע האַלטען איהם אין מויל. און
ווען די וועספּ קומט אין איהר נעסט מיט'ן קרבן זענען איהרע האַנד־
לונגען ווידער סטערעאָטיפּיש. איין מין לייגט תמיד אַנידער דעם קרבן,
לויפט צום לאָך וואָס זי האָט צוגעגרייט, קוקט זיך אום, און שלעפּט
אַריין איהר קרבן נאָך זיך. אַן אַנדערער לייגט איהם אַוועק אויפ'ן
צעטייל־פּונקט פון א נידעריג פאַרצווייגטען פלאַנץ, און זי געהט באַ־
טראַכטען איהר נעסט. א דריטער טראָגט דעם קרבן דירעקט אין דעם

# וויליאַם מעקדוגעל

נעסט אַהן פריהערדיגע אויספאָרשונגען. אַט די שטענדיגקייט פון דער האנדלונג־אַרט פון יעדען מין אין נאָרמאַלען גאנג פון זייער טעטיג־קייט, קען פון אויבען אויף אויסקוקען צו באשטעטיגען דעם בליק פון יענע וואָס באטראכטען חיות ווי פשוט'ע מאשינען (און אז אזעלכע אינסעקטען ווי וועספען זענען אומבאוואוסטע מעכאַניזמען האָבען גאַנץ ערנסט באהויפּט א טייל מאָדערנע באָבאַכטער). דאָך זענען די זעלביגע וועספען פעהיג שכל'דיג צוצופּאַסען זייערע האנדלונגען צו אומגעוויינליכע אומשטאַנדען, און אין געוויסע הינזיכטען ווייזען זיי ארויס זעהר מאָדנע אייגענשאַפטען.

דאָס ארויסווייזען אזעלכע קאָמפּליצירטע ארטען פון פיין־צוגע־פּאסטע האנדלונגען אָהן פריהערדיגער ערפארונג פון דער לאַגע, און די שטענדיגקייט פון אזעלכע האנדלונגען אינ'ם גאנצען מין, זענען די צוויי אַלגעמיין אָנגענומענסטע סימנים פון אינסטינקטיווער טעטיג־קייט. ווארים דאָס וואָרט „אינסטינקטיוו“ בלייבט ווי אַן אַלגעמיינער באשרייב־טערמין פאר אַזאַ סאָרט טעטיגקייט, כאָטש די מאָדערנע וויסענשאַפט איז מעהר ניט צופרידען צו באנוצען איהם ווי א צודעק פאר אומוויסענהייט. די פריהערדיגע ביישפּילען פון אינסטינקטיווער האנדלונג — באטראכט אין פארבינדונג מיט'ן אלגעמיינעם באריכט פון דער גייסטיגער סטרוקטור וואָס איז פריהער געגעבען געוואָרען — ווייזט קלאָר וואָס אונזער טעאָריע פון אינסטינקטען קען זיין. דאָס וואָס די וועספּ פון יעדען מין דערקענט איהר קרבן, אָהן דער מינדס־טער ידיעה פון פריהערדיגער ערפארונג, ווייזט אַז אויפ'ן באזיץ פון אן אנטשפּרעכיגער קאָגניטיווער נייגונג וואָס געפינט זיך אין דער איינגעבוירענער קאָנסטיטוציע און ווערט פונקציאָנעל פולקאָם אין יעדען יחיד ניט געאיבטערהייט. דאָס וואָס זי באהאנדעלט איהר קרבן אויף אן אופן וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאר איהר מין, ווען זי באגעגענט איהם צום ערשטען מאָל, ווייזט ווידער אז זי פארמאָגט אן אנטשפּרעכענדיגע איינגעבוירענע קאָנאַטיווע נייגונג. און דאָס וואָס יעדע וועספּ רופט זיך אָפּ אויף אַזאַ ספּעציפישען אופן אויף איהר ספּעציפישען קרבן, און בלויז אויף דעם, ווייזט אַז אַז אָט די קאָנאַ־טיווע נייגונג איז בטבע פארבונדען מיט דער קאָגניטיווער נייגונג וואָס

גיט איהר די מעגליכקייט צו דערקענען איהר קרבן. דאָס איז אַלזאָ
די טבע פון אַן אינסטינקט, די גייסטיגע סטרוקטור וואָס איז די באַ־
דינגונג פון אינסטינקטיווער טעטיגקייט: אַן אינסטינקט באַשטעהט
אין אַ מעהר אָדער ווייניגער הויך־ספּעציאַליזירטער קאָנאַטיווער נייּ־
גונג פארבונדען מיט א ספּעציאַליזירטער קאָגניטיווער נייגונג. דאָס
גאַנצע קאָגניטיוו־קאָנאַטיווע סיסטעם איז איינגעבוירען אָדער גע־
ירש'ענט, ד. ה. עס אנטוויקעלט זיך פון זיך אליין אין יעדען יחיד
ביז צו אַ צושטאַנד ווען עס ווערט פעהיג צו באַשטימען צוגעפּאַסטע
אָפּרופען פאַר זיין אָביעקט.

דאָס איז אַ פאָרמולע דורך וועלכער מיר קענען, אין אַ געוויסען
זין, דערקלערען אַ גרויסען טייל פון די האַנדלונגען פון חיות; דהיינו.
אַלע צוועקמעסיגע אָפּרופען וואָס זענען כולל די אייביגע אונטערשיי־
דונג פון'ם אָביעקט אָהן אַ פריהערדיגער באַקאַנטשאַפט מיט איהם.
כמעט אַלע האַנדלונגען פון געוויסע חיות פּאַסען זיך שטרענג צו צו
אַט דעם טיפּ. דער בעסטער ביישפּיל פון באַשעפענישען וואָס ווערען
אין גאַנצען באַהערשט פון אינסטינקטען געפינט מען צווישען געוויסע
אינסעקטען וועלכע, ארויסקומענדיג פון דער פּופּע מיט אַלע זייערע
אָרגאַנען אין גאַנצען אנטוויקעלט, נעמען גלייך אויספירען אַן איינ־
ציגען קרייז פון זעהר קאָמפּליצירטע צוועקמעסיגע ארבייטען, און
שטאַרבען. מען מוז אויפפּאַסען דעם פּסיכישען געבוי פון אַזאַ חיה
ווי עפּעס וואָס באַשטעהט פון אַ באַגרענעצטער צאָל איינגעבוירענע
קאָגניטיווע נייגונגען, און יעדע איז פארבונדען מיט אַ קאָנאַטיווער
נייגונג. און דאָס וואָס דער איינציגער טעטיגקייטס־קרייז — וואָס איז
די גאַנצע לעבענס־געשיכטע פון דער בריאה'ס דערוואַקסענעם לעבען
— האַלט אָן, העננט אָפּ דערפון וואָס די אָפּעראַציע פון יעדער קאָ־
נאַטיווער נייגונג ברענגט ארויס אַ לאַגע וואָס רעגט אָן אַן אַנדער
קאָגניטיווע נייגונג, וועלכע באַוועגט ווידער אַן אַנדער קאָנאַטיווע
נייגונג, א. א. וו. ביז דער קרייז איז דורכגעפירט. דאָס איז למשל
די האַנדלונג פון אַן אינסעקט וועלכער, נאָך דעם ווי ער בריהט זיך
אויס, פליהט ער אַרום ביז ער באַגעגענט אַ געוויסע בלום, שטעלט
זיך אָפּ אויף איהר, און, נאָך אַ רייה געניע מאַניפּולאַציעס פון איהרע

## וויליאַם מעקדוגעל

טיילען, לייגט ער אוועק זיינע אייער צווישען די אייעלעך פון דער בלום, דאָס איינציגע אָרט אין דער גאַנצער וועלט וואו די אייער קע־נען זיך אנטוויקלען.

אָבער דאָס רוב חיות טוען אָפּ זייער אינסטינקטיווע טעטיגקייט מעהר ווי איין מאָל אין משך פון זייער לעבען. און ווען אַזאַ טעטיג־קייט חזר'ט זיך איבער פיעל מאָל, קענען מיר אין אלגעמיין באמער־קען אז די טבע פון דער טעטיגקייט ווערט געענדערט אין הסכם מיט ערפאַרונג, ד. ה. געענדערט אזוי אז זי זאָל זיין פון גרעסערן נוצען פאַר'ן לעבען פונ'ם איינצעלנעם אָדער פונ'ם מין. די ענדערונגען זע־נען פון דריי סאָרטען. ערשטענס, קען די חיה לערנען אָפּצורופען זיך ווירקזאמער אויף אביעקטען פונ'ם קלאַס וואָס רופט ארויס איהר אינסטינקטיווען אָפּרוף. צ. ב. ש. א פויגעל וואָס פארפאָלגט אינס־טינקטיוו אלע זומערפייגעלעך, לערנט דורך ערפאַרונג וועגען דעם עקעלדיגען געשמאַק פון איין מין, זיך אָפּצוהאַלטען נאָכצויאָגען מיט־גלידער פון אָט דעם מין און פון אלע אנדערע וואָס האָבען ענליכע סימנים. אָדער: א יונג לעמעלע פאָלגט נאָך אינסטינקטיוו יעדען גרויסען געגענשטאַנד אין באוועגונג, אבער אין קורצען לערנט עס זיך אָפּצורופען אזוי בלויז אויף שעפּסען; און שפּעטער לערנט עס זיך אויס צו אונטערשיידען איהר אייגען שעפּסעל פון אנדערע. אין אלע אַזעלכע פאַלען מוזען מיר ארויסדרינגען אז די איינגעבוירענע קאָגניטיווע נייגונג האָט זיך ווייטער דיפערענצירט דורך ערפאַרונ־גען פון ערפאָלג און דורכפאַל, פארגעניגען און וועהטאָג.

צווייטענס, קען די חיה לערנען זיך אָפּצורופען מיט איינער פון איהרע אינסטינקטיווע האַנדלונג־אַרטען אויף אַן אָביעקט בנוגע וועל־כען זי איז פריהער געבליבען גלייכגילטיג. אַהן א שיעור אילוסטראַ־ציעס פון אַזאַ סאָרט צופּאַסונג פון אינסטינקטיווע האַנדלונגען זעהט מען אין פאַלען וואו חיות לערנען זיך אויס צו פארצוקען באַשעפעני־שען, וואָס זענען אנדערש פון די וועלכע זיי זוכען. דער טיגער, למשל, פאלט ניט אָן אינסטינקטיוו אויף מענשען; אָבער, געטריבען פון מאַנ־געל אין שפּייז און ממילא'דיגען שטאַרקען הונגער, האָט ער איינמאָל אַטאַקירט און פארצוקט א מענשען, ווערען שוין מענשען דערנאָך

אָביעקטען וועלכע רייצען אויף זיין רויבערישען אימפּולס. אדער: א יונגער הונט אנטלויפט ניט אינסטינקטיוו אין מורא פאַר א אינגעל; אָבער אויב א חברה קונדייסים האבען איהם איינמאָל אָדער עטליכע מאָל געפּייניגט, וועט ער שוין דערנאָך אנטלויפען פון אָלע אינגלעך. דאָס בלויזע ערשיינען פון א אינגעל וועט גענוג זיין אויפצואוועקען אין איהם דעם מורא־אימפּולס און זיינע כאַראַקטע־ריסטישע קערפּערליכע אויסדרוקען. מיר מוזען אָננעמען אין אזעלכע פאַלען אז די קאָנאַטיווע נייגונג האָט זיך פאַרהעקעלט מיט דער קאָג־ניטיווער נייגונג מיט וועלכע זי איז פון געבוירענהייט ניט געווען פאַר־בונדען.

דער דריטער סאָרט ענדערונגען פון אינסטינקטיווע האַנדלונגען באַשטעהט אין אַן ענדערונג פון דער קערפּערליכער טעטיגקייט וואָס ציהט זיך צום אביעקט פון׳ם אינסטינקט. דאָס זעהט מען זעלטען, א חוץ אין פאַרבינדונג מיט דער ערשטער אָדער דער צווייטער פון די פריהער דערמאָנטע ענדערונגען, אָדער אַלס רעזולטאַט פון דעם מענ־שענס לערנען. ווען מעוועס לערנען זיך אויס נאַכצופּאָלגען א שיף און כאַפּען פּיצלעך עסענוואַרג וואָס מען וואַרפט זיי צו, אָדער נאַכצופאָלגען דעם אַקער־אייזען און זיך שפּייזען מיט ווערים און ווערימלעך, האָבען מיר א פאַל פון אַן ענדערונג פון׳ם געמישטען סאָרט; און געוויסע קונ־צען וואָס חיות לערנען זיך אויס, ווי ארויפשטופּען א קליאַמקע, זע־נען ביישפּילען הויפּטזאַכליך פון באַוועגונגען. אזא׳ן ענדערונג פון אַן אינסטינקטיוון סאָרט קערפּערליכע באַוועגונג ווייזט אַן אויף א דיפע־רענציאַציע פון דער איינגעבוירענער קאָנאַטיווער נייגונג וואָס דער אינסטינקט נעמט ארום.

ווען די האַנדלונג פון א חיה ווייזט ארויס אַן ענדערונג פון א ריין אינסטינקטיווען אַרט האַנדלונג פון איינעם פון די דריי דערמאָנטע סאָרטען, זאָגען מיר אז זי האָט גענאָסען פון איהר ערפאַרונג און האַנ־דעלט שכל׳דיג. אַלזאָ אַלע חיה׳שע האַנדלונגען זענען אָדער אינסטינק־טיוו אָדער שכל׳דיג, און ווען מיר זאָגען שכל׳דיג, מיינען מיר אַז זיי זענען אזעלכע וואָס ווייזען אַן אויף א געוויסער ענדערונג אינ׳ם איינ־געבוירענעם געבוי פון דער פּסיכיק דורך דער ערפאַרונג פון ערפאָלג

## וויליאם מעקדוגעל

אדער דורכפאל, פארגעניגען אדער וועהטאג, אינ׳ם גאנג פון צוועק־מעסיגער טעטיגקייט, ד.ה. אז די שכל׳דיגע האנדלונג איז תמיד כולל אן ענדערונג פון אינסטינקטיווע האנדלונג־ארטען, און אינסטינקט איז די פאר־השערה פון שכל; ווארים אויב א באשעפעניש וואלט ניט פאר־מאגט קיין אינסטינקט פון וועלכען ניט איז סארט, וואלט ניט געווען קיין באדען פאר דער ארבייט פונ׳ם שכל, עס וואלט ניט געווען קיין טענדענץ צו ענדערן; און די ענדערונג פון פריהערדיגע טענ־דענצען איז דער תוך פון שכל׳דיגער טעטיגקייט.

דאס איז אלזא דער שייכות פון שכל צום אינסטינקט אין דער וועלט פון חיות: יעדע חיה איז פון דער נאטור באשאנקען מיט גע־וויסע אינסטינקטען וועלכע צווינגען זי זיך אפצורופען אויף ספעצי־פישע אופנים, אויף באשטימטע באדינגונגען אדער זאכען פון איהר סביבה. רייסענדיג זיך צו אט דעם אפרוף, קען זי דערוייל לערנען צו ענדערן איהרע קערפערליכע באוועגונגען, צו אונטערשיידען גע־נויער צווישען די געגענשטאנדען וואס באפרידיגען מעהר אדער וויי־ניגער איהרע אימפולסען אדער אפצורופען זיך דירעקט מיט ספעצי־פיש געווענדטע אימפולסען אויף געגענשטאנדען וועלכע האבען זיי פאר יענער ענדערונג געוויינליך ניט אויפגערייצט. און פראפארציא־נעל צו דעם צו א חיה ברענגט ארוים מעהר אדער ווייניגער אזעלכע צוגעפאסטע ענדערונגען, זאגען מיר אז זי ווייזט ארוים מעהר אדער ווייניגער שכל.

די העכערע חיות, ד. ה. יענע וועמעס האנדלונג ווייזט ארוים די גרעסטע קאמפליצירטקייט און פינקטליכע צוגעפאסטקייט צו פאר־שידענע לאגעס, צעפאלען זיך אין צוויי גרויסע קלאסען: דער קלאס אין וועלכען די האנדלונגען זענען הויפטזאכליך אינסטינקטיוו, וואו די ענדערונגען פון די איינגעבוירענע טענדענצען זענען פארהעלטע־נישמעסיג ווייניג און שוואך, אבער וואו אט די איינגעבוירענע טענ־דענצען זענען אליין זעהר קאמפליצירט און ווייט ספעציאליזירט; און, צווייטענס, דער קלאס אין וועלכען די אינסטינקטיווע טענדענצען זע־נען אויף א נידעריגער מדרגה פון ספעציאליזאציע, נאר זיי ווערען שטארק געענדערט און ספעציאליזירט אויף פארשידענע אופנים אין

משך פון׳ם יחיד׳ס ערפאַרונג. דעם ערשטען קלאַס רעפּרעזענטירען צום בעסטען די העכערע אינסעקטען; דעם צווייטען — די העכערע רוקענביינינגע חיות, ספּעציעל די זויג־חיות.

עס איז פּונקט ווי די נאַטור וואָלט אויספּרובירט צוויי באַזונדערע פּלענער צו דערגרייכען א געהעריגע צופּאַסונג פון איהרע קינדערס האנדלונגען. איין פּלאַן איז צו שאַפען אין דער איינגעבוירענער גייסטיגער סטרוקטור פון יעדער חיה א סיסטעם פון ווייט ספּעציאַליזירטע אינסטינקטען, אזוי פולקאָם ווי מעגליך, וואָס זאָל אזוי גוט צופּאַסען די חיה צו איהר ספּעציעלער סביבה, אז עס זאָל מעהר קיין נויטיגקייט ניט זיין צו ענדערן אויף וועלכען ניט איז אופן איהרע אינסטינקטיווע האנדלונג־אַרטען, כדי זי זאָל זיך פּרוכפּערן און פאַרמעהרען איהר מין. אָט דער פּלאַן ווערט געוויינליך אויסגעפירט איז יענע באַשעפענישען וועלכע — ווי דאָס רוב אינסעקטען — קומען ארויס אין גאַנצען דערוואַקסענע צו פירען אַן אומאָפּהענגיג לעבען פון אַקטיווער באַוועגונג. וואָרים אויב אַזעלכע באַשעפענישען וואָלטען געדאַרפט לערנען אָפּט צו ענדערן זייערע איינגעבוירענע האנדלונג־אַרטען כדי ערפאָלגרייך צו קעמפען מיט זייער סביבה, וואָלטען דאָס רוב פון זיי אומפאַרמיידליך אונטערגעגאַנגען איידער זיי וואָלטען אויסגעפירט אַזאַ׳ן אַרבייט.

דער אנדערער פּלאַן איז צו באַשענקען די איינגעבוירענע גייסטיגע סטרוקטור פון יעדער חיה מיט א געוויסער צאָל זעהר אַלגעמיינע אינסטינקטען, ד. ה. אינסטינקטען וואו סיי די קאָגניטיווע סיי די קאָנאַטיווע טיילען זענען זעהר ווייניג ספּעציאַליזירט, אזוי אז די חיה ווירקט אויף עטליכע זעהר אַלגעמיינע אופנים אויף אַן אנטשפּרעכענדיגער צאָל גרויסע קלאַסען פון געגענשטאַנדען; און די אינסטינקטען ווערען דערגענצט מיט א הויכער פעהיגקייט שכל׳דיג צו צופּאַסען די האנדלונגען, און איבענדיג אָט די פעהיגקייט קענען זיך די איינגעבוירענע נייגונגען ספּעציאַליזירען און דיפערענצירען צו קעמפען מיט א סך פאַרשידענע געגענשטאַנדען און באַדינגונגען. עס איז אַ נויטיגער טייל פון דעם פּלאַן אז די יונגע חיה זאָל אין דער ערשטער פּעריאָדע פון איהר אַקטיוו לעבען, ניט זיין אין גאַנצען אָנגעוויזען

# וויליאַם מעקדוגעל

אויף איהר אייגענער מיה; ווארים איהרע זעהר אַלגעמיינע אינס־
טינקטען וואָלטען קיים געגוג געווען צו דערהאַלטען זי ביים לעבען
אָהן הילף. גלייכער איז פאַר איהר צו האָבען א צייט פון א באַשיצט
לעבען, און אין דער צייט קען זי באַקומען, דורך ערפאַרונג, אַזעלכע
ספּעציאַליזאַציעס אין איהר פּסיכישען געבוי וואָס זענען נויטיג פאַר
אַן אומאָפּהענגיגער עקזיסטענץ. די דאָזיגע פּעריאָדע פון א באַשיצ־
טער אומריפּקייט ווערט געשאַפען פון דער נאַטור דורך
אַנטוויקלען אין׳ם מין דעם עלטערן־אינסטינקט וואָס באַוועגט די דער־
וואַקסענע פון יעדען דור צו שפּייזען, באַשיצען, און באַשירעמען זייע־
רע יונגינקע, און דאָס גיט צו צו זייערע איינגעבוירענע ידיעות, וואָס
זענען זעהר אַלגעמיין, א נויטיגען זאַפּאַס פון צוגעקראָגענע ידיעות.
און דאָס איז אין הסכם מיט׳ן אַלגעמיינעם געברויך, ווייל אונטער
„ידיעות" פאַרשטעהען מיר די פעהיגקייט צו דענקען און האַנדלען
אויף געוויסע אופנים. מיר זאָגען אַז א מענש האָט א ידיעה אין שווי־
מען, אָדער שיסען, אָדער אין דער כפל טאַבעלע; אין דער פראַנ־
צויזישער שפּראַך, אָדער אין די פּרינציפּען פון כעמיע. און עס איז
פּונקט אַזוי ריכטיג צו זאָגען אַז די בין וויים ווי אַזוי צו בויען א בינ־
שטאָק, די וועוועריקע — צו געפינען און עפענען ניס, די שפּין — ווי
אַזוי צו פאַרריכטען איהר שפּינוועב, אָדער אַז דער פויגעל וויים וואו
זיין נעסט איז; ווארים אין יעדען פאַל, צו דאָס וויסען איז איינגע־
בוירען אָדער צוגעקראָגען, דאָס וואָס מען באַזיצט אַזא וויסען הייסט
אַז עס זענען פאַרהאַן מעהר אָדער ווייניגער ספּעציאַליזירטע נייגונגען
וואָס האָבען א געהעריגען שייכות צו דער רעשט פונ׳ם געבוי פון דער
פּסיכיק.

ווען מיר פאַרגלייכען אַלזאָ אָט די צוויי פּלענער לויט וועלכע די
האַנדלונגען גלייכען זיך אוים מיט די נויטען, זעהט מען דאָך באַשיינ־
פּערליך אַז דער צווייטער פּלאַן גיט גרעסערע מעגליכקייטען. לויט׳ן
ערשטען פּלאַן קומט אוים אַז וואָס העכער די אינסטינקטען פון א באַ־
שעפעניש זענען אָרגאַניזירט, און וואָס פולקאָמער זיי זענען אָרגאַני־
זירט בעת די בריאה טרעט אריין אין לעבען פון פרייער טעטיגקייט,
אַלץ ווייניגער שאַנסען האָט זי צו קריגען נייע ידיעות, אָדער ווײ־

# פּסיכאָלאָגיע

טער צו אַנטוויקלען אויף וועלכע ניט איז אופן איהר פּסיכישע סטרוק־
טור. ווארים די הויך ספּעציאַליזירטע אינסטינקטען, קומענדיג גלייך
אין באוועגונג, ווערען איינגעשטעלט אָדער פאַרפעסטעוועט דורך באַ־
נוצונג, און די חיה איז שוין כסדר פאַרשאָלטען צו אַ לעבען פון אי־
בער׳חזר׳ן טאָג־טעגליך איהרע ריין אינסטינקטיווע האנדלונג־אַרטען.

פּאַרקערט, דער צווייטער פּלאַן שיינט צו געבען אויסזיכטען אויף
אומבאַגרענעצטע מעגליכקייטען פאַר אינדיווידועלער גייסטיגער אַנט־
וויקלונג, ווארים וואָס ווייניגער ספּעציאַליזירט די אינסטינקטען זענען,
און וואָס לענגער עס איז די צייט פון דער קינדהייט אדער ב אַ ש י צ־
ט ע ר א ו מ ר י י פ ק י י ט, אַלץ מעהר געלעגענהייטען האט יעדער יחיד
ווייטער צו אַנטוויקלען דעם געבוי פון דער פּסיכיק דורך אייגענער
מיה. דער דאָזיגער צווייטער פּלאַן שאפט אומפאַרמיידליך נאָך אַ
זעהר וויכטיגע מעלה פאַר׳ן מין אין וועלכען ער ארבייט: ער מאכט
מעגליך אַז די צוגעקומענע ידיעות אָדער ערפאַרונגען פון יעדען דור
זאָלען ביז אַ געוויסער מאָס אריבערגעהן צום קומענדיגען, ד. ה. ער
ברענגט אריין דעם פּרינציפּ פון טראַדיציע. ווארים די יונגע חיות,
בלייבענדיג אונטער דער השגחה פון די עלטערן, האָבען נויטווענדיג
אַ געוויסען נוצען פון אימיטירען זייערע האנדלונגען; בעת אונטער דעם
אַנדערן פּלאַן, ווען די מוטער לייגט די אייער, איז זי מעהר ניט פאַר־
אינטערעסירט אין זייער וואוילזיין, און די קינדער געניסען דערפאַר
קיינמאָל ניט די עלטערנס חבר׳שאפט און האָבען קיין געלעגענהייט
ניט זיי נאָכצומאַכען.

דער איינפאַכסטער אופן ווי אַזוי קינדער באַנוצען זיך מיט׳ן
וויסען וואָס זייערע עלטערן האָבען געקראָגען, איז זיי נאָכצוגעהן און
צו לערנען וואו מען קען גיכער געפינען עסען און אַז אַפּדאַך. אבער
די מעגליכקייט צו האָבען נוצען פון נאָכמאַכען איז אַזוי גרויס אַז
אין פיעל מינים האָבען זיך אַנטוויקעלט ספּעציעלע צופּאַסונגען אין
זייער איינגעבוירענער פּסיכישער סטרוקטור, כדי צו פאַרזיכערען די
דאָזיגע נוצען. דער טיפּישער און באַשיינפּערליכסטער און, אפשר,
דער איינפאַכסטער ביישפּיל פון אַזאַ ספּעציעלע איינגעבוירען מיטעל
צו פאַרזיכערן פאַר יעדען דור דעם פולען נוצען פונ׳ם לעבען פון דער

פאַמיליע און דער געזעלשאַפט, איז די אנטוויקלונג פון אַ ספּעציע־
לער קאָגניטיווער נייגונג אויפצונעמען די אויסדרוקען פון מורא וואָס
אנדערע מיטגלידער פונ׳ם מין גיבען, און איהר איינגעבוירענע פאַר־
בינדונג מיט דער קאָנאַטיווער נייגונג אין וועלכער דער אימפּולס פון
מורא לעבט אויף. צוליב דער ספּעציעלער אנטוויקלונג פון דער קאָגני־
טיווער זייט פון אַט דעם אינסטינקט, קאָרטשעט זיך דאָס פייגעלע צו־
כויף באַוועגלאָז, אָדער לויפט זיך באַהאַלטען ווען די מוטער גיט אַ
געשריי פון מורא; דער יונגער קראַליק לויפט אריין אין דער ערד ווען
זיין מוטער׳ס ווייסער ווײַדעל נעמט זיך באַמבלען; און צווישען די
געזעלשאַפטליכע זויג־חיות רופען ענליכע סיגנאַלען דאָס יונגוואַרג אין
דער סטאַדע צוגרייטענדיג אַלעמען צוזאַמען צו אנטלויפען אָדער זיך
צו פאַרטיידיגען. די אַפּטקייט פון דערקען־צייכענס צווישען די העכע־
רע חיות (וואָס דער ווייסער אונטערשלאַק פונ׳ם קראַליק׳ס ווײַדעל איז
אַ פּשוט׳ער ביישפּיל) גיט אַ געוויסען אַנווייז אויף דער וויכטיגקייט
פונ׳ם דאָזיגען פּרינציפּ. אָבער צווישען די העכערע חיות שטייגט די
ראָלע פון טראַדיציע — וואָס די אינגערע מאַכען נאָך די עלטערע —
ווייט אַריבער די דאָזיגע איינפאַכע פאָרמען; די פאַרשידענע סאָרטען
נעסטען און לידער פון פיעל פייגעל שיינען צו ווערען בלויז טיילווייז
באַשטימט אינסטינקטיוו און טיילווייז טראַדיציאָנעל.

אויב אַלזאָ מיר ווענדען אָן די פריהער־דערמאָנטע פּרינציפּען פון
חיה׳שער האנדלונג צו באַלייכטען דעם שייכות צווישען דער מענש־
ליכער און חיה׳שער פּסיכיק, ערשיינט די מענשליכע פּסיכיק ווי אַ
פּראָדוקט פון אַ ראַדיקאַלער עוואָלוציע לויט׳ן צווייטען פון די צוויי
גרויסע פּלענער פון גייסטיגער אָרגאַניזאַציע. דער מענש ירש׳ענט זיי־
כער געוויסע אינסטינקטען, וואָרים אָהן זיי וואָלט ער ניט געהאַט די
מיטלען זיך צו נעמען צו זיין ארבייט אויפצובויען די אומגעהייערע
מאַסע צוגעקראַגענע ידיעות וואָס ער דאַרף, ד. ה. אויב ירושה וואָלט
איהם ניט צוגעשטעלט קיין געוויסע קאָגניטיווע און קאָנאַטיווע ניי־
גונגען, און אויב אַ טייל פון זיי וואָלטען ניט געווען בטבע צונויפ־
געבונדען, וואָלט קיין מעגליכקייט ניט געווען צו באַוועגען זיינע פּסי־
כישע פעהיגקייטען. אָבער ער קריגט אַ סך ידיעות און שנעל, ווייל

ויינע באדינגונגען זענען זעהר גינסטיג דערצו. ערשטענס, די אינס־
טינקטען וועלכע ער ירש'ענט זענען פונ'ם אַלגעמיינסטען טיפּ סיי פון
דער קאָגניטיווער סיי פון דער קאָנאטיווער זייט; זיי שאַפען בלויז אַ
באַזיס פאר אומבאַשטימטער טעטיגקייט וואָס רעאַגירט אויף אומקלאַר
אונטערשיידטע איינדרוקען פון גרויסע קלאַסען נעגענשטאַנדען. צוויי־
טענס, דער דויער פונ'ם מענשענס אומרייפקייט און די פּעריאָדע פון
די עלטערנס שוץ איז זעהר לאַנג; ווארים בעת די יוגענד פון די
שכל'דיגערע חיות געדויערט בלויז עטליכע חדשים, אַדער, צום העכס־
טען, זעהר ווייניג יאָרען, ווי אין די פאַמיליעס פון העלפאַנטען און די
מענשען־ענליכע מאַלפּעס, דויערט ביי מענשען די אומרייפקייט און
די עלטערנס שוץ כמעט צוואַנציג יאָר. דריטענס, די מעגליכקייטען צו
פּראָפּיטירען פון טראַדיציע זענען ביי דעם מענשען געוואַלטיג פאר־
גרעסערט צוליב זיין שפּראַך פעהיגקייט; ווייל די שפּראַך גיט אַ מעג־
ליכקייט יעדען דור איבערצוגעבען זיין נאָכפאָלגער אַן אומגעהייער
גרעסערן זאַפּאַס פון צוגעקומענע ידיעות ווי עס איז מעגליך אויף ער־
גיץ אַן אנדער אופן, און נאַטירליך די ערפינדונג פון שרייבען האָט
ווידער אומגעהייער פארגרעסערט די מעגליכע מאַסע טראַדיציאָנעלע
ידיעות. אָט די דריי גינסטיגע באַדינגונגען פאַר דער אַנטוויקלונג פון
דער מענשליכער פּסיכיק דערקלערען זעהר פיעל פאַרוואָס זי שטייגט
אַריבער די פּסיכיק פון דער העכסטער חיה.

די לערע פון די האַנדלונגען פון חיות, אַ חוץ וואָס זי באַלייכט
די אַלגעמיינע טבע פונ'ם איינגעבוירענעם באַזיס פון דער מענשלי־
כער פּסיכיק אין די אַלגעמיינע באַדינגונגען פון איהר אַנטוויקלונג,
העלפט אונז אויך קלאָר צו מאַכען די איינצעלהייטען פון איהר איינ־
געבוירענער טבע דערמיט וואָס זי ווייזט אונז אַ וועג בעת מיר ווי־
לען דעפינירען די מענשליכע אינסטינקטען. ווארים עס איז דאָך קלאָר,
ווי די טעאָריע פון כסדר'דיגער עוואָלוציע פאָדערט, אַז די מענשליכע
פּסיכיק איז באַשאָנקען מיט אַ צאָל אינסטינקטען וואָס זענען זעהר
ענליך צו געוויסע אינסטינקטען וואָס מען טרעפט ביי די העכערע
חיות, צום ביישפּיל, די אינסטינקטען פון מורא, געשלעכט און קאַמף־
לוסט. בעת זיי ווייזען זיך אַרויס אין איינפאַכע און אומצווייפעל־

# וויליאַם מעקדוגעל

האפטע האנדלונג־פאַרמען צווישען די חיות, איז אבער זייער טעטיג־קייט צווישען מענשען אזוי ווייט געענדערט און מטושטש צוליב צו־געקראַגענע ענדערונגען און דער פעהיגקייט פון זעלבסט־באוואוס־טער קאָנטראָל, אז אָהן דעם פארגלייך וואָס די חיה׳שע האנדלונגען ווייזען ארויס, וואָלט דאָס דעפינירען די מענשליכע אינסטינקטען גע־ווען אומגעוויינליך שווער.

מיר האָבען געזאָגט אז אַ דריטער אופן אויף וועלכען די לערע פון חיה׳שע האנדלונגען באלייכט די צענטראַלע פּראָבלעמען פון פּסי־כאָלאָגיע, איז צו באווייזען די אלגעמיינע נאַטור און דעם גאַנג פון דער עוואָלוציע פון וועלכער די מענשליכע פסיכיק איז די העכסטע דער־גרייכונג. מיר מוזען פאַרבייגעהן דעם דאָזיגען ענין מיט בלויז עט־ליכע ווערטער.

מיר האָבען שוין געזעהן ווי אזוי דער אנטוויקלונג־פּראָצעס האָט פּראָדוצירט, אויף זיינע העכערע מדרגות, צוויי גרויסע, אָפּגעטיילטע טיפּען פון פּסיכישער סטרוקטור. איינס פון די צוויי גרויסע ריכטונ־גען פון׳ם פּראָגרעס שיינט צו האָבען זיך פארענדיגט מיט די העכע־רע אינסעקטען, די אנדערע און ערפאָלגרייכערע ריכטונג האָט באשאַ־פען דעם מענשען. און ווען מיר באטראַכטען די האנדלונגען פון חיות וואָס רעפּרעזענטירען יענעביידע אָפּגעטיילטע אנטוויקלונג־ריכטונ־גען, און די האנדלונג פון נאָך נידעריגערע באשעפענישען וואָס רעפּ־רעזענטירען דעם אלגעמיינעם שטאָם פון וועלכען די ריכטונגען טיילען זיך ארויס, דערזעהען מיר דעם איינהייטליכען טיפּ פון אַלע האנד־לונגען פון חיות. וואָרים מיר באמערקען אומעטום, ווי כאַראַקטערים־טישע סימנים, צוועקמעסיגקייט, אויסקלייבונג און צופּאַסונג דורך ער־פאַרונג. מיר זעהען אלזאָ איין, אַז די אייגענע פונדאמענטאַלע גייס־טיגע פעהיגקייטען ווירקען אויף אַלע מדרגות פון דער לייטער פון עוואָלוציע, נאָר זיי ווירקען מיט אַ פארשידענער קראַפט לויט דער אנטוויקלונג־שטופע פון דער פסיכישער סטרוקטור. אויף אַזאַ׳ן אופן קומען מיר צום שלוס אַז די פּסיכישע עוואָלוציע איז אין תוך גיכער געווען אַ כסדר׳דיגע עוואָלוציע פון דער פּסיכישער סטרוקטור איידער

# פסיכאָלאָגיע

א פּראָצעס, וואָס אויף פאַרשידענע מדרגות זיינע איז פאַרגעקומען א פלוצלונגער אויסברוך פון נייע פעהיגקייטען.

נאָך א וויכטיגער פאַקט, וואָס ווערט פאַר אונז קלאָר פון אזא סאָרט שטודיום, איז אַז די פאָראויס־געהענדיגע עוואָלוציע איז געווען הויפּטזאַכליך אַן עוואָלוציע פון גייסטיגער סטרוקטור, און ערשט שפּע־טער — פון קערפּערליכער סטרוקטור. וואָרים מיר זעהען אומעטום ווי די קערפּערליכע סטרוקטור פּאַסט זיך צו דער חיה'ס אַרט לעבען און סביבה. ווען די זויג־חיה נעמט זוכען איהר עסען אין וואַסער, קריגט זי א סך קערפּערליכע אייגענטימליכקייטען פון א פיש, ווערענ־דיג א וואַלפיש אָדער ים־חזיר. ווען דער קריכעדיגע חיה אָדער די זויג חיה לערנט זיך אויס צו זוכען שפּייז אין דער לופט, דערנעהנטערט זיך איהר קערפּערליכע סטרוקטור צו א פויגעל. ווען די וואַסער חיה לערנט ארויס צו קומען אויף דער יבשה פאַרלירט זי איהרע זשאַברעס און קריגט לונגען, און אזוי אין טויזענטער פאַלען: דער אומבייט אין לעבענס־אַרט אָדער האַנדלונג פירט צו אַן אומבייט אין קערפּערלי־כען געבוי. אַבער דער אומבייט אין האַנדלונג איז דער אויסדרוק פון אַן אומבייט אין דער פּסיכישער סטרוקטור. אַנדערע אומבייטען אין וואוין־אַרט און ממילא'דיגע אומבייטען אין קערפּערליכע סטרוקטור. קאַליר, א. א. וו. זענען אין הסכם מיט'ן זעלביגען פּרינציפּ; אדער א נייע וואוין־אַרט ווערט ארויפגעצוואונגען אויפ'ן מין, אדער, א דאַנק ערגעץ אַן אומבייט אין זיין פּסיכישער קאָנסטיטוציע, זוכט ער א נייע סביבה. און איןביידע פאַלען פּאַסען צו די איינצעלנע פון יעדען דור זייערע האַנדלונגען, צו דער נייער סביבה, אזוי גוט ווי זיי קענען, און די קער־פּערליכע סטרוקטור פאָלגט נאָך שטופּענווייז. אַלזאָ די גייסטיגע עוואָלו־ציע ווייזט דעם וועג, און די עוואָלוציע פון דער קערפּערליכער סטרוקטור איז הויפּטזאַכליך איהר פּועל יוצא. און דאָס בלייבט אמת, ניט קוק־קענדיג וואָסער טעאָריע וועגען די באַדינגונגען פון דער עוואָלוציע מיר נעמען אַן.

להיפּוך דאַרווינ'ען, לאָזען די מעהרסטע איצטיגע ביאָלאָגען אין גאַנצען ארויס פון חשבון די גייסטיגע כחות, ווען זיי זוכען צו דער־קלערען די ביאָלאָגישע אַנטוויקלונג. אבער אויב זי איז הויפּטזאַכליך

# וויליאַם מעקדוגעל

אַ פּסיכישע עוואָלוציע איז אַזאַ גאַנג פאַר׳משפּט דורכצופאַלען. די האַפּנונגלאָזיגקייט פון אַזאַ פּסיכיק־לאָזער ביאָלאָגיע קען מען באַווייזען אויף אַן אַנדער אופן. די עוואָלוציע, אויף ווי ווייט מיר קענען איצט זעהן, איז פאַרגעקומען אָדער דורך דעם וואָס די סטרוקטורעלע רעזולטאַטען פון די באַמיהונגען פון באַשעפענישען זיך פּולקאָמער צו־צופּאַסען צו זייער סביבה זענען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור; אָדער דורכ׳ן נאַטירליכען אויסקלייב פון די אַזוי גערופענע ס פּ אָ נ־ט אַ נ ע ו ו אַ ר י אַ צ י ע ס (צופעליגע ענדערונגען) אינ׳ם גאַנג פונ׳ם אומאויפהערליכען קאַמף פאַר׳ן לעבען, וואָס איז דער גורל פון אַלעמען, מענשען און חיות; אָדער, וואַרשיינליכער, דורךביידע פּראָ־צעסען צוזאַמען. אין יעדען פאַל איז די פּסיכיק געווען אַן אַל־וויכ־טיגע באַדינגונג פאַר אַזאַ׳ן עוואָלוציע; וואָרים אויב אפילו דער נאַ־טירליכער אויסקלייב פון ספּאָנטאַנע וואַריאַציעס איז געווען די איינ־ציגע מעטאָדע פון אַנטוויקלונג איז אַזאַ׳ן אויסקלייב מעגליך געוואָרען נאָר דורכ׳ן קאַמף פאַר׳ן לעבען, ד. ה. דורך די אָנהאַלטענדיגע צוועק־מעסיגע באַמיהונגען פון חיות אויפצוהאַלטען זייער אייגען לעבען און פאַרמעהרען זייער מין. דאָס הייסט, אַז די עוואָלוציע פון חיות — ווי עס זאָל ניט האָבען געשעהן מיט דער עוואָלוציע פון פּלאַנצען — איז געווען דער פּראָדוקט פונ׳ם קאַמף פון חיות, פון זייערע צוועק־מעסיגע אָנשטרענגונגען צו בלייבען לעבען; וואָרים דער באַשטימענ־דיגער פאַקטאָר פון בלייבען לעבען אָדער אונטערגעהן איז תמיד גע־ווען מעהר פון אַלץ דער חיה׳ס ערפאָלג אָדער דורכפאַל אין איהר צוועקמעסיגער טעטיגקייט; צום דאָזיגען פאַקטאָר זענען אַלע אַנדערע געווען אונטערטעניג. אַלזאָ דאָס הויפּט געוויכט, די שווערקייט פון דער עוואָלוציאָנערער אַרבייט, איז געלעגען אויף דער פּסיכיק; די פּסיכיק איז געווען דער פּיאָנער פון דער קערפּערליכער עוואָלוציע; די קערפּערליכע אָרגאַנען און פונקציעס זענען בלויז געווען די אינס־טרומענטען דורך וועלכע די פּסיכיק האָט דערגרייכט איהר צוועק.

מיר זעהען אַלזאָ ווי צעדרעהט עס איז יעדער בליק אויפ׳ן עוואָ־לוציאָנערן פּראָצעס וואָס שטעלט פאָר די פּסיכיק בלויז ווי אַ נעבען־פּראָדוקט פון זיינע שפּעטערדיגע פאַזען; וואָס איז לכתחילה געבוי־

# פּסיכאָלאָגיע

רעז געוואָרעז ווען די פיזישע פּראָצעסעז אינ׳ם נערוועז סיסטעם פוז חיות האָבען דערגרייכט א געוויסע מדרגה פון קאָמפּליצירטקייט. פון דעסטוועגען איז אַזאַ בליק אויף דער פּסיכישער עוואָלוציע געוועז ווייט פאַרשפּרייט.

איידער מיר פאַרלאָזען דעם ענין דאַרף מען אָנווייזען אז אין דער לערע פון די האַנדלונגען פון חיות ליגט אונזער בעסטע, אפשר איינציגע, האָפענונג צו פאַרענטפערן די פראַגע, צו געקראַגענע סימנים געהען איבער בירושה, ד. ה. צו די צופּאַסונגען אין האַנדלונג און די ממילא׳דיגע סטרוקטורעלע ענדערונגען (קערפּערליכע אָדער פּסיכישע), וואָס זענען דערגרייכט געוואָרען דורך יחידים, געהען איבער ביז א געוויסער מאָס צו זייערע קינדער. דאָס איז דאָס דרינגענדסטע און פּראַקטיש וויכטיגע ביאָלאָגישע פּראָבלעם, אפשר דאָס וויכטיגסטע פון אַלע פּראָבלעמען, אויף וועלכען מיר מעגען זיכער האָפען צו באַקומען א באַשטימטען ענטפער דורך די מעטאָדען פון דער עמפּירישער ווי־סענשאַפט.

ביאָלאָגען זענען צעטיילט אין צוויי שאַרף־געגנערישע לאַגערן אין דער פראַגע, זינט מען האָט גענומען צווייפלען אין אַזאַ סאָרט ירושה. די מאַיאָריטעט לייקענט עס דאָגמאַטיש, א שטאַרקע מינאָרי־טעט גלייבט דערין פונקט אזוי פעסט. אזוי לאַנג ווי מיר האָבען ניט קיין פּאָזיטיווען ענטפער אויף אָט דער פראַגע, קען מען ניט געהן ווייט מיט פיעל פון די ביאָלאָגישע און סאָציאָלאָגישע הויפּט פּראָב־לעמען, און א שכל׳דיגער באַשלוס בנוגע געוויסע ווייט־גרייכענדיגסטע לעגיסלאַטיווע און אדמיניסטראַטיווע פּראָבלעמען איז לחלוטין אומ־מעגליך. למשל, די לייזונג פון עווגעניסטישע*) פּראָבלעמען, די פּראַק־טישע פּראָבלעמען וועגען דערהייבען דעם מענשליכען פּראָגרעס, אָדער א טייל פון איהם, אָדער איהם היטען פון פאַרדאַרבונג הענגט אָפּ פון׳ם ענטפער אויף אָט דער פראַגע. עס איז שווער פאַר אונז צו באַטראַכטען די פראַגע אומפּאַרטייאיש אין באַצוג צו אונז אַליין, לאָמיר, דערפאַר,

*) „עווגעניקע“ איז די לעהרע פון דער פאַרגרעסערונג פון דעם מענש־ליכען גליק (בוכשטעבליך ווי אזוי „גוט געבאָרען“ צו ווערען.)

רעדאַקטאָר.

## וויליאַם מעקדוגעל

זי באטראכטען אין שייכות צו דער נעגער ראַסע, כדי גרינדליך צו באַנעמען איהר געוואלטיגע וויכטיגקייט. עס זעהט אויס זיכער אז די נעגער ראַסע איז, אין געוויסע הינזיכטען, אויף א נידעריגערער מדרגה אין פסיכישער עוואָלוציע ווי די ווייסע ראַסע. היינט, אויב געקראַגענע סימנים געהען איבער בירושה, אפילו בלויז אין א שוואכער מאָס, איז עס גאַנץ שכל'דיג צו האָפען אז, זייענדיג אונטער די בעסערע איינפלוסען פון דער ציוויליזאַציע אין משך פון דורות, וועט די נעגער ראַסע זיך דערהייבען צו א העכערער שטופע פון איינגעבוירענער אינטעלעקטועלער און מאָראַלער פעהיגקייט. אויב פארקערט, געקראַגענע סימנים ווערען ניט גע'ירש'ענט, ווי דאָס רוב ביאָלאָגען באהויפטען, דעמאָלט איז קיין האָפענונג ניטאָ אז ווען מיר וועלען ציווילזירען און בילדען די נעגער, ס'מאכט ניט אויס ווי קלוג און געטריי מען זאָל אָנפירען די ארבייט, זאָלען מיר דערמיט אליין זיי דערהייבען צו א העכערער שטופע פון איינגעבוירענער פעהיגקייט. עס איז אַלזאָ קלאָר אז אונזערע האָפענונגען און אונזער פראַקטישער פּראָגראַם בנוגע דער נעגער ראַסע (און אלע אנדערע מענשליכע ראַסען) וועט טיף אָנגערירט ווערען פון דעם ריכטיגען ענטפער אויף אָט דער פראַגע.

אין משך פון א גאַנץ דור, לכל הפחות, האָט די דאָזיגע פראַגע געפאָדערט אן ענטפער, און עס איז גאָר ניט אויפגעטון געוואָרען. דאָך אויב מען וואָלט אוועקגענומען א צעהנטעל, אפילו א הונדערטעל, פונ'ם געלט וואָס געהט אוועק אויף אונטערזוכונגען אין דער פיזישער וויסענשאַפט מיט'ן צוועק צו פארגרעסערן אונזער מאטעריעלען קאָמפאָרט און באקוועמליכקייט, כדי צו בארייכערן די לערע פון חיה'שע האנדלונגען, וואָלט מען אָט דאָס פּראָבלעם געקענט שנעל לייזען. וואָרים מיר האָבען אלע אורזאכען צו גלויבען אז דער ענטפער אויף דער פראַגע וואָס וועט זיין אמת פאר חיות וועט אויך זיין אמת פאר מענשען.

## זעקסטער קאפיטעל

# די לערע פון דער קינדהייט.

מיר האבען געזעהן אין א פריהערדיג קאפיטעל אז די עקספע־רימענטאלע מעטאדען פון באאבאכטונגען ווערען באנוצט אין א סך פארשידענע פסיכאלאגישע פראבלעמען. און אין ערגיץ ניט אזוי ענערגיש ווי אין יענע וואס זענען פון באלדיגער וויכטיגקייט פונ׳ם שטאנדפונקט פון שול־ערציהונג. פיעל פון די דאזיגע עקספערימענ־טאלע באאבאכטונגען ווערען געמאכט אויף קינדער, ספעציעל אזעלכע עקספערימענטען וואס קענען געמאכט ווערען קאלעקטיוו מיט א היב־שער גרופע קינדער. א סך ארבייט פונ׳ם דאזיגען סארט איז געטון געווארען צו באלייכטען גאנץ ספעציעלע פראבלעמען. אבער דער שטודיום פון קינדער קלערט אויך אויף די ברייטערע און אלגעמיינע־רע פראבלעמען וועגען דער פסיכיק און איהר אנטוויקלונג. ער האט גענעבען רייכערע רעזולטאטען, ווי ער וואלט געקענט געבען, א דאנק דער באלייכטונג פון דער טעאריע פון ארגאנישער עוואלוציע און דעם פרינציפ פון ר ע ק א פ י ט ו ל א צ י ע, ד. ה. אז אינ׳ם גאנג פון דער אנטוויקלונג חזר׳ט איבער (רעקאפיטולירט) דער יחיד — ווי אל־געמיין און אומפאלקאם עס זאל ניט זיין — די טריט דורך וועלכע זיין מין האט זיך אנטוויקעלט. אינ׳ם ליכט פון דער דאזיגער טעאריע און דעם דאזיגען פרינציפ איז געווארען קלאר אז די אנטוויקלונג פונ׳ם קינדס פסיכיק פארמירט דעם קינדס נשמה ניט בלויז דורך די איינדריקען וואס רייסען זיך צו איהר פון דער סביבה, זי איז אין זיך אליין אן אנטוויקלונגס פראצעס אין אמת׳ן זין פון ווארט, א פאנאנ־דערוויקלונג פון פארבארגענע מעגליכקייטען. מיט אנדערע ווערטער, מיר האבען געלערנט אז כאטש ערציהונג טוט אויף א סך, איז אבער ירושה דאס וויכטיגסטע; און אז ערציהונג קען בלויז אויספיינען, פאר־

# וויליאַם מעקדוגעל

פֿולקאָמען אַדער צוריקהאַלטען די איינגעבוירענע פּסיכישע טענדענ־
צען. דאָס גרעסטע פּראָבלעם, וואָס כדי צו געפינען אַן ענטפער אויף
איהם, דאַרפען מיר זיך דערהויפּט סומך זיין אויפ'ן שטודיום פון קינ־
דער, קען אַלזאָ אָוועקגעשטעלט ווערען אַזוי: וואָס איז די טבע פון דער
פּסיכישער ירושה פונ'ם נאָרמאַלען מענשען? וואָסערע כחות, פעהיג־
קייטען, טענדענצען אַדער פּסיכישע סטרוקטורען ירש'ענט ער? וואָס
איז די נאַטירליכע אָרדענונג פון זייער עוואָלוציע? צו געפינען אַן
ענטפער אויף אַט די פראַגען איז פונקט אַזוי שווער ווי עס איז וויכ־
טיג סיי טעאָרעטיש, סיי פּראַקטיש.

מען קען אומגעפער דעפינירען מיט אביסעל זיכערקייט אַ טייל
פון דער פּסיכישער ירושה פונ'ם נאָרמאַלען מענשען, און מען קען
דערקלערען אין אַלגעמיינע ווערטער די נאַטירליכע אָרדענונג פון איהר
אַנטוויקלונג. דער דאָזיגער טייל באַשטעהט פון די מענשליכע אינס־
טינקטען. אַט די אינסטינקטען קוקען אויס צו זיין אַלגעמיין פאַר'ן
גאַנצען מענשליכען מין, פונקט ווי ביי געוויסע מינים חיות. צו אַנער־
קענען זייער עקזיסטענץ און זייערע פאַרשידענע טבע'ס איז שווער,
ערשטענס, צוליב זייער ווייט פאַראַלגעמיינערטען כאַראַקטער; צוויי־
טענס, צוליב דעם וואָס דאָס רוב פון זיי ווערען פאַרטיג, אַדער הייבען
אָן צו אָפּערירען, ערשט ווען דער יחיד האָט שוין געמאַכט אַ היבשען
אינטעלעקטועלען פּראָגרעס; דריטענס, דערפאַר וואָס אין מענשען
איז הויך אַנטוויקעלט דער כח זיך צו קאָנטראָלירען און ענדערן אינס־
טינקטיווע טענדענצען, אַדער, מיט אנדערע ווערטער, צוליב דער
קאָמפּליצירטער געגענזייטיגער ווירקונג פון די קאָנאַטיווע טענדענצען
וואָס קומט פון דער הויכער קאָמפּליצירטקייט פון דער פּסיכישער אָר־
גאַניזאַציע. די הויפּט פאַזען אינ'ם קינד'ס אַנטוויקלונג ווערען באַ־
שטימט פונ'ם כסדר'דיגען רייף ווערען פון די דאָזיגע אינסטינקטען.
דער אינסטינקט וואָס ברענגט על פי רוב ארויס די טיפסטע ווירקונ־
גען — וועלכע לאָזען זיך פיהלען כמעט דורכ'ן גאַנצען פּסיכישען לע־
בען — איז דער געשלעכטליכער אינסטינקט. צו אַט דער אינסטינקט
ווירקט געוויינליך פאַר'ן אָנקומען פון דער צייט וואָס מען רופט פּו־
בערטעט, (רייפקייט), איז אַ טונקעלע פראַגע איבער וועלכער

די מיינונגען זענען ווייט פארשידען. עס איז אבער קלאָר אז אַדער ער הייבט אָן צו ווירקען אין פּובערטעט, אַדער ער ווירקט ענערגישער אין יענער צייט; און עס איז אויך קלאָר אז די טיפע קערפּערליכע און גייסטיגע ענדערונגען וואָס כאַראַקטעריזירען יענע לעבענס־פּער־יאָדע האָבען מייסטענס צו פאַרדאַנקען זיין אַנטוויקלונג. דער זעהר גרויסער איינפלוס, וואָס ער איבט אָפּט אויס אויפ׳ן גייסטיגען לעבען קומט ניט בלויז פון דער גרויסער קראַפט פונ׳ם אימפּולס וואָס זיין אויפרייצונג רופט ארויס, נאָר אויך דערפון וואָס ער פאַנגט אָן אויס־צואיבען זיין גרויסען איינפלוס אין אַ צייט ווען די רעשט פון דער פּסיכיק האָט דערגרייכט אַ הויכע מדרגה פון אַנטוויקלונג. ווען דאָס זעלבסט־באַוואוסטזיין איז שוין ווייט אויסגעאַרבייט געוואָרען, און ווען דער מענש האָט שוין פאַרמירט אַ קאָמפּליצירט סיסטעם פון סענטימענטען און געוואוינהייטען און איז אריין אין אַ קאָמפּלי־צירט סיסטעם פון סאָציאַלע באַציהונגען. וואָרים ווען אָט דער נייער אימפּולס כאַפּט זיך אויף, ווי בלינד ער זאָל ניט בלייבען, מוז ער אויף ס׳ניי איינשטעלען אָט די אַלע געוויינסען און ער רירט טיף אָן אַ סך ווערט־אורטיילען און אַ סך געפיהל־שטעלונגען. צוליב די דאָזיגע אורזאַכען איז די צייט פון פּובערטעט אַ קריטיש וויכטיגע, און שטור־דירען און פאַרשטעהן זי איז אַ מוז פאַר יעדען דערציהער. אָבער אָט דער אינסטינקט איז בלויז דער ערשטער אין קראַפט און איינפלוס צווי־שען אַנדערע; און די קלאָרע וויכטיגקייט איהם צו שטודירען צווינגט אונז צו שעצען די נויטיגקייט צו דעפינירען און פאַרשטעהן אַנדערע שטאַרקע אינסטינקטען, און דעם גאַנג פון זייער אַנטוויקלונג אינ׳ם מענשען.

ווען מיר ווענדען זיך מיט דער פראַגע: וואָס, אַ חוץ אינס־טינקטען, נעמט אריין די איינגעבוירענע קאָנסטיטוציע פון דער מענש־ליכער פּסיכיק? געפינען מיר די ווייטסטע פאַרשידענקייט פון מיי־נונגען און די גרעסטע שוועריקייט צו געבען אַ ענטפער. דאָס וואָס מיר האָבען גערופען פּסיכישע פעהיגקייטען, איז נאַטירליך גע׳ירש׳ענט. אָבער שליסט ירושה איין עפּעס מעהר ווי דאָס און די אינסטינקטען? אויב מיר זענען גערעכט ווען מיר זאָגען אז

# ווילִיאַם מעקדוגעל

יעדע פּסיכיק קען ווערען אויסגעדריקט דורך דער באַשרייבונג פון איהרע פעהיגקייטען און איהרע סטרוקטורען. קענען מיר אוועקשטעלען די פראַגע אין אַזאַ פאָרם: נעמט דער איינגעבוירענער באַזיס פון דער פּסיכיק אַריין נאָך נייגונגען א חוץ יענע וואָס קומען אַריין אין דער צוזאַמענשטעלונג פון די אינסטינקטען, און אויב יאָ, טו אויף ווי ווייט זענען זיי סיסטעמאַטיש פאַרבונדען?

מיר קענען אויף דער פראַגע ניט ענטפערן מיט ניין. אינ'ם איינגעבוירענעם באַזיס פון יעדער מענשליכער פּסיכיק איז זיכער פאַרהאַן אַ סך מעהר ווי די פעהיגקייטען און די אינסטינקטען. אויב ניט, וואָלט נעווען אוממעגליך צו דערקלערען ווי אַזוי די פּסיכיק פונ'ם דערוואַקסענעם מענשען איז העכער אין פאַרגלייך מיט דער העכסטער פּסיכיק פון די חיות. אַ טייל פון די וואָס באַטראַכטען די פּסיכיק בלויז פונ'ם פיזיאָלאָגישען שטאַנדפּונקט און גלייבען אַז דאָס אַלץ וואָס מיר האָבען גערופען פּ ס י כ י ש ע ס ט ר ו ק ט ו ר קען מען פינקטליך פאַרשטעלען דורך דער שילדערונג פון דער אָרגאַנישער סטרוקטור פונ'ם מאַרך, האַלטען אַז דאָס וואָס דעם מענשענס איינגעבוירען פאַרמעגען איז העכער באַשטעהט דערהויפּט אָדער איז גאַנצען דערין וואָס אינ'ם מאַרך פון אַ פּיצעל קינד איז דאָ אַ גרויסע מאַסע אומאָרגאַניזירטער נערוועז שטאָף וואָס ליווערט אומבאַגרענעצטע מעגליכקייטען פון כסדר'דיגער אָרגאַניזאַציע. אבער אפילו ווען מיר נעמען אָן די הנחה אַז די סטרוקטור פון דער פּסיכיק קען אין גאַנצען געשילדערט ווערען דורך דער באַשרייבונג פון נערוועז איינשטעלונגען און זייערע פאַרבינדונגען, קענען מיר ניט צוגעבען אַז אַחוץ אינסטינקטען איז קיין זאַך פון דער פּסיכישער אָרגאַניזאַציע ניט איינגעבוירען.

מיר מוזען אַנערקענען אַז דער גרעסטער טייל פון דעם וואָס מיר האָבען גערופען ל אָ ג י ש ע ס ט ר ו ק ט ו ר פ ו ן ד ע ר פּ ס י כ י ק איז שוין פאַרהאַן פון געבורט, ד. ה. אַז עס זענען פאַרהאַן די וויכטיגסטע, גרויסע קאָגניטיווע סיסטעמען, אַ דאַנק וועלכע מיר דענקען אומדירעקט וועגען די אַלגעמיינסטע אייגענשאַפטען אין באַציהונגען פון זאַכען בעת מיר דענקען וועגען באַשטימטע זאַכען.

# פסיכאָלאָגיע

מען קען ניט געבען קיין דירעקטען באַווייז פון דער ריכטיגקייט פון אַט דעם בליק, אָבער ער שטיצט זיך אויף די פאָלגענדע באַטראַכטונגען.

די גינסטיגע באַדינגונגען פון דער אַנטוויקלונג פון דער מענש־ליכער פּסיכיק קענען ניט דערקלערען דאָס וואָס זי אַנטוויקעלט זיך אַזוי פיעל העכער פון דער העכסטער חיה'שער פּסיכיק; די וויכטיגס־טע פון די גינסטיגע באַדינגונגען זענען, ווי מיר האָבען געזעהן, דער זעהר אַלגעמיינער כאַראַקטער פון איהרע אינסטינקטען, לאַנגע יוגענד, און דער געברויך פון שפּראַך אַלס אינסטרומענט פון פּאַרקער און טראַדיציע. אויב די העכערקייט וואָלט אַרויסגעקומען בלויז פון אַזעל־כע באַדינגונגען, וואָלט געדאַרפט זיין מעגליך, דורך פאַרזיכטיגע אי־בונגען, צו דערהייבען די פּסיכיק פון אַ חיה אַסך נעהנטער צו דער מענשליכער שטופע ווי מען קען עס אין דער אמת'ן טון. פּאַקטיש ווערט די חיה'שע פּסיכיק דערהויבען אונטער די גינסטיגע באַדינ־גונגען און די פאַרזיכטיגסטע איבונגען בלויז אויף אַ קליינטשיגען טייל פונ'ם וועג צו דער מענשליכער פּסיכיק.

ווייטער, די האַנדלונגען פון קליינע קינדער גיבען באַווייזען פון זייערע אינערליכע ידיעות וועגען אַזעלכע זאַכען און שייכות'ן ווי פּלאַץ, זאַכליכקייט, אורזאַכליכקייט, אין אַ צייט ווען זיי זענען כמעט אומפעהיג קלאָר צו דענקען וועגען אַזעלכע זאַכען. און ווען מען קען קוים אָננעמען אַז זיי האָבען זיך פאַרשאַפען אַזעלכע ידיעות דורך זייער אייגענער ערפאַרונג.

אָבער אפשר דער שטאַרקסטער באַווייז קומט פון דער אומגלייכ־קייט אין אינטעלעקטועלער און מאָראַלער אַנטוויקלונג — סיי קוואַלי־טאַטיוו סיי קוואַנטיטאַטיוו — פון קינדער וואָס געפינען זיך אונטער ענליכע באַדינגונגען און איינפלוסען. די דאָזיגע אומגלייכקייטען זע־נען פיעל גרעסער ווי אַזעלכע וואָס מען וואָלט געקענט צושרייבען צו גינסטיגע אָדער אָפּהאַלטענדיגע איינפלוסען. וואָרים מיר זעהען אָפט־מאָל ווי אַ קינד וואַקסט אויף אונטער די ערגסטע באַדינגונגען פון יע־דען סאָרט, און דאָך דערגרייכט עס שנעל און לייכט אַ הויכע אַנט־וויקלונגסשטופע; און מיר זעהען, אַז אַנדערע אונטער די בעסטע אומ־

שטאַנדען בלייבען נאַריש און נידעריג מאָראַליש, אָדער ווייזען אַרויס ספּעציעלע אינטעלעקטועלע פעלערן אָדער מאָראַלע פאַרדאָרבענקייט.

ווייטער, צווישען קינדער וואָס ווייזען אַרויס אויסנעמליך הויכע פעהיגקייטען זעהען מיר געוויינליך איין אַז די אַנטוויקלונג פון די דאָזיגע פעהיגקייטען קען ניט דערקלערט ווערען דורך די איינפלוסען פון זייער סביבה, און אין פיעל פאַלען קען מען באַשיינפּערליך זעהן, אַז זייערע ספּעציעלע מעלות זענען איינגעבוירענע אָדער האָבען אַן איינגעבוירענעם פונדאַמענט; ווייל די זעלבינע אייגענטימליכקייט קען מען אויסגעפינען ביי זייערע אבות ביז עטליכע דורות צוריק; דעריבער זענען זיי געירש'ענט, און אַלץ וואָס איז געירש'ענט איז איינגעבוירען. די לעבעדיגסטע ביישפּילען זענען יענע, וואו די געירש'ענטע אייגענשאַפט איז אין דער פאָרם פון אַ גרויסער מעלה (אָדער חסרון) אין גאַנץ ספּעציעלע פאָרמען פון גייסטיגער טעטיגקייט, ווי למשל אַ מוזיקאַלישער אָדער מאַטעמאַטישער טאַלאַנט. אָבער ענליכע באַווייזען געפינען מיר פון גאַנץ ספּעציעלע איינגעבוירענע כחות און טענדענצען אין דער ערשיינונג פון אַ סך פאַמיליען-שטריכען, מאָדנעקייטען אין דענקען און פיהלען און ספּעציעלע גייסטיגע מעלות און חסרונות פון פאַרשידענע סאָרטען. אפשר דעם שטאַרקסטען באַווייז געפינען מיר ווען מיר שטודירען צווילינגען וועלכע ווייזען אָפטמאָל אַרויס שטאַרקע ענליכקייטען אין שכל און כאַראַקטער כמעט זיי ווערען אויפגעהאָדעוועט אונטער פאַרשידענע איינפלוסען. בקיצור, וואָס מעהר קינדער עס ווערען שטודירט פון דעם שטאַנדפּונקט אַלץ ווייט-גרייכיגער ערשיינט דער איינפלוס פון ירושה. און כמעט מיר קענען דעפינירען בלויז אין זעהר אַלגעמיינע שטריכען די איינגעבוירענע פונדאַמענטען פון די דאָזיגע געירש'ענטע אייגענטימליכקייטען, מוזען מיר אָבער ווי ס'ווייזט אויס אָננעמען, אַז זיי באַשטעהען — זייער גרעסטער טייל לכל הפחות — פון געירש'ענטע גייסטיגע סטרוקטורען וואָס זענען אויף אַ היבשער מאָס ספּעציאַליזירט.

דאָ איז אַלזאָ אַן אומגעהייער פעלד וואָס מ'דאַרף אויספאָרשען, און מיר הייבען בלויז איצט אָן צו באַגרייפען זיין פאַרנעם און וויכטיגקייט. און עס איז אַ פעלד פאַר'ן פּסיכאָלאָג. בלויז ער קען האָפען

# פסיכאָלאָגיע

צו דעפינירען די פּראָבלעמען באריכות, וואָס דאָס איז א נויטיגע פאָר־הנחה פאר פּרוקטבארער ארבייט אויף'ן דאָזיגען פעלד. דאָס זעהט זיך געגוג ארויס פון די עטליכע פארזוכען וואָס ביאָלאָגען און סטאָ־טיסטיקער אָהן א פּסיכאָלאָגישער צוגרייטונג האָבען געמאכט זיי צו באהאנדלען. זיי זענען גענייגט צו ארבייטען פונ'ם שטאנדפּונקט פון די צעמישטע באגריפען און אומראפינירטע אונטערשידען וואָס זענען פארקערפערט אין דער אַלטעגליכער שפּראך; זיי סטארען זיך אויס־צוגעפינען, צי עס קענען גע'ירש'ענט ווערען אזעלכע צווייפעלהאפטע זאכען, ווי א רוהיגע נאַטור, קוראזש, געוויסענהאפטיגקייט אָדער בא־ליבטקייט, ניט איינזעהענדיג אַז פאר אזא'ן ארבייט איז נויטיג ווי א הקדמה א גענויער פּסיכאָלאָגישער אַנאַליז פון דער צוזאַמענשטעלונג פון דער פּסיכיק.

אויב ערציהונג, אין דעם ריכטיגען זין, הייסט אויסברייטען די איינגעבוירענע פּסיכישע כחות, קלוג אנצופּירען און קאָנטראָלירען די אנטוויקלונג פון איינגעבוירענע טענדענצען, וואָס געהט אַז פון זיך אליין, איז קלאָר אַז ווען יעדע ציוויליזירטע נאַציע גיט אַוועק אומ־געהייערע געלט סומען און די זעלבסט־אויפּאָפּערנדיגע ענערגיע פון טויזענטער לערער פאר דער ערציהונג פון איהרע קינדער, איז דאך בדאי אויסצוגעפינען וואָס עס זענען אַט די איינגעבוירענע טענדיי־צען און וואָס איז זייער נאָרמאַלער אנטוויקלונגס־גאַנג.

## אינדיווידועלע פּסיכאָלאָגיע.

א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע פּסיכאָלאָגיע איז גיכער א פעלד אויף אנצואווענדען דאָס וויסען און די פאַרשטענדעניש וואָס מען האָט בא־קומען שטודירענדיג אנדערע צווייגען פון דער וויסענשאַפט, איידער א צווייג וואָס העלפט דירעקט לייזען איהרע אַלגעמיינע פּראָבלעמען. איהר ארבייט איז צו דעפינירען די אייגענטימליכקייטען אין גייס־טיגער קאָנסטיטוציע וואָס מאכען די האנדלונג און אנטוויקלונג פון יעדען מענשליכען יחיד אייגענאַרטיג. איהר ערפאָלג הענגט אָפּ פון דער ערפאָלגרייכקייט פון אנדערע צווייגען. ווייל, איידער מיר קענען

# וויליאַם מעקדוגעל

געבען א געהעריגע דערקלערונג פונ׳ם איינצעלנעם, דאַרפען מיר קענען שילדערן אין אַלגעמיינע שטריכען דעם איינגעבוירענעם באַזיס פון דער פּסיכיק, אויף ווי ווייט זי איז געמיינזאַם פאַר אַלע מענשען, און מיר דאַרפען קענען אַוועקשטעלען די אַלגעמיינע פּרינציפּען פון דער אַנטוויקלונג פון דער פּסיכיק אונטער די בשותפות׳דיגע איינפלוסען פון איהרע איינגעבוירענע טענדענצען און איהר סביבה. אין אַט דעם פעלד שטעהט פּסיכאָלאָגיע נאָהענט צו קונסט; ווייל ביאָגראַפיע, ראָמאַן און דראַמע פאַרנעמען זיך על פי רוב מיט שילדערן די אינטע־לעקטועלע און מאָראַלע אייגענאַרטיגקייטען פון יחידים.

עס איז אמת אז איצט קען די מיטפיהלענדיגע איינזיכט פון דעם אַרטיסט בעסער שילדערן א מענשענס כאַראַקטער, ווי די אַנווענדונג פון די עלעמענטען פון דער פּסיכאָלאָגישער וויסענשאַפט וואָס מיר האָבען פעסטגעשטעלט. אָבער, מיט׳ן פאָרשטריט פון פּסיכאָלאָגיע, וועט זי אַליין מעהר און מעהר העלפען גענוי צו שילדערן דעם גייסטי־גען צושטאַנד, דעם טעמפּעראַמענט און דעם כאַראַקטער פון דעם יחיד, און זי וועט אונז געבען א מעגליכקייט ניט בלויז צו שילדערן, נאָר אויך צו פאַרשטעהן און דערקלערען זיי פון שטאַנדפּונקט פון ירושה און די געזעצען פון פּסיכישער אַנטוויקלונג.

די פּינקטליכע אַרבייט וואָס ווערט געטון אויף דעם פעלד נעמט אָן די פאָרם פון עקספּערימענטאַלער באַשטימונג פון דער פעהיגקייט אויסצופירען א געוויסע עובדא. די פאָרגעגעבענע אַרבייט איז אַזאַ וואָס מען קען מעסטען דעם סוביעקטס ערפאָלג אין טערמינען פון עפּעס א סכום, לויט דער שנעלקייט, די נויטיגע איבער׳חזר׳ונגען אָדער באַגאַנגענע פעלערן. אַנווענדענדיג אַזאַ „פּסיכישען אויספּרואוו" אויף ערגעץ א צאָל סוביעקטען אונטער שטרענג־ענליכע באַדינגונגען, קען מען אויסשטעלען די סוביעקטען לויט זייערע פאַרדינסטען בנוגע דעם ערפאָלג אין אויספירען די אַרבייט. עס איז אפשר ניט מעגליך אויסצואַרבייטען אויספּרואוון וואָס מען זאָל קענען באַטראַכטען פאַר א מאָס פון איין און איינציגער פּסיכישער פונקציע. עס קען, למשל, זיך אויסווייזען זעהר לייכט צו שאַפען א פּשוט׳ען אויספּרואוו פאַר׳ן זכרון. אָבער, וואָסער סאָרט אויספּרואוו איהר זאָלט ניט אַנווענדען,

# פּסיכאָלאָגיע

זענען אין איהם פאַרוויקעלט לכל הפחות צוויי באַזונדערע פונקציעס: די פונקציע פון אויסלערנען אויף אויסווייניג און די פונקציע פון אויפהאַלטען דאָס אויסגעלערענטע, און דער גראַד ערפאָלג פון יעדער פונקציע הענגט אָפּ פון ביידען. אזוי אויך פּראָוועט אויס יעדער עקס־פּערימענט ניט נאָר איין איינציגע פונקציע נאָר אַ קאָמפּלעקס פונק־ציעס.

פונדעסטוועגען קען די אַנווענדונג פון אַ גוט אויסגעקליבענער סעריע פון פּאַרזיכטיג אויסגעאַרבייטע אויספּראָוון אויף אַ גרופּע סו־ביעקטען, וואָסערע פופציג קינדער פון אייגענעם עלטער און שול־ער־פאַרונג פיעל באַלייכטען זייערע רעלאַטיווע פעהיגקייטען, און אויב מען חזר'ט איבער דעם פּראָצעס נאָך אַ הפסקה פון זעקס חדשים אָדער אַ יאָר, באַלייכט מען נאָך מעהר זייערע אינדיווידועלע אייגענאַרטיג־קייטען. מען האָט ווייניג וואָס געטון אין דער ריכטונג. אָבער עס שיינט ניט צו זיין קיין אורזאַך פאַרוואָס מיר זאָלען ניט סוף כל סוף אויסאַרבייטען אַ פּלאַן פון פּסיכישע אויספּראָוון וואָס וועלען מעגליך מאַכען אָפּצושאַצען די אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען פון יעדען מענ־שען מיט אַ היבשער גענויקייט, און אָנווייזען איהם זיין פּלאַץ אויף אַן עמפּירישען לייטער פון פעהיגקייטען וואָס וועט זיין אסך גענויער ווי מען קען עס טון דורך אַן אַנדער אונטערזוך מעטאָדע וואָס מען האָט ביז איצט אויסגעאַרבייט. איין גרויסע מעלה פון אַזאַ מע־טאָדע אָפּצושאַצען אינטעלעקטועלע פעהיגקייטען, אין פאַרגלייך מיט אונזער געוויינליכער מעטאָדע, איז וואָס זי וועט אונז געבען אַ מעג־ליכקייט ריכטיגער צו אונטערשיידען דעם חלוק צווישען איינגעבוי־רענע פעהיגקייטען און די געקראָגענע ידיעות אין לעבען פון יעדען מענשען.

די פאַקטען, וואָס מיר וואָלטען אויסגעפונען דורך די פּסיכישע אויספּרואווען, וואָלטען געקענט אונז ווייטער געבען זעהן אינטערע־סאַנטע שלוסען, ווען מיר באהאַנדלען זיי מאַטעמאַטיש לויט'ן פּרינ־ציפּ פון „ק אָ ר ע ל אַ צ י ע." אַנווענדענדיג אָט די מעטאָדע קענען מיר אויסגעפינען וואָסערע מעלות אָדער חסרונות געהען געוויינליך צו־זאַמען אין דעם צוזאַמענשטעל פון דער מענשליכער פּסיכיק. מיר

## וויליאם מעקדוגעל

נעמען, למשל, צוויי ליסטעס מיט ציפערן, וואס שטעלען פאר דאס, וואס עס האבען אויפגעטון א היבשע גרופע סוביעקטען ביי צוויי פארשידענע אויספרואוון. און אראנזשירען די רעזולטאטען אין א רייה לויט דעם וועמעס פארדינסט איז גרעסער; דערנאך, אויב די סוביעקטען ערשיינען אין דער אייגענער ארדענונג פון פארדינסט איןביידע ליסטעס, קענען מיר דערפון ארויסדרינגען אז די פונקציעס וואס געהען אריין אין ביידע ליסטעס זענען ק א ר ע ל י ר ט, ד. ה. אז זיי זענען גענייגט צו זיין אויף דער זעלביגער הויך ביי די זעלביגע סוביעקטען. און אויב מיר געפינען ניט אזא שייכות צווישען צוויי ליסטעס, אדער אויב מיר געפינען א פארקערטען שייכות ד. ה. די וואס זענען ביים שפיץ פון איין ליסטע זענען ווייט אונטען אויף דער צווייטער, דעמאלט קענען מיר ארויסדרינגען אז עס איז ניטא קיין קארעלאציע, אדער עס איז פאראן א נעגאטיווע (א להפוכ־דיגע) קארעלאציע צווישען די פונקציעס, וואס זענען דא פארוויקעלט. מיט דער דאזיגער קורצער אנווייזונג אויף אן אונטערזוך מעטאדע וועלכע ניט נאר וואס זי זאגט צו גרויסע זאכען פאר אינדיווידו־עלע פסיכאלאגיע, נאר זי ברענגט אויך אן אויסזיכט ענדליך צו שאפען א פולשטענדיגען אביעקטיווען אנאליז פון די פסיכישע פונקציעס, מוזען מיר איבערגעהן צו אונזער ווייטערדיגען עניז, צו דער לערע פון אומנארמאלע פסיכישע פראצעסען.

## זיבעטער קאַפּיטעל

# אומנאָרמאַלע פּסיכאָלאָגיע.

אומנאָרמאַלע פּסיכאָלאָגיע פאַרמאָגט אַן אומגעהייער און גרויס־אַרטיג פעלד, און, פּונקט אין איצטיגען מאָמענט, אַ זעהר פרוכטבאַר פעלד פאַר פאָרשונגען. זי קען אפשר שטאָלצירען מיט אַ סך אַ גרעסערער צאָל ערנסטע פאָרשער ווי יעדע פון די אנדערע צווייגען, און זי רופט ארויס אסך מעהר אַלגעמיינעם אינטערעס ווי יעדע פון די איבעריגע. דער פּשוט׳ער מענש איז אַזוי צוגעוויינט צו דער פּשוט׳ער האַנדלונג פון נאָרמאַלע מענשען און צו זיינע אייגענע צוגעוויינטע דענק־אַרטען אַז ער קען ניט זעהן הינטער זיי די פּראָבלעמען וואָס מען דאַרף לייזען. דער געדאַנק אַז עמיצער סטאַרטעט זיך אויסצוגעפינען וועגען דער מענשליכער פּסיכיק מעהר ווי פיעל ער ווייס, פילט איהם אַן געוויינליך מיט אַן אומגעדולדיגען שפּאָט, אפילו ווען ער איז גרייט צו טאָלערירען יענע וואָס גיבען אוועק דאָס לעבען אויף קלאַסיפיצירען זשוקעס, אדער באַשרייבען באריכות מיקראָסקאָפּישע חיה׳לעך. אָבער ווען מען טרעפט אַ מענשען וואָס באַהויפּט ערנסט און פאַר׳עקשנ׳ט אַז זיין האַנדלונג ווערט תמיד געפירט פון אַן אומזעהבאַר באַשעפעניש, אָדער אַז ער זעהט לעבען זיך אַ מענשליכע פיגור וואָס קיין אַנדערער קען ניט זעהן, אדער אַז ער איז דער קיסר פון דער וועלט; אָדער ווען מען זעהט אַ מענשען וואָס צעקאָלעטשעט כסדר זיין קערפּער, אָדער וואָס וויל ניט באַוועגען מיט קיין האַנט אָדער פוס חדשים לאַנג, — דעמאָלט ווערט אפילו דער גרעסטער תם שרעקיג פאַרוואונדערט און פיהלט זיך פּנים אל פּנים מיט אַ פאַקט וואָס נויטיגט זיך אין אַ דערקלערונג און פאַרשטענדעניש.

אומנאָרמאַלע פּסיכאָלאָגיע נעמט ארום אַ צאָל אונטער־צווייגען

# וויליאם מעקדוגעל

וואס מען האט בכלל שטודירט אומאפהענגיג דורך פארשידענע גרופעס פארשער. גליקליכערווייז זענען זיך אט די גרופעס נעהנטער צוזא־מענגעקומען אין די לעצטע יארען און העלפען זיך איצט איינס ס׳אנ־דערע. אין אלגעמיין קען מען אונטערשיידען צוויי גרופעס צווישען די אונטער־צווייגען: די דאזיגע וואס באשעפטיגען זיך מיט באשטימטע פסיכיש קראנקע אדער פאטאלאגישע צושטאנדען, און די וואס בא־שעפטיגען זיך מיט זיכער אומגעוויינליכע אדער אומנארמאלע פסי־כישע צושטאנדען, וועלכע מען קען אבער ניט ריכטיג קלאסיפיצירען ווי קראנקהאפט. די ערשטע גרופע באשטעהט פון צוויי אונטער־צווייגען: די לערע פון גייסטיגע קראנקייטען אליין און די לערע פון די פסיכא־נעווראזען. די פאנאנדערטיילונג פון די דאזיגע לערעס איז על פי רוב גיכער קאנווענציאנעל און פראפעסיאנעל איידער ווי־סענשאפטליך, און עס ווייזט זיך איצט ארויס א שטארקע טענדענץ זי אפצושאפען.

ביז די לעצטע יארען האט מען אין אלגעמיין שטודירט גייסטיגע קראנקייטען מאדנע אפגעריסען פון די אנדערע צווייגען פון פסיכא־לאגיע, און דאס האט קנאפ וואס באלויכטען די הויפט פראבלעמען פון דער וויסענשאפט. דאס איז געווען הויפטזאכליך דערפאר וואס צווישען דאקטוירים פון פסיכישע קראנקייטען האט געהערשט די טענדענץ צו פרובירען פארשטעהן און דערקלערען אלע קראנקהאפטע צושטאנדען פון דער פסיכיק בלויז פון שטאנדפונקט פון א סטרוק־טורעלער צערודערטקייט אדער מארך קראנקייט. געוויסע גייסטיגע קראנקייטען זענען הויפטזאכליך מארך קראנקייטען, און אין געוויסע סארטען פון זיי געפינט מען תמיד ביי אן אונטערזוכונג נאכ׳ן טויט אן אנטצינדונג אדער דעגענעראטיווע ענדערונגען אין מארך. אבער דער פאקט באטעכטיגט ניט די הנחה אז יעדע גייסטיגע קראנקייט איז פון דעם סארט. און אין די לעצטע יארען איז ערשינען א שטארקע טענדענץ צו זוכען פסיכישע אדער פונקציאנעלע סיבות פאר׳ן אומ־נארמאלען גאנג פונ׳ם פסיכישען פראצעס פון משוגעים. די מאדערנע אנטוויקלונג פון אנדערע צווייגען פון גייסטיגער פאטאלאגיע האט פיעל סטימולירט אט די טענדענץ. אין דעם צווייג פון פסיכא־נעווראזען

# פּסיכאָלאָגיע

איז היסטעריע די קראַנקייט וואָס ליווערט די גרעסטע צאָל פּאַציענטען און דעם אינטערעסאַנטסטען מאַטעריאַל פאַר'ן פּסיכאָלאָג.

אין פאַרגאַנגענעם דור איז די שטעלונג פון דער מעדיצינישער פּראָפעסיע צו היסטעריע און ענליכע אומנאָרמאַלע צושטאַנדען, געווען, מיט ווייניג אויסנאַמען, לחלוטין אומוויסענשאַפטליך, זייענדיג באַזירט בלויז אויף פּאָפּולערער פּסיכאָלאָגיע. מען האָט אומקלאָר אנערקענט אז די אומגעוויינליכע האַנדלונגען פונ'ם היסטעריקער ווייזען אַן אויף עפּעס א גייסטיגער אומנאָרמאַליטעט אָבער אַז קיין שטאַרקע קראַנקייט פון נערוועזן סיסטעם ליגט דערין ניט. אָבער די טענדענץ וואָס האָט דעמאָלט געהערשט קען מען אין עטליכע שטריכען שילדערן זאָגענדיג אז מען האָט צוגעשריבען די אומנאָרמאַלע האַנדלונגען פון היסטעריקער צו „ריינער געמיינקייט". ממילא איז די באַהאַנדלונג געווען „כח": שטאַרקע עלעקטרישע שטויסען. קאַלטע טושען און אַנדערע העפליכע סובסטיטוטען פאַר געזונטע שמיץ. צו א קליינער גרופּע פראַנצויזישע דאָקטוירים געהערט דער הויפּט קרעדיט פאַר אוועקשטעלען דעם שטודיום פון היסטעריע, און ענליכע צושטאַנדען, אויף א וויסענשאַפטליכען באַזיס, זיי האָבען געוויזען אז מען דאַרף באַטראַכטען די פּאַציענטען ווי אַזעלכע וואָס ליידען פון א צערודערטקייט פון א פּסיכישע אָפּשטאַמונג, וואָס דאַרף הויפּטזאַכליך באַהאַנדעלט ווערען דורך דער פּסיכיק. עס איז זיי געלונגען צו באַווייזען אין פיעל פאַלען, אפשר אין אַלע, אז דער תוך פון דער צערודערטקייט ליגט אין דער פאַנאַנדערטיילונג פון דער פּסיכיק אין חלקים וועלכע, אַנשטאָט צו צוזאַמענצואַרבייטען אויף א נאָרמאַלען אופן, פונקציאָנירען זיי מעהר אָדער ווייניגער אומאָפּהענגיג און אויף א געוויסער מאָס קאָנקורירען זיי אפילו צווישען זיך. זיי האָבען געוויזען אז, כאָטש אין די מייסטע פאַלען איז די פאַנאַנדערטיילונג אזא וואָס זונדערט אָפּ בלויז אומוויכטיגע פונקציעס, קומט אָבער פאָר אין אַנדערע פאַלען אן אָפּזונדערונג פון פונקציעס אין צוויי קאָנקורענץ סיסטעמען, און איינער קאָנקורירט מיט'ן צווייטען פאַר קאָנטראָל איבער דער האַנדלונג. אַמאָל זיגט איינס, אַמאָל דאָס אנדערע, און זיי האָבען געוויזען אז עס טרעפט אויך, ווען די צוויי געגנערישע סיסטעמען

# וויליאם מעקדוגעל

שיינען אויפצוהאלטען זייערע טעטיגקייטען גלייכצייטיג, אז דעם פאַ־ציענטס האנדלונג שיינט דעמאלט אויסצודריקען אין יעדער רגע די צוועקען פון צוויי נשמות. אויף אַט דעם אופן איז אריינגעבראכט געווארען דער באגריף פון דער צעטיילונג אדער צעשפּאַלטונג פון דער פּערזענליכקייט, וואָס דאָס ברענגט ארויס צווייפאַכע פּערזענליכקיי־טען וועלכע עקזיסטירען גלייכצייטיג אדער בייטען זיך איבער איינע נאָך דער אַנדערער. פון די דאָזיגע צוויי באגריפען, איז די בייטענדיגע פּערזענליכקייט קלאָרער און פארשטענדליכער. אהערצוצו ווערען גע־וויינליך קלאַסיפיצירט זעלטענע פאַלען פון'ם סארט וואָס, אין פרי־הערדיגע צייטען, פלעגט מען זיי דערקלערען דערמיט וואָס אין דעם קערפּער פון'ם פּאַציענט „זיצט א טייוועל" אדער א דיבוק פון א געשטאָרבענעם מענשען.

אין א טיפּישען און בולטען פאַל פון אַט דעם סארט, בייט זיך פּלוצלונג איבער דעם פּאַציענטס נארמאַלע לעבען אויף א פּעריאָדע ווען ער האנדעלט גאָר ווי אַ „אנדערער מענש". ער קען אוועקוואנ־דערן ערגיץ ווייט, און דאָרט נעמען פירען אַ נייעם אַרט לעבען אונ־טער א נייעם נאָמען, זיך פירענדיג געגוג ווי א נארמאַלער מענש און אויסמיידען די אויפמערקזאמקייט פון דער פּאָליציי אדער פון די דאָק־טוירים. נאָך וואָכען, חדשים, אדער יאָרען פון זיין נייעם סארט לעבען, בייט ער זיך פּלוצלונג אום, אפשר אויפכאַפּענדיג זיך אין א שעהנעם טאָג און באַמערקענדיג אַז אלץ ארום איז איהם פרעמד, און אז ער געדענקט גאָר ניט פון זיין פארגאנגנען לעבען זינט ער האָט פארלאָזען זיין היים. בקיצור, ער קומט ווידער צו זיך נאָך דעם ווי ער איז געווען, אין אלגעמיין גענומען, אַ אנדערער מענש. דערנאָך קען ער נאָך לענגערע אָדער קירצערע איבעררייסען ווידער אריינפאלען אין זיין „צווייטען צושטאנד", קומענדיג ווידער צו זיך נאָך יעדער פּעריאָדע פון זיין „צווייטער" עקזיסטענץ. אין דער גרעסערער צאָל פון אזעלכע פאַלען האָט יעדער פון די בייטענדיגע פּערזענליכקייטען קיין דירעקטע ידיעה ניט פון דער אַנדערער און פון איהרע עסקים, די צייט פון דער הערשאַפט פון איינער איז פולשטענדיג פאַר'חתמ'עט פאַר'ן זכרון

פון דער אנדערער; אוןביידע פערזענליכקייטן אונטערשיידען זיך געוויינליך שארף אין באצוג צו טעמפעראמענט.

מען סטארעט זיך צו געבען צו פארשטעהן אזעלכע פאלען אנוויי־זענדיג אז דאָס רוב פון אונז לעבען איבער פון צייט צו צייט ענדערונ־גען וואָס זענען ענליך אין סארט, כאָטש א סך שוואכער אין גראַד. עס מאכט זיך אמאָל א שטימונג ווען דאָס גאנצע דענקען האָט אן עמאציאנאלען טאָן, לאָמיר זאגען א מעלאנכאלישען טאָן; אזוי לאנג ווי דער טאָן האַלט אָן גריבעלט מען זיך אין גרויע זכרונות, פארגעסענ־דיג די העלערע פאזען פונ׳ם פארגאנגענעם לעבען, דער געדאנק קומט צו פעסימיסטישע שלוסען, און די האנדלונגען אנטפּלעקען אן איניגע דערשלאגענקייט. היינט שטעלט זיך פּאַר, זאגט מען, אז דער דאזי־גער צושטאנד איז שארף און חזר׳ט זיך איבער, און איהר קומט נאָ־הענט צום צושטאנד פון „ביימענדיגע פערזענליכקייטען". איהר טרעט אריבער די גרענעץ ליניע ווען דער עמאציאָנעלער טאָן פון די ביימענדיגע פעריאָדען ווערט אזוי וויים פארשידען אז אין יעדער פעריאָדע קען מען זיך בלויז דערמאנען אן די זכרונות פון שטימונג־ענליכע פעריאָדען.

די פאלען פון צוויפאכער פערזענליכקייט פונ׳ם גלייכצייטיגען מין זענען זעלטען אזוי שארף. מען דרינגט ארוים די עקזיסטענץ פון א צווייטער פערזענליכקייט פון געוויסע האנדלונג־שטריכען פונ׳ם קערפערליכען ארגאניזם וואָס שיינען ניט צו האָבען קיין שייכות צום פאציענטס דענקען, אויף ווי ווייט ער קען עס אונז דערצעהלען. צום ביישפּיל אויב דעם פאציענטס האנט און אָרעם זענען אנעסטעט־טיש אדער זיי שפּירען גאָר ניט, קען מען ווירקען אויף דער האנט צו שרייבען פארשטענדיגע ענטפערס אויף פראגען וואָס מען רוימט איהם אין אויער, בעת ער — וואָס לייקענט דערנאָך אָפּ אז ער ווייס עפּעס וועגען דער פראגע אדער דעם ענטפער — האַלט אָן א לעבעדיג גע־שפּרעך מיט א דריטען מענשען. אדער מען קען עטליכע מאָל שטעכען די אנעסטעטישע האנט, און כאָטש דער פאציענט, אויף ווי ווייט מען קען באמערקען, בלייבט אומבאוואוסט אז מען האָט בארירט זיין

## וויליאַם מעקדוגעל

האַנט, קען מען ווירקען אויף דער האַנט אַליין אַז זי זאָל אויפשרייבען די צאָל שטעך.

אין אַזעלכע פאַלען, לויט דער געוויינליכער טעאָריע, רופען זיך די איינדרוקען אויף'ן אַנעסטעטישען אַבער ניט אָפּ אויף'ן סוביעקט'ס דענקען, נאָר אַנשטאָט דעם רופען זיי אַרויס אין דער גייסטיגער טעַ־טיגקייט אַ פּיצעל שטראָמעלע וואָס פליסט ווי אַן אומאָפּהענגיגער שטראָם לעבען דעם הויפּט שטראָם. ווי באַלד דער הויפּט שטראָם איז אַזוי ווי באַרויבט פונ'ם איינפלוס פון אַט די חוש־איינדרוקען, האָט דערפאַר דער קלענערער שטראָם, זאָגט מען, זיך אָפּגעשפּאָלטען פונ'ם גרעסערן. די פאַקטען ווערען אויסגעטייטשט לויט אַ פאַרגלייך מיט אַ טייך, וואָס פאַרפלייצט דעם ברעג אויף איין פונקט, און אויף דעם אופן שטויסט ער אַרויס אַ קליינעם אָפּגעטיילטען שטראָם וואָס פליסט אַ געוויסע צייט אין אַ באַזונדערן וועג.

אין די זעלטענסטע און אינטערעסאַנטסטע פון אַט די מאָדנע פאַלען פון צווייפאַכער פערזענליכקייט געפינען מיר די ערשיינונגען פון גלייכצייטיגע און בייטענדיגע כאַראַקטערען אינ'ם זעלביגען אָרגאַ־ניזם. בעת די נאָרמאַלע פערזענליכקייט הערשט, רייסט זיך אַמאָל אַרויס אַ צווייטע פערזענליכקייט מאַכענדיג באַוועגונגען פון וועלכע די נאָרמאַלע פערזענליכקייט ווייס ניט, אַדער פאַר וועלכע זי האַלט זיך ניט פאַראַנטוואָרטליך, און וועלכע דריקען דאָך אויס אַ שכל'דיגע אָפּשאַצונג פון די מאָמענטאַלע אומשטאַנדען. און שפּעטער, ווען דער פּאַציענט ווערט באַהערשט פון דער צווייטער פערזענליכקייט, טענה'ט ער אַז ער געדענקט דעם אינצידענט און אַז ער האָט געוואָלט מאַכען די „אויטאָמאַטישע“ באַוועגונג.

זעהענדיג אַזעלכע אומפאַרשטענדליכע פאַלען — עטליכע פון וועלכע פראַנצויזישע דאָקטוירים און שפּעטער אויך אַמעריקאַנער דאָק־טוירים האָבען שטודירט מיט'ן וואונדערבאַרסטען שאַרפזין און געדולד — קען יעדע פאַרגעשלאָגענע השערה זיין בלויז אַ דערוויילינגע. די טעאָריע אַז די אַלע פאַלען ווייזען אַז אַדער קומען אַרויס פון אַ געוויי־סער צעטיילונג פון די פּסיכישע פונקציעס אין צוויי סיסטעמען וואָס פירען אָן זייערע טעטיגקייטען זעלבסטשטענדיג, אַט די טעאָריע ווערט

אונטערשטיצט פון פיעל פאַקטען (כאָטש אנדערע קענען ניט לייכט
געבראַכט ווערען אין הסכם מיט איהר) און פיעל האַלטען פון איהר.
אָבער די טעאָריע איז ניט מעהר ווי א היפּאָטעטישע שילדערונג פונ׳ם
צושטאַנד, און דאַרף דערגענצט ווערען פון עפּעס א השערה וואָס זאָל
דערקלערען ווי אזוי דער צושטאַנד האָט זיך פאָרמירט. אזא השערה
שלאָגט פאָר פּראָפעסאָר זשאַניי ווען מיר האָבען צו פאַרדאַנקען
מעהר ווי יעדען אַנדערן אונזער איצטיגע ידיעות פון די דאָזיגע צו־
שטאַנדען. ער נעמט אַן אז די אייגקייט פון דער פּסיכיק, ווי זי ווייזט
זיך נאָרמאַל ארויס אַנפירענדיג איהר טעטיגקייט, אין יעדען מאָמענט,
אין איין באַשטימטער ריכטונג, ווערט באַדינגט פון דער טעטיגקייט
פון א סינטעטישער קראַפט אָדער ענערגיע וואָס איז איינע פון די
פונדאַמענטאַלע פּסיכישע פונקציעס אָדער פעהיגקייטען; און ער באַ־
הויפּט אַז, אין די פּאַציענטען וועלכע ווייזען ארויס די דאָזיגע מאָדנע
האַנדלונג־ארטען, איז די סינטעטישע ענערגיע, צוליב איין סיבה אדער
אַן אנדערער, פארקריפּעלט. ממילא, זאָגט ער, קען די פּסיכיק ניט
דערפילען, אזוי ווי די נאָרמאַלע פּסיכיק, איהר פאַראייניגונגס פונק־
ציע; און איהר טעטיגקייט, אנשטאַט צו זיין האַרמאָניזירט אין איין
שטראָם — וועלכער, ווי ברייט און טיף ער זאָל ניט זיין, איז דאָך
איין איינציגער קאָמפּלעקס פון טעטיגקייט — פאַלט פאַנאַנדער אין
צוויי אדער אפילו מעהר שטראָמען, מיט׳ן רעזולטאַט אז דעם פּאַ־
ציענטס פעלד פון באַוואוסטזיין אדער שטראָם פון פּסיכישע טעטיג־
קייט ווערט שמעלער און עס באַווייזען זיך סימנים פון אומבאַוואוסט־
זיניגער טעטיגקייט.

אין די לעצטע יאָרען זענען אונזערע ידיעות וועגען אָט דער
גרופּע פּאַטאַלאָגישע צושטאַנדען ווייטער באַרייכערט געוואָרען דורך
דער ארבייט פון פּראָפעסאָר פרויד פון וויען, וועלכער האָט זיך אויך
געסטאַרעט ווייטער צוציהען זייער טעאָרעטישע דערקלערונג מיט דער
הילף פון א סיסטעם פון געניאַלע השערות. איצט זענען זיינע השערות
בשום אופן ניט אלגעמיין אַנגענומען, אבער זיי זענען דער אינהאַלט
פון זעהר א לעבעדיגער און היציגער דיסקוסיע. פון דעסטוועגען ווע־
רען זיי אזוי שטארק אונטערשטיצט פון די גוטע רעזולטאַטען וואָס

# וויליאם מעקדוגעל

עס האבען דערגרייכט פיעל דאקטוירים, וועלכע האבען זיי אנגעווענדט באהאנדלענדיג פאציענטען, און זייער אינטערעסאנטקייט, פון שטאנד־פונקט פון די הויפט פראבלעמען פון פסיכאלאגיע, איז אזוי גרויס, אז מען דארף געבען א בליק אויף זייער כאראקטער.

די פראנצויזישע אויפפאסונג פון היסטעריע איז גענייגט צו זיין אינטעלעקטואליסטיש, ד.ה. זי רעכענט זיך ווייניג מיט דער פונקציע פון ווילען אדער קאנאציע אין פסיכישען לעבען. אין פרויד'ס טעאריעם פארנעמט קאנאציע א הויפט ראלע. די פונדאמענטאלע פאקטען מיט וועלכע די טעאריע הייבט אן איז אז אונזערע קאנאטיווע טענדענצען זענען עלול צו קומען אין א קאנפליקט צווישען זיך ארויס־ברענגענדיג וואס מען רופט „מאראלע שטרייטען". יעדער פאל פון אזא קאנפליקט פון קאנאטיווע טענדענצען. ווען מיר קענען ביישטעהן אונזער נסיון אין אזא קאנפליקט באוועגט אונזער שטארק ארגאניזירט זעלבסט־באוואוסטזיין א פעסט איינגעשטעלט סיסטעם פון קאנאטיווע טענדענצען, וואס אונטערשטיצט די מאראלערע אדער סאציאלערע טענדענץ אין איהר קאנפליקט מיט דער אוממאראלער אדער סאציאל פארבאטענער טענדענץ, און פארזיכערט אזוי ארום דעם דורכפאל פון'ם לעצטען. און מיר ווייסען אז אזא דורכגעפאלענע טענדענץ, אדער באזיגטער רייץ וועט ניט תמיד צעשטערט אדער אין גאנצען אפגעשאפט דורכ'ן זיג פון א מענשענס מאראלער נאטור אין אזא אפענעם קאנפליקט; מיר ווייסען אז אין געוויסע פאלען קומט דער רייץ צוריק און פאדערט מען זאל איהם ווידער אמאל אומווארפען. אין פיעל פאלען געלינגט אונז טאקע, אדער אויפ'ן שטעל, אדער נאך אסך קאנפליקטען, צו פארטרייבען דעם רייץ פונ'ם באוואוסטזיין. מיר פיהלען אלזא אפט אז מיר זענען פארטיג מיט איהם; און האבען איהם אין גאנצען ארויסגעווארפען אדער צעשטערט. עס איז אבער מעגליך אדער אפילו וואהרשיינליך אז ווען מיר האלטען זיך אפענ־הערציג אין א נסיון, דרייסט אנערקענענדיג וואס ער איז — אן אויס־דרוק פון א נידעריגער מעגליכקייט אין אונזער נאטור, א קאנאטיווע טענדענץ וואס איז להיפוך אונזערע מאראלע סענטימענטען, — און מיר קומען ארויס די זיגער, דעמאלט איז די טענדענץ צעשטערט. עס

שיינט אָבער — און דאָס איז אין תוך די נייקייט פון פרוידס טעאָריע — אַז פיל מענשען, ספּעציעל אַפשר פרויען וואָס מען האָט אויפגע־האָדעוועט אויף אַ שטרענג קאָנווענציאָנעלען אופן, רעאַגירען אַנדערש אויף זייערע נסיונות. זיי ווערען אַזוי דערשראָקען ביים ערשטען טונקעלען באַוואוסטזיין פון׳ם כאַראַקטער פון זייער רייץ, אַז זיי אַנערקענען איהם ניט אָפען, זיי ברענגען איהם קיינמאָל ניט אריין אין דער ליכטיגקייט כדי איהם צו באַנעגענען אין אַן אָפענעם קאָנפליקט. דעמאָלט איז די טענדענץ עלול צו ווערען אונטערדריקט און דאָך צו לעבען און ווירקען אין דער פּסיכיק אויף אַן אונטערערדישען אופן. זי ווערט אַ מין פּאַראַזיטיש געוויקס וואָס זוכט שטענדיג זיך אריינ־צורייסען אין באַוואוסטזיין, אָדער, מיט אַנדערע ווערטער, צו באַ־שטימען דאָס באַוואוסטזיניגע דענקען פון׳ם סוביעקט. אָבער דעם סוביעקטס מאָראַלע נאַטור, זייענדיג ראַדיקאַל אַנטקעגען איהר, האַלט אַן אַ שטרענגע צענזור, ווידער אין אומבאַוואוסטזיין. אויף דעם אופן קומט פאָר אַן אייביגער אונטערערדישער אָדער אומבאַוואוסטזיניגער קאָנפליקט. אין צושטאַנדען ווען די פּסיכישע וואַכקייט ווערט פאַר־קלענערט, ווי אין חלום׳ען, אָדער בלויז אין פאַרטרוימקייט, די אונ־טערדריקונג — וועלכע ווערט אַנגעהאַלטען פון אָרגאַניזירטען טענ־דענץ־סיסטעם וואָס שטעלט צונויף אונזער מאָראַלען כאַראַקטער — ווערען טיילווייז נאָכגעלאָזען; זי ווערט שוואַכער, און דעמאָלט האָט די אונטערדריקטע טענדענץ אַ שאַנס צו באַשטימען דעם סוביעקטס דענקען. אפילו אין אַזעלכע צושטאַנדען געלינגט איהר געוויינליך ניט אויסצודריקען זיך דירעקט און קלאָר אין דער צייט פון׳ם סוביעקטס דענקען, נאָר זי דריקט זיך גאָר אויס אויף אַ סימבאָלישען אופן. אַזוי למשל, קען די אונטערדריקטע טענדענץ אין די חלומות פון אַזאַ מענשען זיך ארויסווייזען אין הויכע פאַנטאַזיעס וועלכע, ווען ער באַשרייבט זיי, קען זיך אויסדוכטען אַז זיי האָבען קיין שום שייכות ניט צו דער אונטערדריקטער טענדענץ, אָבער אין דער אמת׳ן סימבאָ־ליזירען זיי דעם גאַנג פון געשעהענישען וואָס ער באַגערט אומבאַ־וואוסטזיניג. אויף אַזאַ׳ן אופן, האַלט מען, דערגרייכט די טענדענץ אַ געוויסע באַפרידיגונג וואָס זי קען לחלוטין ניט באַקומען אין וואַ־

## וויליאם מעקדוגעל

בעדיגען צושטאנד א דאנק דער שטרענגער צענזור פון דער מאראַ־ לער נאטור.

אזא׳ן אנאליז און אויסטייטשונג פון חלומות פארנעמט א וויכ־ טיגען פלאץ אין פרויד׳ס פסיכא־פאטאלאגיש סיסטעם; ווארים דאס איז געווען א הויפט אויסגאנג פונקט פון וועלכען דאס גאנצע סיסטעם האט זיך אנטוויקעלט, און עס דעקט אויף אן ענליכקייט צווישען די חלום־איבערלעבונגען פון נארמאלע מענשען און די פראצעסען אויף וועלכע, ווי מען גלויבט, עס באזירען זיך און אין וועלכע עס דריקען זיך אויס די סימפטאמען פון היסטעריע. מען האט די טעאריע פיעל קריטיקירט, אבער מען קען קוים צווייפלען אז, כאטש א טייל פון איהרע ענטוזיאסטישע ווארט פירער זענען געגאנגען צו ווייט באהויפ־ טענדיג אז יעדער חלום ווערט באשטימט פון דער אומבאוואוסטזי־ ניגער ארבייט פון אן אונטערדריקטער טענדענץ, אבער אין געוויסע פאלען טרעפט די דאזיגע אויסטייטשונג אין פינטעל אריין, און דעקט אויף א ים אומבאוואוסטזיניגע טעטיגקייט פון וועלכער דער חלום איז דער אויסדרוק אין באוואוסטזיין.

מען קען אבער טענה׳ן: ווי קען מען עס באגרינדען אזא סארט פירוש? ווי אזוי קען זי זיין מעהר ווי גלאט א טרעף? דער ענטפער דערויף איז אז די אויסטייטשונג באקומט זיך מיט דער הילף פון א פארפלאנטערטען פראצעס פון א פיינעם אנאליז. און כאטש דער פראַ־ צעס עפענט א וועג פאר אסך מעגליכע טעות׳ן, האט אבער אין אלגע־ מיין דער אנאליז פון א זעהר גרויסער צאל חלומות, וואס איז געמאכט געווארען פון באאבאכטער וועלכע האבען אנגעווענדט די דאזיגע מע־ טאדע, אויפגעדעקט א געוויסע געזעצמעסיגקייט און אן אויסגעהאל־ טענעם ארבייטס־אופן וואס דערלאזט אונז ניט אוועקמאכען אונטער׳ן האנט די אויסטייטשונגען ווי עפעס א פשט׳ל; נאך מעהר, זיי ווערען אונטערשטיצט פון אויפגעדעקטע ענליכע פראצעסען וואס שווימען ארויס אין די סימפטאמען פון היסטערישע פאציענטען.

די סימפטאמען פון היסטעריקער נעמען אן די פארם ניט בלויז פון פארדארבענע דענק־ארטען, ווי למשל א גרונדלאזע איבערצייגונג פונ׳ם פאציענט אז ער האט אפגעטאן א מיאוס׳ע זאך, אדער

דערע פיינליכע איינרעדעניש, נאָר אויך זעהר אָפט אַז ער האָט געטאָן
עפּעס אַן אומזיניגע זאַך, אדער אין דער פאָרם פון אַ פּאַראַליז פון
פאַרשידענע אָרגאַנען, פּיס, הענט, מויל א.א.וו. און פון אַנעסטעזיע.
דאָס הייסט אַז ער שפּירט גאָר ניט אין געוויסע ערטער אויף דער
הויט אדער אַז ער האָט פאַרלאָרען אַנדערע חושים. אַלזאָ לויט פרויד'ס
טעאָריע זענען די דאָזיגע סימפּטאָמען פּונקט ווי די פאַרדאַרבענע
דענק־אַרטען און ווי די געדאַנקען אין חלום. סימבאָלישע אויסדרוקען
פון אונטערדריקטע טענדענצען, מיר מוזען אָננעמען אַז ביי נאָרמאַלע
מענשען זענען די פּסיכישע כחות וואָס האַלטען אַן די אונטערדריקונג
גענוג ניט צו דערלאָזען אַז זיי זאָלען זיך אויסדריקען אחוץ אין חלומות,
אדער פאַנטאַזיעס, אדער אַמאָל אין קערפּערליכע באַוועגונגען וואָס
זעהען אויס ווי אומזיניג און צופעליג; אָבער ביי געוויסע מענשען,
וועמעס פּסיכישע ענערגיע איז נידערגעשלאָגען דורך אַ מעכטיגען
עמאָציאָנעלען שטוים, דורך לאַנג־אַנגעהאַלטענער, איבער־אַרבייט אדער
דורך אַ פאַר'עקשנ'טען קאָנפליקט צווישען דער אונטערדריקטער
טענדענץ און דער מאָראַלער נאַטור, געלינגט ניט די אונטערדריקונג־
כחות צו טאָן פּינקטליך זייער אַרבייט, אַזוי אַז די טענדענץ איז ער־
פאָלגרייך אין אַרויסרייסען זיך שטאַרקער, כאָטש אַלץ נאָך אויף אַ
סימבאָלישען און אומדירעקטען אופן. די היסטערישע סימפּטאָמען
ערשיינען אַלזאָ אונטער מאַסקעס וואָס אַן אונטערדריקטע טענדענץ
טוט זיך אָן כדי אויסצומיידען די צענזור פון דער מאָראַלער נאַטור
און צו קריגען אַ טיילווייזע באַפרידיגונג שפּילענדיג אַ געוויסע ראָלע
אין באַשטימען די באַוואוסטזיניגע געדאַנקען און די האַנדלונג.

אַ פאַרהעלטענישמעסיג איינפאַכער סאָרט פון אַזאַ אומדירעקטען
אויסדרוק פון אַן אונטערדריקטער טענדענץ, וואָס וועט אילוסטרירען
דעם פּרינציפּ, איז די זיך איבער'חזר'נדיגע ה אַ ל ו צ י נ אַ צ י אָ־
נ ע ל ע פּ ע ר צ ע פּ צ י ע פון אַ געוויסען געגענשטאַנד. מען
געפינט אויס אין געוויסע פאַלען אַז דער פאַלש־אויפגענומענער געגענ־
שטאַנד איז אַזעלכער מיט וועלכען דער פּאַציענט האָט זיך פאַרנומען
אין אַן עמאָציאָנעל קריטישען מאָמענט אין דער צייט פון אַ מאָראַלען
קאָנפליקט וואָס האָט זיך פאַרענדיגט מיט אונטערדריקונג. אַזאַ גע־

# וויליאם מעקדוגעל

געגשטאנד האט ניט קיין שום איניגע פֿארבינדונג מיט דער טענדענץ, און דער מאמענט ווען דער פאציענט האט איהם באמערקט, האט אפשר אויסגעמיטען זיין באוואוסטזיניגען זכרון, און, טאקע צוליב דעם, כאפט זיך אן איהם אן די אונטערדריקטע טענדענץ ווי א מי־טעל אויסצומיידען די צענזור און באקומען א פארבארגענע באפרי־דיגונג. אין א קלאסישען ביישפיל פון אזא סארט, וואס איז פאר־צייכענט געווארען פון פרויד'ן, האט זיך די פאציענטקע באקלאגט אז זי פיהלט כמעט תמיד א שטארקען געדוך פון פארברענטען קוגעל. זי האט ניט געקענט אנווייזען אויף קיין שום דערקלערונג פאר דער האלוצינאציע. מען האט אבער צום סוף אויסגעפונען אז אין אן עמאציאנעל קריטישען מאמענט אין דער געשיכטע פון אן אונטער־דריקטער ליבע, איז זי געווען פארנומען מיט א פארברענטען קוגעל.

דא, פונקט ווי אין דער אויסטייטשונג פון חלומות, פרעגט דער לעזער ריכטיג און נאטירליך: וואסער באווייז קען מען געבען פון דער ריכטיגקייט פון אזא'ן אויסטייטשונג פון סימפטאמען? דער ענטפער איז צווייפאך: ערשטענס, ווען, נאך א לאנגען און פיינעם אנאליטי־שען פראצעס, דעקט דער דאקטאר אויף אן אונטערדריקטע טענדענץ און איהר וואהרשיינליכער פארבינדונג מיט אזא סימפטאם, און דער פאציענט געדענקט אפט די צושטאנדען וואס האבען באשטימט די פארם פונ'ם סימפטאם און אנערקענט די וויכטיגקייט וואס ווערט איהם צוגעשריבען; צווייטענס, עס ווייזט זיך ארויס אז אין פיעל פאלען, ווען מען ברענגט דעם פאציענט דערצו, ער זאל אפענהערציג אנערקענען די נאטור פון דער טענדענץ וואס איז געווען אונטערדריקט, צו באגעגענען זי דרייסט און צו ברענגען איהר גאנצע געשיכטע אונ־טער דער פרייער קריטיק פון זיין אינטעלעקטועלער און מאראלער נאטור, פארשווינדען שנעל אלע סימפטאמען און דער פאציענט ווערט צוריק געזונט.

א ניצליכע באשטעטיגונג פאר דער רעאליטעט פון אומבאוואוסט־זיניגע אפעראציעס פון קאנאטיווע טענדענצען האט געגעבען די אנ־ווענדונג פון א פשוט'ער עקספערימענטאלער פראצעדור אויף נאר־מאלע און אומנארמאלע סוביעקטען. אויב איהר לייענט אין דער הויך

# פּסיכאָלאָגיע

א ליסטע ווערטער פאר א מענשען, בעת איהר זאָגט איהם אז אז ער זאָל ענטפערן אויף יעדען וואָרט אויסרופענדיג אין דער הויך עפּעס אַן אַנדער וואָרט מיט'ן מעגליכסט קלענסטען אָפּלייג, וועט ער ענט־פערן אויף די מייסטע ווערטער נאָך אַן אָפּלייג וואָס וועט דויערן ניט מעהר ווי א רגע אדער צוויי. אָבער אין יעדער היבשער ליסטע ווערטער וואָס ווערען אזוי באַנוצט, זענען געוויינליך פאַרהאַן עטליכע אויף וועלכע זיין אָפּרוף ווערט לענגער אָפּגעלייגט, אדער איז אין אַנדער הינזיכט אומנאָרמאַל. און מען האט אויסגעפונען, כמעט אין אַלע פאַלען, אז דאָס געגעבענע וואָרט האט א געוויסע עמאָציאָנעלע וויכ־טיגקייט, אדער אז דער באַצייכענטער געגענשטאַנד איז פאַרבונדען אין'ם סוביעקטס פסיכיק מיט עפּעס א שטאַרקער קאָנאַטיווער טענ־דענץ, אָפּט אַזעלכער וואָס איז מעהר אדער ווייניגער אונטערדריקט.

איך האב שוין אפשר גענוג געזאָגט כדי אָנצואווייזען אויפ'ן נייעם אידעען־סיסטעם און אָנצומערקען זיין ווערט און וויכטיגקייט. אָפּט־מאָל פרעגט מען: וואָס האָט פּסיכאָלאָגיע געטון צו געבען אונז די מעגליכקייט צו העלפען אונזערע מיטמענשען? מען קען אסך אַרומ־רעדען דעם ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע. אָבער דער שאַרפסטער ענטפער וועט אפשר זיין אָנצואווייזען אויף פיעל מענשען וועלכע, זייענדיג א לענגערע צייט א פּיינליכע לאַסט פאר זיך און זייערע פריינד, און נאָך דעם ווי מען האט זיי באַהאַנדעלט אויף פאַרשידענע מעדי־ציניש אופנים, זענען, מיט דער הילף פון פּסיכאָלאָגישען וויסען און פּסיכאָלאָגישער טעאָריע, ווידער געוואָרען געזונט, גליקליך און ניצליך. די דאָזיגע נייע טעאָריע, און די פּראַקטיק וואָס שטיצט זיך אויף איהר, זענען וויכטיג ניט בלויז אין'ם איינציגען מעדיצינישען פעלד וואו מען האט זיי אויסגעאַרבייט; זייער וויכטיגקייט שטייגט וועיט אַריבער די דאָזיגע גרענעצען. זיי פירען צו א ווייטער אויסברייטונג פון דער פּסיכאָלאָגישער שטעלונג פון אַלערליי גייסטיגע קראַנקייטען; און זיי עפענען ווייטע האָריזאָנטען פאר אונזער וויסען וועגען די אָפּעראַ־ציעס פון דער נאָרמאַלער פּסיכיק. זיי אַנטפּלעקען ספּעציעל א לאַנד פון אומבאַוואוסטזיניגער גייסטיגער טעטיגקייט, וועגען וועמעס עק־זיסטענץ מען האט זיך טונקעלערהייט משער געוועזן. וואָס איז אָבער

# וויליאַם מעקדוגעל

געבליבען אומאויסגעפאָרשט און לחלוטין פּראָבלעמאַטיש. וואָרים סיי די אַנהאַלטענדיגע אונטערדריקונג פון דער פאַרדאַרבענער טענדענץ סיי די פּראָצעסען דורך וועלכע זיי מיידען טיילווייז אויס דעם קאָנטראָל, זענען קלאָרע צוועקמעסיגע טעטיגקייטען; און די לעצטע שיינען, אין געוויסע פאַלען, צו פאַרוויקלען קאָמפּליצירטע און דעליקאַטע אָפּעראַציעס. און אויב די אויסטייטשונג פון חלומות, לויט אַט דער נייער מעטאָדע איז ניט אין גאַנצען פאַנטאַסטיש, זענען געוויסע קאָמפּליצירטע חלומות ניט קיין צופעליגע און צוועקלאָזע שטראָמען פון בילדליכע פאַנטאַזיעס — ווי מען האָט ביז איצט עס פי רוב אנגענומען — גיכער זענען זיי אויף יעדען פונקט פול מיט וויכטיגקייט, זיי זענען פאַקטיש אַ דעטאַל אויסגעאַרבייטע רייה פאָרשטעלונגען, געשאַפען פון אַ געניאַל אָפּגעקליבענעם אין קאָנסטרוקטיווען דענקען, וואָס בלייבענדיג אומבאַוואוסטזיניג, ווערט געפירט און געשטיצט פון אַ פאַרבאָרגענעם צוועק אדער פּלאַן.

אויב די היסטערישע סימפּטאָמען און די פאָרשטעלונגען וואָס פילען אַז דאָס באַוואוסטזיין פון בעל חלום זענען די פּראָדוקטען פון אַ פיינער, כאָטש אומבאַוואוסטזיניגער, פּסיכישער טעטיגקייט, מעגען מיר גאַנץ פיין אָננעמען אַז די וואָכעדיגע געדאַנקען פון'ם נאָרמאַלען מענשען קענען טיילווייז זיין אַן אויסדרוק פון ענליכע אומבאַוואוסטזיניגע טעטיגקייטען. און פרויד און זיינע נאָכפאָלגער סטאַרען זיך אריינצוברענגען זייערע פּרינציפּען אין אַסך פעלדער פון נאָרמאַלער פּסיכאָלאָגיע, און זיי ווענדען זיי ספּעציעל אַן אויף צו באַלייכטען די באַשאַפונג פון ארטיסטישע ווערק און ליטעראַטור. אויף אַזאַ'ן אופן קומט אומנאָרמאַלע פּסיכאָלאָגיע אין פרוכטבאַרע באַציהונגען סיי מיט נאָרמאַלער פּסיכאָלאָגיע סיי מיט דער לערע פון פּסיכישע צושטאַנדען און פּראָצעסען וואָס זענען אומנאָרמאַל, כאָטש זיי זיינען ניט קראַנקהאַפט.

די דאָזיגע לערע פאַרנעמט אַ ברייט פעלד וואָס מען קען דעפינירען בלויז נעגאַטיוו זאָגענדיג אַז זי נעמט ארום אַלע צושטאַנדען און פּראָצעסען וואָס זענען ניט נאָרמאַל און ניט קראַנקהאַפט. מען קען זי צעטיילען אומגעפער אין צוויי טיילען: די אונטער־נאָרמאַלע און

# פסיכאָלאָגיע

איבער־נאָרמאַלע. דער ערשטער נעמט ארום אזעלכע צושטאַנדען ווי אידיאָטישקייט און שוואַכזיניגקייט, און אַלקאָהאָלישע און אַנדערע סאָרטען שכרות אויף ווי ווייט זיי שעדיגען פסיכישע פּראָצעסען. די דאָזיגע האָבען זיך זייער ספּעציעלע חשיבות, אָבער אין דער דאָזיגער הינזיכט קענען זיי ניט קאָנקורירען מיט איבער־נאָרמאַלע מאַניפעס־טאַציעס; ווארים האָבענדיג צו טון מיט'ן איבער־נאָרמאַלען געפינען מיר זיך תמיד פּנים אל פּנים מיט א פּראָבלעם ווענען דער קומענ־דיגער אַנטוויקלונג פון דער מענשליכער פּסיכיק, און עס דוכט אז עס באַווייזען זיך פונקען פון געוואַלטיגע מעגליכקייטען פון אזעלכע אַר־טען פּסיכישע אָפּעראַציעס און קאָמוניקאַציעס וואָס שטייגען אַהן א שיעור אריבער די אָנערקענטע גרענעצען פון'ם געוויינליכען און נאָר־מאַלען. די הויפּט ענינים פון אָט דעם פעלד קען מען גרופּירען אויף אזא'ן אופן:

(1) אומבאַוואוסטזיניגע אָפּעראַציעס ארויסברענגענדיג רעזול־טאַטען וואָס זענען ענליך צו די רעזולטאַטען פון נאָרמאַלען דענקען; (2) איבער־נאָרמאַלע מאַניפעסטאַציעס אויף די פעלדער פון שכל און כאַראַקטער, אריינרעכענדיג די פּראָדוקטען פון דער ארבייט פון גאונים, רעליגיעזע תשובה און מיסטישע איבערלעבונגען; (3) אי־בערנאָרמאַלע איינפלוסען פון דער פּסיכיק אויפ'ן קערפּער; (4) אי־בערנאָרמאַלע פּראָצעסען פון פאַרקער צווישען איין פּסיכיק און דער צווייטער.

די ערשיינונג וואָס קומען אריין אין די קלאַסען זענען פארבונדען דורכ'ן פאַקט וואָס זיי אַלע שיינען כולל צו זיין א מעהר אָדער וויני־גער ברייטע אומבאַוואוסטזיניגע טעטיגקייט; און מען האָט געזוכט זיי אַלע צו דערקלערען אויף איין אופן דורך דער השערה אז יעדער פון אונז האָט א צווייפאַכע פּסיכישע קאָנסטיטוציע און א טאָפּעלט פּסיכיש לעבען, דהיינו, דאָס נאָרמאַלע לעבען פון באַוואוסטזיניגע גע־דאַנקען וואָס ווערט באַדינגט פון איינער פון די צוויי קאָנסטיטוציעס, און דאָס אומבאַוואוסטזיניגע פּסיכישע לעבען וואָס ווערט באַדינגט פון אַן אַנדערער, מעהר אָדער וויניגער אומאָפּהענגיגער, פּסיכיק אָדער צווייג פון דער פּסיכיק. פאַר אָט דעם היפּאָטעטישען צווייג פון דער

# ווילּיאַם מעקדוגעל

פּסיכיק זענען באַנוצט געוואָרן פאַרשידענע נעמען, ווי „סובלימי־נאַלער איך", די „אומבאַוואוסטזיניגע פּסיכיק", דער „צווייטער איך", א.א.וו. מען דאַרף אָבער שטאַרק אונטערשטרייכן, באַטראַכטענדיג די פּאָפּולאַריטעט פון די שלאַג־ווערטער, אַז, ווי זיי ווערן געוויינליך באַנוצט, זענען זיי כמעט ניט מעהר ווי ווערטער וואָס העלפן צו פאַר־דעקן אונזער אומוויסענהייט און באַהאַלטן פון אונז די נויטיגקייט פאַר ווייטערדיגער אויספאָרשונג. וואָרים די געוויינליכע פּראָצעדור איז פעסטצושטעלן אַז „אומבאַוואוסטזיניגע פּסיכיק" און דערנאָך פּשוט צושרייבן צו איהר טעטיגקייט אַלע פאַרשידענע ערשיינונגען פון אַן איבערנאַרמאַלן כאַראַקטער, לאָזענדיג איהר טבע אין גאַנצן אומדעפינירט, און מען מיינט אַז איהר פעהיגקייט צו טון וואונדער האָט גאָר קיין גרענעץ ניט אין יעדער ריכטונג.

עס איז נאַטירליך אַ גאַנץ בארעכטיגטע אונטערנעמונג צו פּרו־בירן אויסאַרבייטן אַזאַ סאָרט היפּאָטעזן. אָבער מען מוז אַנערקענען אַז ביז איצט איז נאָך ניט געשאַפן געוואָרן אַזאַ וואָס קען באַ־הויפּטן אַז זי איז צופרידענשטעליג און אויסגעהאַלטן, דורך וועל־כער מען קען אוועקשטעלן די פאַקטן אין אַ שכל'דיגער אָרדענונג. מיר מוזען אויך אַנערקענען אַז די באַציהונגען צווישן די אומבאַ־וואוסטזיניגע אַפּעראַציעס און דעם באַוואוסטזיניגן דענקען זענען אין פיעלע פאַלן אַזוי נאָהענט, אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ בשות־פות'דיגער אַרבייט פאַר איין צוועק, אַז יעדע צעטיילונג פון דער פּסיכיק אין צוויי אומגלייכע טיילן, וואָס עס ליגט געוויינליך אין אַזעלכע נעמען ווי די אויבען דערמאָנטע, זעהט אויס לחלוטין אומזי־כער. עס וועט דעריבער זיין גלייכער צו באַטראַכטן די איבערנאַר־מאַלע ערשיינונגען אונטער עפּעס אַ דערוויילינגער קלאַסיפיקאַציע ווי די וואָס איז פריהער אַנגעוויזן געוואָרן, ניט איבערגעבענדיג זיך צו קיין שום היפּאָטעזן וואָס שרייבט זיי אַלע צו צו אַ ספּעציעלן פאַקטאָר אָדער וועזן.

פאַרהאַן איבערגענוג באַווייזן פון אומבאַוואוסטזיניגע אַפּעראַ־ציעס וואָס ברענגען אַרויס רעזולטאַטן ענליכע צו די רעזולטאַטן פון נאָרמאַלן דענקען. מען קען דאָס באַקומען עקספּערימענטאַל אין

# פסיכאָלאָגיע

אומבאַגרענעצטע צאָלען דורך היפּנאָטישער און נאָך־היפּנאָטישער סו־
געסטיע. היפּנאָז איז אַ קינסטליך פּאַראורזאַכטער צושטאַנד פון אַ
טיילווייזען פּסיכישען שטילשטאַנד. נאָהענט צו שלאָף. נאָך אַ לאַנגער
פּעריאָדע פון אומוויסענשאַפטליכער דאָגמאַטישע הכחשה, האָט די
וויסענשאַפטליכע וועלט ענדליך אַנערקענט אַז דעם דאָזיגען צושטאַנד
קען מען פּאַראורזאַכען אין מייסטע נאָרמאַלע מענשען, און אַז אין זיך
אַליין איז ער לחלוטין אומשעדליך. מען אַנערקענט איצט אויך אַז
היפּנאָטיזם עפענט אַסך פּראָבלעמען פון גרעסטען אינטערעס און גיט
אַן מיטלען זיי אויסצופאָרשען. דורך היפּנאָטיזם קען מען עקספּע־
רימענטאַל ארויסברענגען און שטודירען פּיעלע אייגענטימליכקייטען
פון די פּסיכישע פּראָצעסען וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר היס־
טעריע און אַנדערע פּאַטאָלאָגישע צושטאַנדען, און פּיעלע איבערנאַר־
מאַלע ערשיינונגען; אַזוי אָט די לערע שטעלט צו ווירקזאַמע מעטאָדען
צו באַהאַנדלען אומנאָרמאַלקייטען וואָס ווערען באַשאַפען און אויפגע־
האַלטען מיט דער הילף פון אַ נערוועז פאַקטאָר אָדער אַ פּסיכישען
פאַקטאָר.

אין איצטיגען ענין פאָדערט די נאָך־היפּנאָטישע סוגעסטיע אונ־
זער אויפמערקזאַמקייט. אַ גוטען סוביעקט, בעת ער איז אין היפּנאָ־
טישען צושטאַנד, קען מען הייסען טון עפּעס אַז איינפאַכע ארבייט
אין אַ באַשטימטער צייט, אָדער לויט אַ באַשטימטען סיגנאַל. און אויב
מען וועקט איהם אויף פאַר דער באַשטימטער צייט וועט ער אויס־
פירען די סוגעסטיע, כאָטש ער קען ניט געדענקען אינ'ם מאָמענט גלייך
נאָך דעם ווי ער טוט די ארבייט, אפילו ווען מען פרעגט איהם באריכות
וואָסער סוגעסטיע מען האָט איהם געגעבען. און דער סיגנאַל קען זיין
אַזעלכער אַז כדי איהם צו כאַפּען פאָדערט זיך אַ היבש קאָמפּליצירטע
פּסיכישע טעטיגקייט. מען הייסט, למשל דעם סוביעקט אַז ער זאָל
עפענען און צומאַכען די טיר ווען דער היפּנאָטיזירער וועט זיך צורירען
צום פּנים מיט זיין רעכטער האַנט צום עלפטען מאָל. אין אַזאַ פאַל
— און מיט די בעסטע סוביעקטען קען מען דעם עקספּערימענט פאַר־
אַנדערשען און אויף פאַרשידענע אופנים קאָמפּליצירען — גיט דער
סוביעקט אין אַ געוויסען זין אַכטונג אויפ'ן היפּנאָטיזירער, ער באַ־

# וויליאַם מעקדוגעל

מערקט און ציילט די וויכטיגע באַוועגונגען, און פירט אויס די סוגעס־טיע. און דאַך זאָגט ער דעם אמת ווען ער לייקענט אַז ער האָט גע־וואוסט פון׳ם כאַראַקטער פון׳ם געגעבענעם באַפעל, אָדער אַז דער היפּנאָטיזירער האָט אַנגערירט זיין פּנים אַפילו איין מאָל. אין געווי־סע פאַלען געדענקט גאָר ניט דער סוביעקט גלייך נאָכ׳ן אויספירען די סוגעסטירטע אַרבייט, אַז ער האָט זי געטון. דאַ געפינען מיר אַלזאָ געווויס זיכערע באַווייזען אַז עס קען אַנגעהן אַ רייהע צוועקמעסיגע פּסיכישע טעטיגקייטען בעת באַוואוסטזיניג דענקט מען וועגען עפּעס אַנדערש.

אַז אַנדער, און פּונקט אַזאַ שטאַרקער באַווייז פון׳ם זעלביגען פּאַקט קומט פון׳ם „אויטאָמאַטישען״ שרייבען, אַ פעהיגקייט וואָס געוויסע נאָרמאַלע מענשען קענען באַקומען. אין אַ געוויינליכען פּאַל פון דעם סאָרט קען זיך דער סוביעקט לייענען אָדער רעדען, בעת זיין האַנט, האַלטענדיג אַ פעדער אויף אַ העפט, שרייבט שורות פּראָזע אָדער פּאָעזיע וואָס זענען מעהר אָדער ווייניגער פאַרשטענדיג און בינדיג, פון וועלכע ער הייבט ניט אָן צו וויסען ביז ער לייענט עס איבער פּונקט ווי יעדער אַנדערער מענש, אויף פאַרשידענע זעהר ענליכע אופנים דעקען אויף אויטאָמאַטישע באַוועגונגען אַ השגחה וואָס איז בלי ספק שכל׳דיג און דאָך אומאָפּהענגיג פון׳ם סוביעקטס באַוואוסטזיניגען דענקען. אין געוויסע פאַלען דעקען אויף די דאָזיגע באַוועגונגען ידיעות פון פאַקטען, וואָס דער באַוואוסטזיניגער זכרון קען זיך ניט דערמאָנען. אין אַנדערע פאַלען דעקען זיי אויף איבער־לייגטע כונות און געניאַלע פּלענער פון וועלכע דער סוביעקט וויים ניט. מען דאַרף צוגעבען אַז „אויטאָמאַטישע״ שריפטען באַשטעהען געוויינליך דערהויפּט פון אָפּגעריסענע זאַצען אָדער בלויז טיילען פון זאַצען; דאָך אָפּטמאָל באַשטעהען זיי פון לאַנגע, צונויפגעבונדענע שורות מיט אַ געוויסען ליטעראַרישען ווערט.

אַז אַנדער סאָרט באַווייז פון דעם זעלביגען קלאַס באַשטעהט אין לייזען אויפגאַבען, אָדער שאַפען ליטעראַריש ווערטפולען מאַטע־ריאַל אין דער צייט פון שלאָף אָדער ווען מען איז פאַרנומען מיט אַנדערע זאַכען. דער ספּעציעלער אינטערעס פון אַט די פאַלען אין

# פסיכאָלאָגיע

דאָס וואָס זיי שטעלן פאָר אַן איבערגאַנג צו די פּראָצעסן פון צווייטן קלאַס, דהיינו, די שאַפונג פון געניאַלע ווערק, רעליגיעזע תשובה און מיסטישע איבערלעבונגען. וואָרים עס איז אַ נאַטירליכע טענדענץ אָפּצוזונדערן אַזעלכע סאָרטן פּראָצעסן און אונטערצושטרייכן זייערע אונטערשידן פון נאָרמאַלע פסיכישע פּראָצעסן. אָבער מיר וועלן זיי בעסער קענען פאַרשטעהן ווען מיר וועלן זוכן גיכער אונטערצושטרייכן זייערע ענליכקייטן איידער די אונטערשידן. פון דעם שטאַנדפּונקט וועלן מיר טון אַ גלייכע זאַך ווען מיר וועלן זיך נעמען פאַנאַנדערקלייבן אין אַזעלכע פאַקטן און באַשטעהן דערויף אַז אין אונזער אַלטעגליכן דענקען ליגט אַ גרויסער חלק אומבאַוואוסזיניגע טעטיגקייט. ווער עס האָט געמאַכט אַ וויציגע באַמערקונג גלייך אויפ'ן אָרט וועט, נאָכדענקענדיג, זיין מסתמא גרייט מודה צו זיין אַז די ווערטער זענען אַרויף אויף זיינע ליפּען ניט זוכענדיג זיי מיט איבערלייגונג, און אַז דער פּסיכישער פּראָצעס, דער צוזאַמענגוס פון צוויי ווערטער, אַדער שייכות'ן, אַדער עפּעס אַנדערש, איז געטון געוואָרען באַהאַלטענערהייט. בלויז דער רעזולטאַט האָט דערגרייכט זיין באַוואוסטזיין בעת די ווערטער זענען אַראָפּ פון זיינע ליפּען; און ער קען ערשט שפּעטער אויסגעפינען, מיט אַ געוויסער מאָס וואונדער, אַז עס איז געווען אין זיין באַמערקונג מעהר ווי ער האָט לכתחילה באַגריפען.

דאָס איז דער סאָרט נאָרמאַלע טעטיגקייט וואָס מיר קענען אוועקשטעלן ביים אונטערשטען ברעג פון אַ כסדר'דיגען לייטער. אויף וועמעס שפּיץ מיר קענען אַוועקשטעלן די אויסצייכענונגען פון די גרעסטע געניאַלע ווערק. אויף יעדען שטאַפּעל פון דער לייטער ערשיינען פאַר אונז די זעלביגע פאַקטאָרען, אַדער בייהילפיגע באַדינגונגען, נאָר אין גאַנץ פאַרשידענע פּראָפּאָרציעס. קודם כל דאַרף מען באַמערקען אַז די אומבאַוואוסטזיניגע טעטיגקייט וואָס די אויסצייכענונג דעקט אויף, דריקט אויס אין אַ געוויסען זין די פריהערדיגע גייסטיגע אַנטוויקלונג פונ'ם סוביעקט, זיינע אינטערעסען, זיין וויסען, און כאַראַקטער. דער טעמפּער פּעדאַנט צעבליצט זיך ניט פּלוצלונג אין פלאַמען פון וויצען; דער וואונדער מענש אין רעכענען לייזט ניט

## וויליאַם מעקדוגעל

קיין אויפגאַבען אין די העכערע צווייגען פון מאַטעמאַטיק ניט שטור־
דירענדיג פריהער די דאַזיגע צווייגען ; דער מענש וואָס האָט קיינמאָל
ניט געלערנט הנאה צו האָבען פון א באַשטימטער קונסט אדער איז
ניט געאיבט אין איהר טעכניק, באַשאַפט ניט פלוצלונג קיין מייסטער־
ווערק. פלוצלונגע מיסטישע איבערלעבונגען אדער תשובה טון קענען
אויסזעהען, אין געוויסע פאַלען, ווי אויסנאַמען פון דעם כלל ; עס איז
אָבער צווייפעלהאַפט צו מען וואָלט געקענט באַווייזען אַזעלכע אויס־
נאַמען ביי א שטרענגערן עקזאַמען. געוויינליך געפינט מען אויס אז
דער רעליגיעזער בעל תשובה אדער מיסטיקער, ווי קליין עס זאָל ניט
זיין דער רעליגיעזער איינפלוס וואָס זיין פריהערדיגער לעבען האָט
אַרויסגעוויזען, האָט, אין א געוויסער פעריאָדע פון זיין לעבען, זיך
געפונען אונטער רעליגיעזע איינפלוסען ; איז דער פשוט׳ער שפּראַך :
די גוטע זריעה איז געווען פאַרזייט און איז פאַרבאַרגענערהייט רייף
געוואָרען.

ווייטער, די אומבאַוואוסטזיניגע טעטיגקייט דריקט געוויינטליך
אויס דעם איינפלוס פון עפּעס א באַוואוסטזיניגען פאַרלאַנג אדער
קאָנאַציע. דאָס פּראָבלעם וואָס מען לייזט אין שלאָף איז געוויינטליך
אַזא וואָס דער שלאָפער האָט זיך איבער איהר געמאַטערט בשעת ער
איז געווען וואַך, אפילו דער פלוצלינגער אויסברוך פון א וויץ
ווייזט אַן אויף א באַשטימטער קאָנאַטיווער שטעלונג. די פלוצלינגע
פאָרמולאַציע פון א גרויסער וויסענשאַפטליכער היפּאָטעז קומט נאָך
אַסך דענקען וואָס איז אַנגעווענדט געווען אויפ׳ן פּראָבלעם. די שאַ־
פונג פון׳ם מוזיקער אדער פּאָעט דריקט אויס זיין ווילען צו שאַפען,
אָפט זיין אויסדריקליכע כונה אין יענעם מאָמענט, אבער יעדענפאַלס
אַן אַלגעמיינע שטעלונג פון זיין ווילען. אפילו דער אויטאָמאַטישער
שרייבער קען ביז א געוויסער מאָס ווילענדיג נעמען זיך אַרויסצור־
ברענגען די אויטאָמאַטישע שריפט. און רעליגיעזע תשובה, אדער
עקסטאַז, קומט געוויינטליך נאָך א בענקען אדער שטרעבען נאָך עפּעס
אַן ענדערונג אין לעבען, נאָך עפּעס א נייעם אַרט באַוואוסטזיין. כאָטש
עס קען זיין כמעט ניט מעהר ווי א טונקעלע אומצופרידענקייט מיט׳ן
לעבען ווי ער האָט עס ביז איצט געקענט און געלעבט. די דאָזיגע

# פסיכאָלאָגיע

באטראכטונגען בארעכטיגען אונז צו סטארען זיך ארויסצושטעלען אפילו די עקסטרעמערע און ווייטערע פארמען פון אומבאוואוסטזיניגער טעטיגקייט, ווי עפעס וואס ליגט אויף איין ליניע מיט דער נארמאלער פסיכישער טעטיגקייט, איידער ווי פראצעסען פון א גאנץ באזונדערן סארט, וואס געהערען אין גאנצען צו עפעס א צווייטער פסיכיק פון דעם סוביעקט, צו אז „אומבאוואוסטזיניגע פסיכיק" אדער עפעס אזעלכע וואס איז דרויסען און לחלוטין אומאפהענגיג פון זיין נארמאלער פסיכיק.

(3) דער איבערנארמאלער קאנטראל פון דער פסיכיק איבער קערפערליכע פראצעסען איז אן ענין וואס איז אין די לעצטע יארען נעבראכט געווארען צום סאמע פראנט פון פאפולערען אינטערעס. סיסטעמען פון גייסטיגע רפואות, אדער, לכל הפחות, מעטאדען צו באהאנדלען קערפערליכע קראנקייטען וואס פארלאזען זיך ווייניג אדער גארניט אויף פיזישע און כעמישע פאקטארען, זענען ווייט פארשפרייט. און אפילו אונזערע דאקטוירים הויבען אן איינצוזעהן אז „עפעס ליגט" אין היפנאטיזם, און אז די מעטאדען פון סוגעסטיע און איבעררעדען, און אפילו די טענות פון די „קריסטליכע וויסענשאפטסלייט" פארדינען אביסעל אומפארטייאישע אויפמערקזאמקייט.

אין דער דאזיגער גאנצער געגענד פון ויכוחים, וואו דער פשוט'ער וויסענשאפט מאן פיהלט זיך אזוי ווי ער וואלט געגאנגען אין א זומפ ארומגערינגעלט מיט נעפלען, גיבען די פאקטען פון היפנאטישער סוגעסטיע דעם אמת'ן זיכערן באוויז אז פסיכישע ווירקונגען קענען געהן אסך ווייטער פונ'ם נארמאלען אדער פון דעם וואס מען אנערקענט געוויינליך. און אט דער באוויז דערלאזט אונז ניט פארמאכען די אויגען אויף דער מעגליכקייט אז געוויסע עלעמענטען פון אמת און ווירקליכקייט זענען צענויפגעמישט מיט דער גרויסער צאל טעות'ן און אפנארעריי וואס וואקסט אויף אין פארבינדונג מיט יעדען סיסטעם פון גייסטיגע רפואות. ווארים ער ציינט אונז די ווירקליכקייט פון גייסטיגע איינפלוסען אויף שפייזען, פאריכטען און רעגולירען קערפערליכע ארגאנען, און דאך קען אונזער מין די דאזיגע איינפלוסען לחלוטין ניט פארשטעהן, און מיר זענען געצוואונגען צו אנערקע-

# וויליאם מעקדוגעל

נען אז מיר קענען ניט באשטימען קיין גרענעצען פאר'ן פארנעם פון
די דאזיגע איינפלוסען. עס איז כאראקטעריסטיש פאר אלע אדער
די מייסטע גייסטיגע הייל־מעטאדען אז, אויף וויפיעל זיי זענען אמת,
נעמען זיי אריין פסיכישע טעטיגקייט וואס איז מייסטענס אומבא־
וואוסטזיניג.

(4) אריבערגעהענדיג איצט צו דער באטראכטונג פון איבער־
נארמאלע קאמוניקאציעס צווישען איין מענשען און דעם צווייטען,
געהען מיר אריין אין א געגענד פון אן ענטשיידענער וויכטיגקייט פאר
אונזער אויסטייטשונג פון די פריהערדיגע קלאסען פון איבערנארמאלע
ערשיינונגען. ווארים אויב מענשען קאמוניקירען צווישען זיך, אדער
איינער דעם צווייטען באאיינפלוסען אויף א וואסער ניט איז אופן
אין עפעס א דירעקטער ריכטונג וואס לאזט אויס די חושים, דעמאלט
מוזען מיר זיין גרייט צו זוכען אין דרויסען פון דער אינדיווידועלער
פסיכיק די דערקלערונג לכל הפחות פאר געוויסע איבערנארמאלע מא־
ניפעסטאציעס, פון פסיכישער טעטיגקייט. אזעלכע דערקלערונגען האט
דער גרעסטער טייל פון דער מענשהייט תמיד אנגענומען, דערפאר איז
אנטשיידענדיג וויכטיג יעדער פאזיטיווער עמפירישער באווייז פון אזא
דירעקטער קאמוניקאציע אדער איינפלוס, און דערפאר איז נויטיג א
העכסט אומפארטייאישע און קריטישע אונטערזוכונג פון יעדען באווייז
וואס איז, ווי מען גיט אן, פון דעם סארט. אין די לעצטע צייטען
האט מען אלגעמיין אנגענומען דאסווארט „טעלעפאטיע" צו באצייי־
כענען די דירעקטע ווירקונג פון איין פסיכיק אויף דער צווייטער. די
אנטשיידענדיגע פראגע קען דערפאר אזוי אוועקגעשטעלט ווערען:
קומט טעלעפאטיע פאר? די באמיהונגען פון דער גוט־באוואוסטער
„געזעלשאפט פאר פסיכישער פארשונג" זענען מעהר ווי א דור צייט
געווען געווענדט אויף צו באגרינדען א פאזיטיווען ענטפער אויף דער
דאזיגער פראגע, מיט דער הילף פון פארשידענע עקספערימענטען,
און אויף צו זאמלען און קריטיש דורכזיפען פאקטען וואס האבען גע־
שיינט צו פאדערן די דאזיגע השערה פאר זייער דערקלערונג. די
באווייזען וואס די אלע באמיהונגען האבען צונויפגעזאמעלט זענען
אזעלכע וואס וואלטען גענוג געווען צו באגרינדען פאר אלע נארמאלע

# פסיכאָלאָגיע

מענשען די דיסקוטירטע פאקטען ווען די פראַגע וואָלט ניט געווען
אזוי געוואַלטיג וויכטיג.

צוגעבענדיג אז עס איז נויטיג זיך נאָך צו האַלטען נייטראַל אין
דער פראַגע, לאָמיר ווארפען א בליק אויף די ברייטע אויסזיכטען פון
דער זעהר ווארשיינליכער — אבער אפשר ניט גענוג באַוויזענער —
הנחה אז טעלעפּאַטיע קומט יע פאָר. אויב מען נעמט אָן די הנחה,
ערשיינט די פסיכיק פונ'ם איינצעלנעם ניט דוקא אָפּגעזונדערט פון
אַלע איבעריגע פסיכיקעס, אָדער אז זי קאָמוניקירט זיך מיט זיי בלויז
מיט דער הילף פון קערפּערליכע אָרגאַנען פאַר אויסדרוק און חוש־
פּערצעפּציע, און מיר מעגען פּרובירען דערקלערען גייסטיגע פּראָצע־
סען און ווירקונגען — וואָס אנדערש זעהען זיי אויס אומדערקלער־
באַר — ווי א רעזולטאַט פונ'ם איינפלוס פון אנדערע פסיכיקעס.
צוויי באַזונדערע סאָרטען דערקלערונגען עפענען זיך פאַר אונז. ערש־
טענס, קענען מיר פּרובירען דערקלערען געוויסע איבערנאַרמאַלע ער־
שיינונגען אריינרעכענענדיג דעם איינפלוס פון א טייל פון יענע פּסי־
כיקעס פון וועלכע מיר האָבען פּאָזיטיווע ידיעות, דהיינו, די פסיכיקעס
פון מענשען פון אונזער צייט. מיר קענען, למשל, אננעמען אז דאָס
רעליגיעזע תשובה טון, אדער עפּעס אַן איבערנאַרמאַלע גייסטיגע וויר־
קונג אויפ'ן קערפּער, ווערט ארויסגעבראַכט דורכ'ן איינפלוס פון אַ
שטאַרקערער פסיכיק, אדער פון א קאָנצענטראַציע פון עטליכע אדער
פיעל פסיכיקעס אויף איינער. אָבער אזא באַהויפּטונג וואָלט ניט
געקענט דערקלערען געוויסע פאַקטען, און באַשטעטיגטע פאַקטען,
ספּעציעל די אינספּיראַציעס פונ'ם זשעניע, וואָס שטייגען אריבער די
כחות פון אַלע אנדערע לעבעדיגע מענשען, און פאַלען אין וועלכע
מענשען שיינען ארויסצואווייזען ידיעות וועלכע קיין מענש וואָס האָט
דעמאָלט געלעבט, האָט ניט פאַרמאָגט.

אזוי ארום קומט אויס אז פיעלע פון די, וואָס באַטראַכטען א
טייל פון די איבערנאַרמאַלע מאַניפעסטאַציעס ווי אומדערקלערבאַרע,
סיידען מיר נעמען אָן א דירעקטען איינפלוס פון איין פסיכיק אויף
דער צווייטער, ווערען געצוואונגען איינצוזעהן אין זיי באַווייזען פונ'ם
איינפלוס פון קערפּערלאָזע פסיכיקעס. די לערע פון אומנאָרמאַלע

# וויליאם מעקדוגעל

פסיכאלאגיע איז אלזא געווארען א פעלד וואו מען זוכט צו געפינען עמפירישע באווייזען פאר צוויי פון די עלטסטע און פארשפרייטסטע מענשליכע גלויבענס: דעם גלויבען אין די עקזיסטענץ פון דער מענש־ליכער פערזענליכקייט נאכ'ן קערפערליכען טויט, און דעם גלויבען אינ'ם בונד צווישען דעם מענשליכען און געטליכען גייסט.

באווייזען פאר'ן ערשטען גלויבען זוכט מען דערהויפט אין דער אויטאמאטישער שפראך און שריפט, וואס שיינט אין אזוי פיעל פא־לען ארויסצודריקען די פערזענליכקייטען פון פארשטארבענע מענשען. אזוי אמת'דיג ווערען אזעלכע פערזענליכקייטען אזוי ארום געשיל־דערט, אז אסך הונדערטער אינטעליגענטע מענשען זענען געווארען איבערצייגט אז די דאזיגע „אויטאמאטישע מיטטיילונגען" זענען דאס, פארוואס זיי האבען זיי אזוי אפט געהאלטען, ד.ה. מיטטיילונגען פאר־מולירט אין די לעבעדיגע נשמות פון געשטארבענע און, ווי עס איז, אויסגעדריקט דורכ'ן אויטאמאטישען שרייבער. יענע וועמעס ערש־טער אימפולס עס איז אפצו'פטר'ן די דאזיגע אידעען מיט חוזק דארפען זיך אפצוגעוויינען פון אזא טבע ביז זיי האבען אן ערשט־העגטיגע באקאנטשאפט מיט ביישפילען פון דער דאזיגער מאדנער ערשיינונג. פארקערט, אנצונעמען איבערגעאיילט די דאזיגע אויס־טייטשונג פון די פאקטען איז פונקט אזוי שלעכט. ווארים אפשאצען באווייזען איז א זעהר דעליקאטע און שווערע ארבייט, וואס פאדערט פולשטענדיגע אומפארטייאישקייט. אבער די צאל מענשען וואס זענען פעהיג אנצוהאלטען די שטעלונג פון אומפארטייאישער פארשונג אינ'ם ליכט פון די דאזיגע באווייזען, איז בלויז א קליינטשיגע ברוכ־צאל פון דער ציוויליזירטער וועלט.

עמפירישע אונטערשטיצונג פאר'ן גלויבען אינ'ם בונד מיט'ן געטליכען גייסט זוכט מען דערהויפט אין צוויי ריכטונגען. ערשטענס, טענה'ט מען אז דער פראצעס פון רעליגיעזען תשובה טון איז אפט אזא וואס מען קען ניט דערקלערען פון שטאנדפונקט פון די באוואוס־טע איינגענשאפטען פון דער מענשליכער פסיכיק בכלל און פון די גייסטיגע אייגענארטיגקייטען פונ'ם בעל דבר בפרט. צווייטענס,

# פסיכאָלאָגיע

ווייזט מען אַז אַז אין אַלע צייטען האָבען די ספּעציפישע רעליגיעזע איבערלעבונגען פון מענשען, אַפילו פון מענשען וואָס זענען אויפגע־צויגען געוואָרען אונטער'ן איינפלוס פון די פאַרשידענסטע טראַדיצי־עס, געוויסע געמיינזאַמע שטריכען וואָס כאַראַקטעריזירען זיי ווי די אַרבייט פון אַ געמיינזאַמען איינפלוס, און ווי אַ געמיינזאַמע סיבה וואָלט זיי באַשטימט, ממילא, טענה'ט מען, איז עס שכל'דיג צו גלויבען אַז די דאָזיגע רעליגיעזע איבערלעבונג — פון וועלכער דער־פולסטער אָדער פולקאָמסטער טיפּ איז דאָס מיסטישע געפיהל אַז דער „איך" איז פאַרשלונגען אין אַ העכער וועזען — איז פונקט ווי זי ערשיינט פאַר די וואָס קענען זי צום בעסטען, דהיינו, אַ ווירקליכע פאַראייניגונג אָדער אַ בונד צווישען דעם מענשליכען און דעם געט־ליכען גייסט. אַסך מאָדערנע שרייבער האָבען אונטערגעשטראָכען די דאָזיגע טענה, אָבער קיינער האָט עס ניט געטון אַזוי קרעפטיג ווי דער פאַרשטאָרבענער וויליאַם דזשיימס אין זיין באַרימטער אָפּהאַנדלונג: „די פאַרשידענקייטען אין רעליגיעזע איבערלעבונגען". דער איינפלוס פון דעם ווערק איז געווען זעהר גרויס, און איהם האָבען מיר מייסטענס צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט וואָס פּסיכאָלאָגיע — וואָס איז ביז גאָר ניט לאַנג געוויינליך באַטראַכט געוואָרען מיט פיינדליכע חשדים סיי פון די פירער פונ'ם רעליגיעזען געדאַנק סיי פון די מאַסען — האַלט איצט ביי ווערען די אויסדערוועהלטע דינסט פון טעאָלאָגיע, און אַפילו איהר ערשטער שטיץ־פונקט. וואָרים זינט דער פאַרעפענטליכונג פון יענעם בוך איז אויסגעוואַקסען, וואָס מען קען כמעט אָנרופען, אַ נייער ליטע־ראַטור־צווייג אין דער פאָרם פון פאַרשידענע זשורנאַלען, און אַ שטראָם פון אַרטיקלען און ביכער, געווידמעט דער פּסיכאָלאָגיע פון רעליגיעזער איבערלעבונג, און די מייסטע פון די שרייבער זענען טעאָלאָגען.

פון אַט דער קורצער איבערזיכט איבער'ן פעלד פון אומנאָרמאַלער פּסיכאָלאָגיע קען מען זעהן אַז אינ'ם רוב פון איהרע צווייגען זענען מיר געצוואונגען צו אָנערקענען די ווירקליכקייט פון אומבאַוואוסטזיניגע גייסטיגע טעטיגקייטען, און כאָטש די רעזולטאַטען — סיי אין האַנד־לונג סיי אין באַוואוסטזיין — פון אַזעלכע טעטיגקייטען זענען אָפט ענליך צו די טעטיגקייטען פון נאָרמאַלע פּסיכישע פּראָצעסען, טרעטען

# וויליאַם מעקדוגעל

אבער די דאָזיגע רעזולטאַטען, אין פיעלע פאַלען, אריבער דאס נאָר־מאַלע.

מעהר ווי איין פּראָבע איז געמאַכט געוואָרען אויסצואַרבייטען א היפּאָטעז וואָס זאָל ברענגען אַלע די איבערנאָרמאַלע ערשיינונגען אונ־טער איין דערקלערונג. פון די אַלע פּראָבעס איז וויליאַם דזשיימס'עס אפשר די אינטערעסאַנטעסטע. ער ווייזט אַז אַז מיר קענען באַטראַכ־טען אַלע פּסיכיקעס ווי פאַרבונדען אויף עפּעס א דירעקטען אופן, וואָס מאַכט מעגליך זייער געגענזייטיגען איינפלוס און א פאַראייניגונג פון זייערע כחות; אדער, אויסדריקענדיג דעם באַגריף אַנדערש, אַז פּסי־כיק, די מענשליכע, די אינטער־מענשליכע אַזוי גוט ווי די איבער־מענש־ליכע, איז איינס, און אַז אונזערע אינדיווידועלע פּסיכיקעס זענען בלויז טיילווייזע מאַניפעסטאַציעס פון איין פּסיכיק, באַדינגט פון די איי־גענטימליכקייטען פון אונזער קערפּערליכען אָרגאַניזם. אַלע איבער־נאָרמאַלע רעזולטאַטען פון פּסיכישער טעטיגקייט, אריינרעכענענדיג די עקסטרעמסטע ביישפּילען פון קאָנטראָלירען קערפּערליכע פּראָצעסען; דאָס אויסדריקען ידיעות וואָס מען האָט ניט באַקומען אויף קיין נאָר־מאַלען אופן; די העכסטע שאַפונגען פון זשעניען, רעליגיעזע תשובה און דאָס געפיהל פון התפעלות איבער דעם וואָס דער „איך" איז פאַר־שלונגען אין א גרעסערער, אַלץ־ארומנעמענדיגער איינקייט — אַלע די דאָזיגע ערשיינונגען קען מען אַלזאָ צושרייבען צו א טיילווייזער אדער צייטווייליגער אָפּשאַפונג פון די באַדינגונגען וואָס זונדערן געוויינליך אָפּ די אינדיווידועלע פּסיכיק.

קיין פּסיכאָלאָגישער פאַרשער מיט אַ אָפענעם קאָפּ וועט ניט אָפּ־זאָגען זיך פון אנערקענען די געזעצליכקייט און די גרויסאַרטיגקייט פון אַזעלכע פּלפּולים. אָבער די הויפּט ארבייט פון אומנאָרמאַלע פּסיכאָ־לאָגיע דאַרף כסדר באַשטעהן אין אומפּאַרטייאישען באַאָבאַכטען און קריטיש דורכזיפען פון ערפאַרונגען, וואָס בלויז אויף זייער באַדען קען מען אויספּרובירען אדער באַווייזען אַזעלכע פּלפּולים.

## אכטער קאפיטעל

# סאָציאַלע פּסיכאָלאָגיע.

ווען דער פאָרשער פון האַנדלונג האָט געלערנט פון די פאַרשידענע צווייגען פון פּסיכאָלאָגיע, וואָס זיינען באַהאַנדעלט געוואָרען אין אונזער איבערזיכט, אַלץ וואָס מען קען פון זיי לערנען וועגען דעם בוי, דער אָפּשטאַמונג און די אַרבייטס־אַרטען פון דער אינדיווידועלער פּסיכיק, וואַרט נאָך אַ גרויס פעלד אויף זיין אויספאָרשונג. אויב מיר האַלטען אַז די פּלפּולים וואָס זיינען באַרירט געוואָרען צום סוף פון לעצטען קאַפּיטעל, זענען אומבאַוויזען, און מיר זאָגען זיך אָפּ צוצוגעבען אַז עס זענען פאַראַן געוויסע אַרטען פון קאָמוניקאַציעס אָדער איינפלוסען אויף מענשען, וואָס קומען ניט אויף די נאָרמאַלע וועגען פון חוש־פּערפּעציע און קערפּערליכע באַוועגונגען, מוזען מיר פון דעסטוועגען מודה זיין אַז אין אַ געוויסען זין עקזיסטירען איבער־אינדיווידועלע אָדער קאָלעקטיווע פּסיכיקעס.

מיר קענען גאַנץ פיין דעפינירען אַ פּסיכיק ווי אַן אָרגאַניזירט סיסטעם פון גייסטיגע אָדער צוועקמעסיגע כחות; און, אין אָט דעם דעפינירטען זין, קען מען ריכטיג זאָגען אַז יעדע פעסט אָרגאַניזירטע מענשליכע געזעלשאַפט פאַרמאָגט אַ קאָלעקטיווע פּסיכיק. וואָרים די קאָלעקטיווע טעטיגקייט וואָס שטעלט צונויף די געשיכטע פון אַזאַ מין געזעלשאַפט ווערט באַדינגט פון אַן אָרגאַניזאַציע וואָס מען קען שיל־דערן אין פּסיכישע טערמינען, און וואָס געהט דאָך ניט אַריין אין דער פּסיכיק פון קיין שום יחיד; די געזעלשאַפט ווערט באמת צונויפגע־שטעלט פון אַ סיסטעם פון שייכות'ן וואָס קומען אַרויס צווישען אינ־דיווידועלע פּסיכיקעס וועלכע זענען די איינצעלהייטען פון איהר צו־זאַמענשטעלונג. אונטער יעדע אומשטאַנדען אונטערשיידען זיך די

# וויליאם מעקדוגעל

טעטיגקייטען פון אזא געזעלשאפט פון דער סומע פון די טעטיגקייטען מיט וועלכע איהרע איינצעלנע מיטגלידער וואלטען רעאגירט אויף דער לאגע אהן דעם סיסטעם פון שייכות׳ן וואס מאכט זיי פאר א געזעלשאפט. אדער, מיט אנדערע ווערטער, דאס דענקען און האנדלען פון יעדען מענשען, אויף וויפיעל ער דענקט און האנדעלט ווי א מיטגליד פון א געזעלשאפט, איז גאר פארשידען פון זיין דענקען און האנדלען ווי אן אפגעזונדערטער יחיד.

מיר וועלען איצט נעהנטער באטראכטען וואס אזא געדאנק אנט־האלט. אבער קודם כל דארף מען אנווייזען אז אויב מיר אנערקענען די עקזיסטענץ פון קאלעקטיווע פסיכיקעס, צעפאלט די ארבייט פון סאציאלער פסיכאלאגיע אין דריי טיילען. דער ערשטער טייל איז די לערע פון די אלגעמיינע פרינציפען פון קאלעקטיווער פסיכאלאגיע. ד.ה. די לערע פון די אלגעמיינע פרינציפען פון קאלעקטיווען דענקען. פיהלען און האנדלען, ווי מענשען אין סאציאלע גרופען ווייזען עס ארויס. צווייטענס, אנגעבענדיג די אלגעמיינע פרינציפען פון קאלעקטיווער פסיכאלאגיע, בלייבט נאך די לערע פון די אייגענ־ארטיגקייטען וואס ווייזען זיך ארויס אין קאלעקטיווען האנדלען און אין גייסטיגען לעבען פון באשטימטע געזעלשאפטען. דריטענס, אנגעבענדיג דאס גייסטיגע לעבען פון א געזעלשאפט מיט איהרע סאציאליזירטע און ארגאניש שייכות־דיגע מיטגלידער, דארף די סאָ־ציאלע פסיכאלאגיע באשרייבען דעם אופן ווי אזוי יעדער נייער מיט־גליד, אריינקומענדיג אין דער געזעלשאפט, ווערט אריינגעפורעמט אין איהרע טראדיציאנעלע ארטען פון דענקען, פיהלען און טון, ביז ער ווערט פאסיג צו שפילען זיין ראלע ווי א מיטגליד און בייצוטראגען זיין איינפלוס אויף איהר קאלעקטיוו גייסטיג לעבען.

דער דאזיגער דריטער טייל פונ׳ם פעלד פון סאציאלער פסיכאָ־לאגיע פלעכט זיך דורך און דערגענצט אויף א וויכטיגען אופן די לערע פון דער אנטוויקלונג פון דער אינדיווידועלער פסיכיק. ווארים כאטש עס איז מעגליך צו שטודירען אט די אנטוויקלונג אפגעריסען פון דער סאציאלער סביבה, מוז אבער אזא שטודיום זיין אין פיעלע הינזיכטען אומפולקאם און פארפירעריש. יעדער נארמאלער מענש וואקסט אויף

# פסיכאָלאָגיע

אונטער דעם שטענדיגען איינפלוס פון דער געזעלשאפט אין וועלכער ער איז געבוירען געווארען, און זי פורעמט אוים זיין גייסטיגע אנט־וויקלונג אויף יעדען פונקט. ער ווערט דער יורש פון אן אינטעלעק־טועלער און מאָראַלער טראַדיציע וואָס האָט זיך ביסלעכוויז אנט־וויקעלט, טריט ביי טריט, דורך די באַמיהונגען פון טויזענדער דורות. אפילו אין די פרימיטיוועסטע געזעלשאַפטען פון ווילדע מענשען איז שוין די טראַדיציע ברייט און קאָמפּליצירט; און אין אונזערע מאָ־דערנע ציוויליזירטע געזעלשאַפטען האָט זי פּראָגרעסירט אזוי ווייט אין די דאָזיגע הינזיכטען אז קיין איינציגער מענש קען ניט אריינ־זייגען מעהר ווי אַ פאַרהעלטענישמעסיג קליינע ברוכצאָל פונ׳ם גאַנ־צען. פון דער אינטעלעקטועלער טראַדיציע איז דער וויכטיגסטער טייל די שפּראַך, דער אינסטרומענט און די באַדינגונג פאַר כמעט אלע ווייטערע געווינסען. באַהערשענדיג זיין מוטער שפּראַך האָט דאָס קינד אסך מעהר צו לערנען ווי אַ דערוואַקסענער וואָס נעמט זיך צו באַ־הערשען אַ פרעמדע שפּראַך. ווארים בעת דער לעצטער האָט כמעט ניט מעהר צו טון ווי צובינדען נייע קלאַנגען צו באַקאַנטע זאַכען, דאַרף דאָס קינד, לערנענדיג צו באַנוצען נייע ווערטער, אויך לערנען צו צעברעכען די גאַנצע וועלט פון זיין סביבה אויף אסך זאַכען און צו באַמערקען אסך אונטערשידען און שייכות׳ן צווישען זיי, די אלע זאַ־כען, אונטערשידען, און שייכות׳ן זענען בלויז אַ טייל פון אַן אומבאַ־גרענעצטער צאָל וואָס אַן אַלמעכטיגער גייסט וואָלט געקענט באַמער־קען. דאָס קינד קלייבט אוים הויפּטזאַכליך דאָס וואָס איז דער פונ־דאַמענט פון דער קולטור פון זיין געזעלשאַפט; און מאַכענדיג אזא אויסקלייב ווערט עס מייסטענס באַהערשט פון דער שפּראַך וואָס זיינע אורעלטערן האָבען געשאַפען, כדי צו באַצייכענען די דאָזיגע אויסגע־קליבענע זייטען פון דער וועלט. דאָס נאָרמאַלע קינד קריגט אויך פון זיין סאָציאַלער גרופּע אַ גרויסע צאָל טראַדיציאָנעלע גלויבענס בנוגע די זאַכען וואָס עס האָט געלערנט צו דערקענען, און די מייסטע פון זיי האַלט עס אַן דורכ׳ן גאַנצען לעבען, ניט צווייפלענדיג קיינמאָל אין זייער אמת, ניט אונטערזוכענדיג ווי עס קומט זיי אָנצונעמען. און אין ציוויליזירטע געזעלשאַפטען קען עס זיך אויך אויסלערנען צו

# וויליאם מעקדוגעל

באהערשען אלע, אדער א טייל פון די שטארקסטע אינטעלעקטועלע אינסטרומענטען, וואס די ארבייט פון פיעלע דורות האט געשאפען, אזעלכע אינסטרומענטען ווי די געשריבענע שפראך, דאס צייכענען, ציפערן און מאטעמאטישע ידיעות.

א וויכטיגער טייל פונ'ם יחיד'ס סאציאלער ירושה איז אפשר די מאראלע טראדיציע. יעדער פון אונז מוז דאס מאכען פאר זיין אייגענס, ניט בלויז דורך דעם וואס ער באקומט א ידיעה דערפון, נאר דורך אויפבויען א סיסטעם פון מאראלע געפילען. ווארים עס איז א ספק צו דאס ווערט ביז א געוויסער מאס איבערגעגעבען בירושה; און אפילו ווען א געוויסער באדען פון מאראלע סענטימענטען געהט יא איבער בירושה, איז עס זיכער אז פיעל פון דער מאראלער טראדיציע דארף אויף ס'ניי באאיינדרוקען יעדעס קינד, כדי עס זאל פעהיג זיין צו קאנטראלירען זיין האנדלונג לויט'ן מאראלען קאדעקס פון זיין געזעלשאפט.

כדי צוצוגרייטען דעם יחיד צו שפילען זיין ריכטיגע ראלע אינ'ם לעבען פון זיין סביבה, פאדערט זיך אלזא אז מען זאל אהן אן אויפהער צופאסען זיין גייסטיגע אנטוויקלונג אונטער'ן איינפלוס פון דער געזעלשאפט. צו פארשטעהן אט דעם צופאסונגס־פראצעס איז גאנץ וויכטיג. אויף ווי ווייט מענשען האבען בכיוון געזוכט פאראויס צו טרייבען דעם דאזיגען פראצעס, האבען זיי געהאנדעלט לויט טעאריעס וועלכע — ספעציעל בנוגע דער בילדונג פון כאראקטער — זענען מעהרסטענס געווען זעהר אומפינקטליך. פון די גריכען וואס האבען געלערנט אז וויסען און גוטע מידות זענען איינס, ביז רוסא, די ענגלישע אוטיליטאריסטען, הערבערט ספענסער און די אינטעלעקטואליסטישע און העדאניסטישע*) פאלשע שלוסען, אלץ צוזאמען, האט פארדארבען כמעט אלע טעאריעס וועגען דעם דאזיגען פראצעס; און מען האט עקשנות'דיג פארגעשטעלט דעם מענשען אז ער האנדעלט גערעכט, ווייל ער באגרייפט אז ערליכקייט איז די בעסטע פאליטיק. דער פראק־

---

*) „העדאָגע" מיינט אויף גריכיש א תענוג. „העדאָניזם" איז א טעאָ־ריע, וואָס האַלט, אז דער מענש האָט אין זינען מיט זייבע האַנדלונגען זיך צו פאַרשאַפען פאַרגעניגען. (רעדאקטאר)

## פסיכאָלאָגיע

טישער פועל יוצא פון אלע אזעלכע טעאָריעס איז אז מען פאַרלאָזט זיך צופיעל אויף באַלוינען און באַשטראָפען און מען קוקט אויף פאַר־גענינגען און וועהטאָג ווי די רעגולירער פון מענשליכען אויפפיר.

בלויז א פאַרשטענדיגערע פסיכאָלאָגיע קען אונז ראַטעווען פון אַט די פאַלשע שלוסען. מיר דאַרפען פאַרניכטען יעדע שפור פון דער טעאָריע אז אויפפירונג קומט דער עיקר פון אַן אויסרעכענונג אויף באַפרידיגונג וואָס מען וועט האָבען פון דעם אדער יענעם דרך. אויף איהר פּלאַץ דאַרפען מיר אוועקשטעלען דעם אמת, אז יעדע בריאה, א חיה, א קינד, אדער א דערוואַקסענער, האַנדעלט אזוי אדער אַנ־דערש, ווייל די אימפּולסען מיט וועלכע זי איז באַשאַנקען פון דער נאַטור רייסען זיך צו דעם אדער יענעם ציל. ממילא איז דאָס פּראָב־לעם פון מאָראַלער ערציהונג א פּראָבלעם פון טרייבען די אימפּולסען צו פּאַסיגע געגענשטאַנדען, אדער, אויפ׳ן טעכנישען לשון, פון פאַר־בינדען די פּאַסיגע קאָנאַטיווע און קאָגניטיווע נייגונגען. דאָס קען מען ניט דערגרייכען דורך ערגעץ א סיסטעם פון לויז און שטראָף, נאָר דורך א דעליקאַט ווירקענדיגען איינפלוס פון דער געזעלשאַפט אויף דער אנטוויקלונג פון׳ם יחיד. מיר מוזען אָנערקענען אז אינ׳ם באַאיינפלוסען די אַנטוויקלונג סיי פון דער קאָגניטיווער סיי פון דער קאָנאַטיווער זייט פון דער פסיכיק, שפּילט דאָס לאָגישע דענקען בלויז א צווייטע און צופעליגע ראָלע, און אז די פּראָצעסען דורך וועלכע די געזעלשאַפט ווירקט אויפ׳ן וואַקסענדיגען מענשען איז יעדער רגע פון זיין לעבען בשעת ער שלאָפט ניט, זענען פון א גאַנץ אנדערן כאַ־ראַקטער.

די דאָזיגע פּראָצעסען צעפאַלען אין דריי גרויסע טיילען: סוגעס־טיע, סימפּאַטיע און אימיטאַציע. אונטער „סוגעסטיע" פאַרשטעהען מיר דעם פּראָצעס אַ דאַנק וועלכען מיר טיילען א מענשען מיט גלויבענס אָהן דער הילף פון לאָגיש דערגרייכטע שלוסען. מיר זענען געניינט אָנצונעמען אָהן קשיות די גלויבענס וואָס זענען איינגעפונ־דעוועט אין אונזערע מיטמענשען; און יעדער פון אונז האָט צו פאַר־דאַנקען דער דאָזיגער טענדענץ פאַר דעם סאַמע גרעסטען טייל פון זיינע גלויבענס וואָס שטעלען צונויף זיין שכל. אפילו ווען מיר דענקען

# וויליאם מעקדוגעל

מיט דער שטרענגסטער לאגיק הייבען מיר געוויינטליך אן מיט הנחות וואס זענען גלויבענס וועלכע מיר האבען באקומען אויף אזא ניט־דורכגעטראטען אופן.

אונטער „סימפאטיע" פארשטעהען מיר די טענדענץ איבערצולע־בען, אין דער אנוועזענהייט פון א באשטימטען אביעקט, די אייגענע געפיהלען און אימפולסען וואס ווייזען זיך ארויס אין דער האנדלונג פון אונזערע מיטמענשען. די ארבייט פון אט דעם פראצעס רעגולירט דעם גאנג פון אונזערע אימפולסען און ברענגט זיי אין איינקלאנג מיט דער מאראלער טראדיציע אדער, מיט אנדערע ווערטער, זי פירט דעם וואוקס פון אונזערע מאראלע געפילען.

אונטער „אימיטאציע" פארשטעהען מיר די טענדענץ אנצופירען די באוועגונגען צו וועלכע אונזערע אימפולסען טרייבען אונז לויט א מוסטער וואס אונזערע מיטמענשען גיבען אונז. א טענדענץ וואס האט זיך איהר וויכטיגקייט, כאטש זי איז ווייניגער איינפלוסרייך ווי די אנדערע צוויי.

עס איז די הויפט עובדא פון דעם ערשטען צווייג פון סאציאלער פסיכאלאגיע צו באלייכטען די דעליקאטע ארבייטען פון די דאזיגע פרינציפען.

שטודירענדיג די אלגעמיינע פרינציפען פון קאלעקטיווער פסי־כאלאגיע הארפען מיר אנפאנגען מיט די איינפאכסטע פארמען פון מענשליכע און חיה'שע פארבינדונגען; ווייל, כאטש בלויז וועגען די הויך אנטוויקעלטע מענשליכע גרופען קען מען ריכטיג זאגען אז זיי ווייזען ארויס א קאלעקטיווע פסיכיק, דאך זעהען מיר אז די פארמען פון געגענזייטיגען איינפלוס צווישען יחיד און גרופע, וואס איז דער עיקר אין דער עקזיסטענץ פון א קאלעקטיווער פסיכיק, ווייזען זיך ארויס, אין פארהעלטענישמעסיג איינפאכע פארמען, אפילו אין שוואך ארגאניזירטע גרופען.

מיר מוזען פארבייגעהן די גרויסארטיגע לערע פון חיה'שע געזעלשאפטען, אנמערקענדיג בלויז איהר וויכטיגסטען מוסר השכל. ראשית, די ערשטע באדינגונג פאר דער עקזיסטענץ פון חיה'־שע געזעלשאפטען איז דער געזעלשאפט אינסטינקט; און צוויי־

## פסיכאָלאָגיע

טענס, דאָס הארמאָנישע צוזאמענארבייטען פון די מיטגלידער פון
דער גרופע, ספעציעל אין אַנטלויפען און אין פּאַרטיידיגונג, ווערט
פאַרזיכערט דורך דער טענדענץ אַפּצורופען זיך סימפּאַטעטיש. וואָס
איז איינגעבוירען אין יעדען מיטגליד. אַט די פּרימיטיווע סימפּאַ־
טישע טענדענץ, דאַרף מען דעם לעזער דערמאָנען, איז בלויז אַן אינס־
טינקטיווע טענדענץ זיך אַפּצורופען אויף די אויסדרוקען, וואָס זענען
כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדען פון די איינגעבוירענע הויפּט אימפּולסען
פונ'ם מין, מיט אַן ענליכען אימפּולס און געפיהל אויפרעגונג. דעם
דאָזיגען פּרינציפּ זעהען מיר אילוסטרירט אויפ'ן בעסטען און
איינפאַכסטען אופן צווישען די סאָציאַלסטע פון אַלע חיות, די האָניג
בינען. ווען איהר נעמט אועק די קעניגין פון איהר נאָהענטסטע באַ־
דינער רופט עס אין זיי ארוים א וועהטאָג וואָס דריקט זיך אויס אין
א ספּעציעלען טאָן, און דער דאָזיגער טאָן רופט ארויס אַן ענליכען
וועהטאָג, ענליך אויסגעדריקט, אין אַלע בינען וואָס געפינען זיך אינ'ם
בינשטאָק. ווען איהר קערט אום די קיניגען (אדער אפילו איהר טוי־
טען קערפּער. אדער עפּעס א זאַך וואָס איז דורכגעדרונגען מיט ריח
פון איהר קערפּער) בייט זיך איבער דער טרויער פון די שכנישע בינען
אויף א צופריעדענער לעבעדיגקייט, וואָס דריקט זיך ווידער אויס אין
א כאַראַקטעריסטישען טאָן און שפּרייט זיך שנעל אויס מיט זיין הילף
איבער'ן גאַנצען בינשטאָק. דער טאָן וואָס דריקט אויס כעס פאַר־
שפּרייט אויך אַזוי אַן אויפרעגונג איבער'ן גאַנצען בינשטאָק; און
העכסט־וואַרשיינליך איז דאָס זעלביגע ריכטיג בנוגע די טענער וואָס
דריקען אויס אַנדערע עמאָציאָנעלע אימפּולסען.

ווען מיר נעמען באַטראַכטען די איינפאַכסטע פאָרמען פון מענש־
ליכע פאַרבינדונגען, דהיינו, א צופעליג צוזאמענגעקליבענעם המון, זע־
הען מיר אַז זייערע שטאַרקסטע אייגענאַרטיגקייטען שטאַמען פונ'ם
זעלביגען סימפּאַטעטישען פּרינציפּ. די גוט־באַוואוסטע כאַראַקטע־
ריסטיק פון א המון איז א ווילדער אויסברוך פון די פונדאַמענטאַלע
עמאָציעס און אימפּולסען. דער איינפאַכסטער און שטאַרקסטער סאָרט
פון אזא קאָלעקטיווער אויפרעגונג איז די פּאַניק. דער מענשליכער
המון ווייזט איהם ארויס אזוי איינפאַך און שרעקליך ווי א גרופּע

## וויליאַם מעקדוגעל

חיות. ווען עטליכע הונדערט מענשען פאַרזאַמלען זיך אויף איין פּלאַץ, און אויב עטליכע פון זיי דערשרעקען זיך און זיי ווייזען ארויס זייער מורא, אַזוי אַז מען קען עס הערען און זעהען, איז די אױפרעגונג עלול זיך צו פאַרשפּרייטען כמעט אין א רגע איבער דער גאַנצער גרופּע, אפילו ווען די זאַך וואָס האָט זי לכתחילה ארויסגערופען ביי די עטליכע בלייבט באַהאַלטען פון דער מאַסע. און די אויפרעגונג פאַר־שטאַרקט זיך פון מאָמענט צו מאָמענט, ווייל יעדער מענש רופט זיך ניט בלויז אָפּ אויפ'ן ערשטען מורא־געשריי מיט א ציטער פון דעם זעלביגען געפיהל, נאָר אויך, בעת ער קוקט זיך ארום כדי אויסצוגעפי־נען די שרעקעדיגע געפאַר, זעהט ער די מורא אויסגעדריקט אויף יעדען פּנים, אין יעדען זשעסט, און זי הערט זיך אין יעדען קול. דאָס גע־פיהל פאַרשפּרייט און פאַרשטאַרקט זיך דורך דער פּרימיטיווער סימ־פּאַטישער טענדענץ; און צוזאַמען דערמיט ווערט שטאַרקער דער אימפּולס צו אנטלויפען, ביז די מורא ווערט אומקאָנטראָלירבאַר און באַהערשענדיג אַלע מיטגלידער פונ'ם עולם, טרייבט זי זיי צו א וויל־דער רייסעריי זיך צו ראַטעווען, בעת מענשען זעהען אוים ווי זיי וואָלטען פאַרלוירען אַלע מענשליכע אייגענשאַפטען, און אַראָפּגעזונ־קען צו דער מדרגה פון ריין חיה'שער האַנדלונג.

די פּאַניק איז די לעבעדיגסטע און שרעקליכסטע אילוסטראַציע פון קאָלעקטיווען געפיהל, אָבער אַלע אַנדערע רויהע געפיהלען און אימפּולסען זענען, דוכט זיך, פעהיג זיך צו פאַרשפּרייטען און פאַר־שטאַרקען דורכ'ן פּראָצעס פון סימפּאַטישער אָנשטעקונג. כעס איז באַ־זונדערס פעהיג צו פאַרשפּרייטען זיך אין אַ עולם, און דער בייזער המון איז בלויז ווייניגער ווילד און הערט זיך מעהר צו צו דער שטים פון פאַרשטאַנד ווי דער פּאַניק־צעמישטער עולם. די אויפטועו פון גרויסע רעדנער באַווייזען ווי מען קען ארויסרופען און פאַרשטאַרקען, אונטער גינסטיגע באַדינגונגען, דאָס גאַנצע עמאָציאָנעלע לעבען.

די אינטענסיוויטעט פון דער קאָלעקטיווער עמאָציע פון אַן אומ־אָרגאַניזירטען עולם ווערט שטאַרקער צוליב דעם וואָס יעדער איינ־צעלנער פונ'ם עולם איז גענייגט צו פאַרלירען אויף א געוויסער מאָס

זיין פערזענליכקייט און פאַראַנטוואָרטליכקייט; ער איז ניט מעהר אַליין, אַ יחיד אין די אויגען פון זיינע מיטמענשען, נאָר ער פיהלט זיך ווי אַן אומאויסטיילבאַרע איינצעלהייט פון אַ מאַסע איבער וועל־כער די וועלט וועט אויסדריקען איהר מיינונג, און ניט איבער איהרע איינצעלהייטען. ממילא איז יעדער מענש עלול צו ווערען הפקר, זיך וויניג צו באַמיהען זיך צו קאָנטראָלירען.

די עמאָציאָנעלע אויפרעגונג פון אַן עולם איז זעהר אומגינסטיג פאַר זיינע אינטעלעקטועלע פּראָצעסען; וואָרים אינטענסיווע עמאָ־ציעס מאַכען מענשען אומקריטיש, איבערגעאיילט, פּאַרטייאיש אין אורטייל, און זיי ווערען לייכט געבראַכט צו גלויבען דורך בלויזער סוגעסטיע. דאָס וואָס ביי די מיטגלידער פון אַן עולם ווערט פאַר־קלענערט דאָס געפיהל פון פערזענליכער פאַראַנטוואָרטליכקייט, פירט אין דער זעלביגער ריכטונג. אָבער דער שעדליכסטער איינפלוס אויף דער קוואַליטעט פון קאָלעקטיווען אורטיילען און דענקען איז וואָס מען קען אַנרופען מ אַ ס ע ן ־ ס ו ג ע ס ט י ע. יעדער מענש איז אַביסעל געניינט צו גלויבען אין אַ באַהויפּטונג וואָס מען גיט איהם איבער מיט זיכערקייט, און אויב אַזאַ באַהויפּטונג ווערט איהם איבערגעגעבען פון הונדערט אָדער טויזענט מענשען, ווערט איהם שווער זיך צו באַציהען צו איהר קריטיש. אָבער ווען אַ גרויסער עולם אַפּלאָדירט אַ רעדנערס אַ דערקלערונג, ערשיינט די באַהויפּטונג פאַר יעדען מיטגליד ניט בלויז ווי די אָנגענומענע מיינונג פון יעדען פון די איבעריגע, נאָר דער פאַקט אַז זיי שטעלען צונויף אַן עולם, אַן אומגעהייערע קערפּערשאַפט וואָס איז איינדרוקספול צוליב איהר מאַסע, איהר קראַפט, איהרע אומבאַ־וואוסטע מעגליכקייטען, — דאָס אַלץ מאַכט יעדען מענשען מעהר גע־נייגט צו פאָלגען אַ סוגעסטיע, גרייטער אָנצונעמען מיינונגען אומ־קריטיש, איידער ווי ווען ער וואָלט געהערט די זעלביגע מיינונג אויס־געדריקט פון דער זעלביגער צאָל יחידים. די לעבעדיגסטע אילוסט־ראַציע פון אָט דער סוגעסטיווקייט פון אַן עולם זעהט מען אין פיעלע פּאַרצייכענטע אינצידענטען פון אַ קאָלעקטיווער האַלוצינאַציע, וואו אַלע אָדער די מייסטע מיטגלידער פון אַן עולם האָבען אָנגעהויבען צו באַמערקען זאַכען וואָס האָבען לחלוטין ניט עקזיסטירט, אזעלכע

# וויליאַם מעקדוגעל

זאַכען ווי דער ים־שלאַנג, אַדער אַ פייערדיגער צלם, אַדער אפילו אַ מאַסע מענשען אַדער מלאכים אין די וואָלקענס.

אַלזאָ די האַנדלונג פון׳ם צופעליגען, אומאָרגאַניזירטען עולם איז עלול צו ווערען אַזאַ, וואָס איז פיעל נידעריגער פון דער דורכשניט־ליכער האַנדלונג פון זיינע איינצעלנע ווען זיי דענקען און האַנדלען ווי יחידים, צוליב דער אויפגעבראַכטקייט פון׳ם עולם, זיין הויכער סוגעסטיווקייט און דעם פאַרקלענערטען געפיהל פון פאַראַנטוואָרט־ליכקייט פון זיינע מיטגלידער.

אַז עולם איז אָבער זעלטען אין גאַנצען צופעליג. אַז עולם ווערט געוויינליך צוזאַמען געבראַכט דורך עפּעס אַ געמיינזאַמען אינטערעס אַדער צוועק אין די מחות פון די איינצעלנע וואָס שטעלען איהם צו־נויף; אַ געמיינזאַמען אינטערעס אין ספּאָרט, אַדער מוזיק, אַדער פּאָ־ליטיק, אַדער רעליגיע, אַ געמיינזאַמע געטריישאַפט אַדער אַ געמיינ־זאַמער האַס. אַזאַ סאָרט עולם איז אַלזאָ צונויפגעשטעלט פון וויי־ניגער פאַרשידענאַרטיגע מענשען ווי אַ צופעליגער עולם. אַזאַ׳ן עולם האָט, קען מען זאָגען, אַ געוויסע איינהייטליכקייט אין זיין צוזאַמענ־שטעל אויף ווי ווייט זיינע יחידים ווערען באַהערשט פון אַ געמיינ־זאַמען וויסען, אַ געמיינזאַמער מיינונג און געמיינזאַמע סענטימענטען. אַ געוויסע מאָס איינהייטליכקייט איז אַ נויטיגע באַדינגונג פאַר יעדען קאָלעקטיווען פּסיכישען פּראָצעס. אַ צופעליגע פאַרזאַמלונג פון מענ־שען פון פאַרשידענע פעלקער, פאַרשידענע קולטור מדרגות, וואָס רעדען פאַרשידענע שפּראַכען און באַזיצען ווייט פאַרשידענע מיינונגען און געפיהלען, קען אַרויסווייזען בלויז די סאַמע רויהסטע פאָרם פון קאָלעק־טיווען פּראָצעס: די פּאַניק. און וואָס איינהייטליכער דער עולם איז אַלץ פעהיגער איז ער פאַר׳ן אמת׳ן קאָלעקטיווען דענקען און האַנדלען. אָבער אַזוי לאַנג ווי דער עולם פאַרמאָגט ניט קיין אָרגאַניזאַציע וועט זיין איינהייטליכקייט זיין גענייגט צו פאַרשטאַרקען די אייגענטימליכ־קייט פון קאָלעקטיווען פּסיכישען פּראָצעס, ווי מיר האָבען עס שוין באַמערקט.

זאָלען מיר אַרויסדרינגען אַז זיך צו באַטייליגען אין קאָלעקטיווען גייסטיגען לעבען, צו זיין אַ מיטגליד פון אַ גרופּע, הייסט נויטווענדיג

צו קומען צו א דערנידערונג אין גייסטיגען לעבען? אזא שלום (וואס ווערט אפט געמאכט דירעקט אדער אומדירעקט) וואלט געווען זעהר אן ערנסטער טעות.

בלויז דורך באטייליגען זיך אינ׳ם קאלעקטיווען לעבען פון אָר־גאניזירטע געזעלשאפטען הייבט זיך אויף די מאסע איבער זעהר א נידעריג מדרגה פון א כמעט ריין עגאאיסטישער האנדלונג; און בלייז דורך אזא באטייליגונג הייבען זיך אויף גרויסע מענגעס מענשען צו א מדרגה פון ארבייט לטובת הכלל, און אפילו צו דער הויכקייט פון העלדישע זעלבסט־אויפאפפערונג.

אלזא די הויפט ארבייט פון קאלעקטיווער פסיכאלאגיע איז צו ווייזען ווי אזוי די ארגאניזאציע פון געזעלשאפטען ברענגט ארוים דעם דאזיגען פאראדאקסאלען רעזולטאט, ד.ה. בעת די קאלעקטיווע האנד־לונג פון אומארגאניזירטע גרופען ווייזט אן אויף א פיעל נידעריגער מדרגה פון פסיכישען פראצעס ווי די אינדיווידועלע האנדלונג פון איהרע דורכשניטליכע יחידים — און אזוי ארום הייסט זי א דערני־דערונג פון איהרע אינדיווידועלע טיילען, דערגרייכט געוויינליך דאס קאלעקטיווע לעבען פון א גוט ארגאניזירטער געזעלשאפט א העכערע מדרגה, סיי אינטעלעקטועל סיי מאראליש, איידער יעדער פון איהרע מיטגלידער וואלט געקענט דערגרייכען אינדיווידועל, און זי דערהייבט אסך פון די וואס באטייליגען זיך אין איהר צו פיעל העכערע מדרגות אין דענקען און האנדלען.

איין איינציגער ביישפיל וועט אילוסטרירען דעם פאקט און אנוויי־זען די ריכטונג וואו מען קען געפינען דעם ענטפער אויף דעם פאראַ־דאקס. א גוט ארגאניזירטע פאטריאטישע ארמיי, אילוסטרירט דעם פאקט זעהר קלאר און איינפאך. די ארגאניזאציע פון אזא׳ן ארמיי איז פארהעלטענישמעסיג איינפאך, דאך אין אנדערע הינזיכטען איז זי פון העכסטען סארט, ווייל זי איז א פראדוקט פון א בכיוונ׳דיגען פלאן און פון דעם וואס אלע איהרע מיטגלידער נעמען אן און פירען אוים דעם פלאן פרייווילינ. די באוועגונגען פון דער גאנצער ארמיי דריקען אוים א שטופע פון פארשטאנד וואס שטייגט ווייט אריבער דעם שכל פון איהרע דורכשניטליכע מיטגלידער, ד.ה. זי דריקט אוים

# וויליאם מעקדוגעל

דעם פארשטאנד פון איהר הויפט קאמאנדיר און פון א זעלטען אויס־
דערוועהלטען און געאיבטען שטאב וואס פלאנעוועט און באשליסט מיט
דער הילף פון אן אומגעהייערן סכום דעטאלער אינפארמאציע וואס
ווערט צוגעשטעלט פון אונטערגעארדענטע, און אין ליכט פון א באַ־
קאנטשאפט מיט די פרינציפען פון מלחמה וואס כסדר'דיגע מענשליכע
דורות האבען אנגעזאמעלט. די עיקר באדינגונג וואס דערהייבט די
אינטעלעקטועלע מדרגה פון דער קאלעקטיווער האנדלונג פון אזא'ן
ארמיי איז אזוי קלאר, אז ס'איז אפשר ניט נויטיג צו דערקלערען
זי מיט ווערטער. אזא מין ארגאניזאציע גיט איבער די דעה איבער זיך
צו יענע וואס זענען צום בעסטען פעהיג צו אורטיילען וועגען יעדער
פראגע. עס איז אבער ניט ווייניגער אמת, כאטש ניט אזוי קלאר, אז
דעם קאלעקטיווען ישוב הדעת און באשלוס פון א קאמיטעט, א פאר־
לאמענט, אדער א גאנץ פאלק, קען מען אפהיטען פון די אידיאטיש־
קייטען פונ'ם אומארגאניזירטען המון בלויז דורך דער עקזיסטענץ
פון אן ארגאניזאציע וואס גיט איבער דעם העכסטען איינפלוס און
פאראנטווארטליכקייט צו די מיטגלידער וואס זענען צום בעסטען פע־
היג צו דערגרייכען גערעכטע שלוסען. מען קען צוגעבען אז די אומ־
געהייערע איינפאכקייט און ווירקזאמקייט פון אן ארמיי ארגאניזא־
ציע, אויף איהר אינטעלעקטועלער זייט, ווערט בלויז מעגליך צוליב
דעם וואס די קאלעקטיווע טעטיגקייט פון דער גרופע ווערט אנגעפירט
צו אן איינציגען ציל; דער ציל ווערט שארף דעפינירט, און יעדער
מיטגליד פון דער גרופע נעמט איהם אן און פארלאנגט איהם, און דאס
איז אז דער שונא זאל כאפען א מפלה.

אויף דער מאראלער זייט הייבט זיך אויך אויף דאס קאלעקטיווע
לעבען פון אזא'ן ארמיי צו א הויכער מדרגה א דאנק איהר ארגאני־
זאציע. עס איז אמת אז א געמיינזאמער צוועק באלעבט אלע איהרע
מיטגלידער; ווארים אפילו אן אומארגאניזירטער המון וואס איז באַ־
לעבט פון א געמיינזאמען צוועק, ווי למשל א „לינטש" המון, קען
ארויסווייזען א הויכע מאס אנטשלאסענקייט. די מאראלע קראפט אדער
די דיסציפלין וואס אן ארמיי ווייזט ארויס הענגט אויך פיעל אפ פון
א סימפאטישער פארשטארקונג פון די געפיהלען; כאטש סימפאטישע

אנשרעקונג קען ווירקען פארקערט אויך, ווי עס באווייזט דאס, וואס כמעט אלע ארמייען זענען פעהיג ארייצופאלען אין א פאניק.

אבער די הויפט באדינגונג פון דעם וואס די ארמיי האלט זיך אויף א הויכער מדרגה פון דיסציפלין, איז די עקזיסטענץ פון א גרופען־גייסט. אונטער גרופען־גייסט פארשטעהען מיר אז אין יעדען סאלדאטס מח איז פאראן א קלארע אידעע פון דער ארמיי און פון זיין פלאץ אין איהר, און זיין ראלע אין איהר לעבען, צוזאמען מיט א געפיהל פון איבערגעבענקייט צו איהר. בלויז דאס וואס אין יעדער פסיכיק עקזיסטירט דער דאזיגער סענטימענט מאכט מעגליך אז אמת'ן קאלעק־טיווען פארלאנג; בלויז דאס האלט אויף יעדען מענשען דורך לאנגע חדשים פון מידקייט און אומבאקוועמליכקייט, און שפילט א ראלע פון אנטשיידענדיגער וויכטיגקייט אין יעדען קריטישען מאמענט פון דער שלאכט, ווי בעת די אנפאלענדיגע רייהען ציטערן אונטער א האגעל קוילען, און אין דער קלוג ארגאניזירטער ארמיי איז דער גרו־פען־גייסט ניט איינציג נאר פיעלפאך: יעדער מענש באזיצט ניט בלויז א געפיהל פון איבערגעבענקייט צו דער ארמיי ווי א גאנצע, וואס פירט איהם צו ווינשען איהר ערפאלג און כבוד, נאר ער פארמאגט אויך ענליכע געפיהלען פאר זיין קארפוס, זיין פאלק, זיין ראטע, וואס שאפט ביי איהם וואונש צו טון אלץ וואס ער קען, צו דערגרייכען דעם ערפאלג, און כבוד פאר יעדער פון די דאזיגע גרופען מיט וועלכע ער איז פארבונדען, אין פריינדליכער קאנקורענץ מיט די ענליכע גרו־פען. ווארים עס איז א געבענשטע כאראקטעריסטיק פונ'ם גרופען גע־פיהל אז איבערגעבענקייט צו ערגעץ א גרופע איז אבסאלוט אין איינ־קלאנג מיט אז ענליכען סענטימענט פאר יעדער גרעסערער גרופע וואס נעמט אריין די קלענערע, און די איבערגעבענקייט צו דער גרעסערער ווערט נאך פארשטארקט דערפון. די אנטוויקלונג פונ'ם גרופען גייסט, די ווירקונג אויף איהם פון טראדיציעס, און סימבאלען, און טערי־טאריעלע גרופירונגען, א. א. וו. זענען דערפאר זעהר וויכטיג פאר'ן מיליטערישען פסיכאלאג, וועלכער דארף וויזען די הויפט באדינגונגען פון ערפאלג און דורכפאל אין מלחמה.

מען קען שאפען נאך אז אנדערע באדינגונג פון פעסטער דיסציפ־

## וויליאם מעקדוגעל

ליז אין אן ארמיי, ווען זי איז אזוי ארגאניזירט אז די מענשען מיט'ן שטארקסטען קוראזש און פיינסטען ענטוזיאזם פארנעמען די העכסטע שטעלעס, ווארים זייער טעמפעראמענט וועט באגייסטערן די וואס שטעהען לעבען זיי, און די באגייסטערונג וועט דורך זיי געהן ווייטער איבער'ן גאנצען סיסטעם.

דאס זענען עטליכע פון די פסיכאלאגישע פרינציפען דורך וועמעס ארבייט דאס קאלעקטיווע לעבען פון דער גרופע קען דערהויבען ווע־רען ווייט אריבער דעם לעבען פונ'ם אומארגאניזירטען עולם. מען דארף באמערקען אז די פונדאמענטאלע פרינציפען פון גאנצען קאַ־לעקטיווען לעבען, דהיינו, סימפאטישע אנשטעקונג, מאסען סוגעסטיע און אימיטאציע ווערען ניט אפגעשאפט אין דער גוט ארגאניזירטער גרופע; זיי ארבייטען אין איהר אזוי שטארק ווי אינ'ם המון, נאר זייער ארבייט ווערט געענדערט און ווערט איבערגעדרעהט צום גוטען.

שטודירענדיג אנדערע סארטען ארגאניזירטע גרופען: דעם וויל־דען שבט, די געהיימע געזעלשאפט, די פאליטישע פארטיי, אדער דעם פאד־פאראיין, באקומען מיר א מעגליכקייט אויסצוארבייטען די דאזיגע פונדאמענטאלע פרינציפען און דערגענצען זיי מיט אנדערע וויינינגער וויכטיגע. אויפ'ן דאזיגען אופן גרייט זיך די קאלעקטיווע פסיכאלאגיע צו קריגען א באגריף פון דער קאמפליצירטסטער, אינטע־רעסאנטסטער און וויכטיגסטער פארם פון דער קאלעקטיווער פסיכיק: די פסיכיק פונ'ם מאדערנעם נאציאנאלען שטאט.

דער אויסדרוק „נאציאנאלער כאראקטער" ווערט אפט באנוצט. אבער די וואס באנוצען איהם מאכען זעלטען קלאר אין וועלכען פון די צוויי טייטשען זיי פארשטעהען איהם. געוויינליך באצייכענט ער דעם כאראקטער פון עפעס א היפאטעטישען יחיד וועלכען מען קען בא־טראכטען ווי דעם טיפ אדער דעם דורכשניט פארשטעהער פון דער נאציע. אבער דעם ערשטען זין פון דעם אויסדרוק דארף מען קלאר אונטערשיידען פונ'ם צווייטען. א נאציע מיט א לאנגער פארגאנגענ־הייט און אן אומגעהייער סיסטעם פון לעבעדיגע טראדיציעס און אינסטיטוציעס האט א כאראקטער וואס איז בשום אופן ניט דער רע־זולטאט פון די כאראקטערען פון איהרע איינצעל־טיילען. ווארים אט

# פּסיכאָלאָגיע

די טראַדיציעס און אינסטיטוציעס באַשטימען מייסטענס איהר כאַ־ראַקטער, און זיי זענען דער פּאַראייניגטער פּראָדוקט פון די כאַראַק־טערען פון די יחידים פון פריהערדיגע דורות און פון היסטאָרישע לעבענס־באַדינגונגען פון דער נאַציע דורך פיעלע יאָרהונדערטען. פון'ם זעלביגען זין און צוליב דער אייגענער אורזאַך האָט א נאַציע א קאָלעקטיוו נאַציאָנאַלען שכל פונקט ווי א קאָלעקטיוו נאַציאָנאַלען כאַראַקטער.

דאָס דריטע פעלד פון סאָציאַלער פּסיכאָלאָגיע באַשטעהט אין אַנווענדען די פּרינציפּען פון קאָלעקטיווער פּסיכאָלאָגיע אויף צו פאַר־שטעהן באַשטימטע נאַציעס, אדער אַנדערע היסטאָרישע גרופּען. אין אָט דעם גרויסען פאָרשונגס־פעלד קען פּסיכאָלאָגיע ניט געהן אליין. נאָר זי מוז צוזאַמענאַרבייטען מיט אַנדערע וויסענשאַפטען, ספּעציעל מיט פּאָליטישער געשיכטע און דער עקאָנאָמישער וויסענשאַפט; און די ריכטיגע אַרבייטס צעטיילונג צווישען די דאָזיגע פאַרשידענע לע־רעם אין דער סאָציאָלאָגישער וויסענשאַפט, איז איצט א היים דיסקו־טירטע פראַגע. ניט אַריינגעהענדיג אין דעם שווערען פּראָבלעם, דאַר־פען מיר באַשטעהן דערויף אַז אין דער אויסטייטשונג פון'ם לעבען פון נאַציעס, איז די אַנווענדונג פון די פּרינציפּען פון'ם קאָלעקטיווען לעבען, ניט די גאַנצע פּסיכאָלאָגישע אַרבייט וואָס דאַרף געטון ווערען.

עס בלייבט פאַר'ן פּסיכאָלאָג די אַרבייט פון באַשרייבען די גייסט־טיגע אייגענאַרטיגקייטען פון די יחידים וואָס שטעלען צונויף די פאַר־שידענע נאַציעס און די קלאַסען אין זיי, און ער דאַרף ספּעציעל זיך סטאַרען צו דעפינירען די איינגעבוירענע אייגענאַרטיגקייטען פון זייי־ערע גייסטיגע קאָנסטיטוציעס, ד.ה. די קאָלעקטיווע פּסיכאָלאָגיע דאַרף נעמען צו הילף די פאַרגלייכענדיגע פּסיכאָלאָגיע פון ראַסען און קלאַ־סען, איידער זי קען האָפען בייצושטייערן איהר ריכטיגען חלק צו דער אויסטייטשונג פון דער געשיכטע און צו דער דערקלערונג פון די אייגענ־אַרטיגקייטען פון'ם קאָלעקטיווען לעבען פון יעדער נאַציע. וואָרים ווי גרויס עס זאָל ניט זיין דער איינפלוס פון טראַדיציעס, אינסטיטו־ציעס און עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין באַשטימען דעם לעבענס־גאַנג און דעם ערפאָלג אדער דורכפאַל פון א נאַציע, וועלען

# וויליאם מעקדוגעל

די איינגעבוירענע אייגענשאפטען פון דער באפעלקערונג זיך לאזען פיהלען און וועלען סוף כל סוף אויסאיבען אן איבערוועגענדיגען איינ־פלוס איבער אלע אנדערע כחות.

דא ליגט א געוואלטיג פעלד אויסצופארשען. מען האט אסך געשריבען וועגען די איינגעבוירענע גייסטיגע אייגענארטיגקייטען פון ראסען און נאציעס. אבער ביז איצט האבען מיר כמעט ניט מעהר ווי טונקעלע, באטש מייסטענס דאגמאטישע מיינונגס־אויסדרוקען, ניט געשטיצט פון קיין פארזוך געגוי צו באאבאכטען, און, מעהרסטענס, אויסגעדריקט פון שרייבער וואס האבען אפילו ניט באגריפען דעם כאראקטער פון די פראבלעמען וועלכע מען דארף לייזען. די ארבייטען וואס דער פסיכאלאג דארף גלייך טון אין דעם פעלד זענען, אלזא, צו דעפינירען די פראבלעמען און אויסצואורבייטען די מעטאדען דורך וועלכע מען קען זיי באהאנדלען מיט פראפיט.

די ערשטע שווערקייט פון דער גאנצער ארבייט אין דעם פעלד איז צו אונטערשיידען צווישען דער איינגעבוירענער און געקראגענער גייסטיגער סטרוקטור, וועגען וועלכע מיר האבען שוין גערעדט אין א פריהערדיג קאפיטעל. אבער דער פארגלייכענדיגער שטודיום פון פעל־קער קען באלייכטען די דאזיגע פראגע, און ער קען עס טון אפשר מעהר ווי יעדע אנדערע מעטאדע. ווארים אויב די איינגעבוירענע אייגענשאפטען פון יעדען פאלק איבען אוים שטענדיג, דור נאך דור, אן איינפלוס וואס פארמירט און קלייבט אפ דעם וואוקס פון זיין קולטור און זיינע אינסטיטוציעס, קענען מיר האפען צו גע־פינען דארט זייער אפשיין. דאס איז אלזא איינע פון די ארבייטען פון דער פארגלייכענדיגער ראסען פסיכאלאגיע. אבער איהר הויפט אר־בייט דארף זיין צו שילדערן די איינגעבוירענע גייסטיגע אייגענשאפ־טען פון ראסען און פעלקער. מיר דארפען וויסען וואס עס זענען די אונטערשידען, בנוגע דעם גייסטיגען פארמעגען, צווישען די געלע, שווארצע און ווייסע ראסען, צווישען דעם קעלט, דעם טעווטאן און דעם סלאוו; דעם אראבער, דעם איד און דעם ארמענער. מיר דארפען וויסען ווי אזוי די דאזיגע אונטערשידען זענען געשאפען געווארען. מיר דארפען וויסען וואסער ווירקונג די ראסען־אסימילאציע האט אויף

# פסיכאָלאָגיע

דער איינגעבוירענער גייסטיגער סטרוקטור, און צו די באַפעלקערונג
וואָס שטאַמט פון ראַסען־אַסימילאַציע קען ווירקליך שאַפען מיט דער
צייט נייע שטאַנדהאַפטיגע אונטער־ראַסען. מיר דאַרפען אויך ווי־
סען צו עס זענען דאַ אונטערשידען, אין דער איינגעבוירענער גייסטי־
גער קוואַליטעט, צווישען די פאַרשידענע טיילען אין סאָציאַלע שיכ־
טען פון אונזערע גרויסע, קאָמפּליצירטע נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטען.
און מיר דאַרפען ספּעציעל וויסען וואָסערע ענדערונגען, עס קומען פאָר
אין דער איינגעבוירענער פסיכישער קאָנסטיטוציע פון אַט די באַפעל־
קערונגען אונטער זייערע איצטיגע באַדינגונגען. אייב עס קומען בכלל
פאָר ענדערונגען. צו, ווי טייל באַהויפּטען, פאַרשידענע פאָרמען פון
סאָציאַלען אויסקלייב טרייבען צו דעגענעראַציע; אָדער, ווי מען
גלויבט געוויינליך, די ציוויליזירטע גזע׳ס געהען אַז כסדר ארויסברענ־
גענדיג א העכערען טיפּ פסיכישע סטרוקטור; אָדער, ענדליך, צו די
הויפּט ענדערונג וואָס ווערט געמאַכט איז ניט קיין גרעסערע דיפערענ־
ציאַציע מיט׳ן פועל יוצא אז עס ווערט געבוירען א פאַרהעלטעניש־
מעסיג נידעריג־גראַדיגע באַפעלקערונגס מאַסע ביי איין עק פון דער
לייטער, און א געוויסע צאָל משפחות מיט אויסערגעוויינליכע פעהיג־
קייטען און מאָראַלער פעסטקייט — ביים צווייטען עק. די אַלע פראַ־
גען דאַרפען פאַרענטפערט ווערען דעטאַל, איידער מיר קענען אויפ־
בויען אַ אמת׳ע וויסענשאַפט פון דער געזעלשאַפט, א וויסענשאַפט
וואָס וועט אָנווייזען דעם וועג פאַר אַזאַ פּאָליטישער און סאָציאַלער
אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט געבען א געוויסע גאַראַנטיע פאַר שטאַנד־
האַפטיגקייט און א געוויסען אויסזיכט אויפ׳ן כסדר׳דיגען פראָגרעס
פונ׳ם מענשליכען גייסט און דער מענשליכער קולטור.

די אַלע פּראָבלעמען געהען אריין אינ׳ם פעלד פון פסיכאָלאָגיע.
און בלויז דער פּראָגרעס פון אַט דער וויסענשאַפט קען זיי לייזען.

ס ו ף.

# א קורצע געשיכטע פון פסיכאָלאָגיע

מען קען זיכער זאגען אז אריסטאטעל איז געווען דער גרינדער פון פסיכאָלאָגיע פונקט ווי פון אסך אנדערע וויסענשאפטען, כאטש ביי איהם איז זי ניט אפגעטיילט פון דער אלגעמיינער ביאָלאָגיע, וועלכע איז ווידער א טייל פון פיזיק, אדער דער לערע פון דער נאטור. זיין ווערק „איבער דער נשמה" איז געווען אין משך פון צוויי טויזענט יאָר דאס פסיכאָלאָגישע לעהר־בוך אין דער גאנצער וועלט, און עס פארדינט נאָך איצט שטודירט צו ווערען. אויספארשענדיג די ער־שיינונגען פון לעבען באנוצט זיך אריסטאטעל, ביז א געוויסער מאָס, מיט אלע מעטאָדען פון דער מאָדערנער וויסענשאפט: באאבאכטונג — אויף אנדערע און אויף זיך אליין; פארגלייך; עקספערימענט; השערה; אינדוקציע; און אויך דעדוקציע און ספעקולאציע. ער דעפי־נירט די נשמה ווי די „ענטעלעכיא" אדער די פאָרם פון א נאטירליכען קערפער וואס פארמאָגט לעבען פאָטענציעל." ער מאכט א חילוק צווישען דריי סאָרטען נשמות, אדער מדרגות אין לעבען: די מדרגה פון וואק־סען, פון שפירען און פון זיין אינטעלעקטועל אדער ראציאָנאל. ביים מענשען נעמען די העכערע מדרגות אריין די נידעריגערע. ער אונטער־זוכט די פארשידענע פונקציעס פון דערנערונג, פארלאנגען, באוועגונג, אויפנעמען זאכען מיט די חושים און שכל. דאס לעצטע פארמאָגט בלויז דער מענש. ער רעדט ארום מיט איינצעלהייטען וועגען דער ארבייט פון די חושים, און ער ווייזט זיך ארויס פאר א פלייסיגען אנאטאָמישען און פיזיאָלאָגישען פאָרשער און אויך פאר א פארזיכ־טיגען זעלבסט־באָאבאכטער פון אונזערע באוואוסטזיניגע פראָצעסען. אונזער וויסען פאנגט זיך אן פון די שפירונגען פון אונזערע חושים. אָבער די חושים נעמען ארום בלויז קאָנקרעטע און איינצעלנע זאכען. די פונקציע פון׳ם שכל איז צו אבסטראהירען דעם אלגעמיינעם תוך.

## מ. מאַהער

עס איז פאַרהאַן א גרינדליכער חילוק צווישען דענקען און שפּירען. דער שכל איז אָפּגעזונדערט פון די חושים און איז אומשטערבליך, כאָטש מיט וויפיעל געניוקייט מיר דאַרפען אויפפּאַסען אַט דעם שכל און זיין אָפּגעזונדערטקייט, איז איינס פון די פאַרפּלאָנטערטסטע פּראָבלעמען אין דער אריסטאָטעלישער פּסיכאָלאָגיע. אין דער אמת׳ן איז ניט אזוי לייכט שלום צו מאַכען צווישען דער טעאָריע פון פרייען ווילען און פּערזענליכער אומשטערבליכקייט אין געוויסע טיילען פון אריסטאָ־טעל׳ס געדאַנקען.

## די סכאָלאַסטישע פּעריאָדע.

פון אריסטאָטעלען ביז די מיטעלאַלטערליכע פילאָזאָפען האָט מען ווייניג וואָס געטון צו באהאַנדלען פּסיכאָלאָגיע סיסטעמאַטיש. פאַר אפּיקורוס׳ן איז פּסיכאָלאָגיע געוועז א צווייג פון פיזיק און אונטער־וואַרפען דער טעאָריע פון העדאָניסטישער עטיק. מיט׳ן אנקומען פון קריסטענטום זענען געוויסע פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען — ווי למשל אומשטערבליקייט, די אָפּשטאַמונג פון דער נשמה, דער פרייער ווילען און די מאָראַלע מידות — געוואָרען אומגעהייער וויכטיג, און דאָס האָט אויפגעהויבען אריסטאָטעל׳ס ווערק „איבער דער נשמה" צו דער פּאָזיציע פון איינס פון די וויכטיגסטע צווייגען אין דער פילאָזאָפיע. אחוץ דעם האָט זיך אין דער מיטעלאַלטער ביסלעכווייז אנטוויקעלט א פּלפּול׳דיגע טעאָריע וועגען דער טבע, די אייגענשאַפטען און ארבייטס־אופנים פון די מלאכים — ווייל מען האָט געהאַלטען אַז די מלאכים זענען גייסטער, וועלכע זענען זעהר ענליך צו דער מענשליכער נשמה בעת מיר פּאַסען זי אויף ווי אָפּגעזונדערט פון׳ם גוף, — און דעריז האָט מען זיך טיילווייז געשטיצט אויף פּסוקים פון דער תורה און טיילווייז האָט מען דאָס ארויסגעבראַכט דורך א פאַר־גלייך מיט דער מענשליכער פּסיכאָלאָגיע. אָט די טעאָריע האָט איהר לעצטע אנטוויקלונג באַקומען אין דער טעאָלאָגיע פון די סכאָלאָס־

# אַ קורצע געשיכטע

טיקער. די קריסטליכע מיסטיקער האָבען זיך, פאַרשטעהט זיך, אָפּגעגעבען מיט דער טבע פון דער נשמה'ס באַקאַנטשאַפט מיט גאָט. אָבער זייער באַהאַנדלונג פון פסיכאָלאָגישע פראַגען איז אין אַלגעמיין טונקעל און מטושטש, אין זייער שפראַך איז פאַרפלייצט מיט אַלעגאָריע און סימבאָליזם, אין דער אמת'ן זענען די גרעסטע צווישען די מיסטיקער ניט געווען צופרידען צו באַנוצען זיך מיט סכאָלאַסטישע אדער וויסענשאַפטליכע מעטאָדען אין דער באַהאַנדלונג פון מיסטישע איבערלעבונגען. די לאַנגע ויכוחים וועגען רעאַליזם און נאָמינאַליזם, זינט די ערשטע צייטען פון דער מיטעלאַלטער, האָבען געטריבען די מענשליכע אויפמערקזאַמקייט צו דער לערע וועגען אונזערע ידיעות און דעם פּראָבלעם וועגען דעם אורשפּרונג פון אידעען.

מיר האָבען דערהויפּט צו פאַרדאַנקען אַלבערטוס מאַגנוס'ן און דעם הייליגען טאָמאָס'ן וואָס אריסטאָטעל'ס פסיכאָלאָגיע איז פאַרשפּרייט געוואָרען אין גאַנץ אייראָפּע אין משך פון דרייצעהנטען יאָרהונדערט, אין די קשיות 75־90 פון דעם ערשטען טייל פון זיין „סומאַטעאָלאָגיקאַ" גיט דער הייליגער טאָמאָס א גאַנץ פולען און סיסטעמאַטישען באַריכט פון די הויפּט ענינים וועלכע זיינען פאַרבונדען מיט דער נשמה. אָבער ביאָלאָגישע, אַלגעמיין מעטאַפיזישע און טעאָלאָגישע פּראָבלעמען זענען תמיד געווען דורכגעפלאָכטען מיט פסיכאָלאָגיע אין אסך יאָרהונדערטער שפּעטער. אין דער אמת'ן איז דאָס פרייע באַנוצען זיך מיט פיזיאָלאָגישע באווייזען אין פסיכאָלאָגישע ויכוחים, א כאַראַקטעריסטישער שטריך פונ'ם אופן אויף וועלכען דער דאָזיגער פילאָזאָפישער צווייג איז באַהאַנדעלט געוואָרען אין משך פון דער גאַנצער געשיכטע פון דער סכאָלאַסטישער פילאָזאָפיע. אָבער כאָטש זיי האָבען ארויסגעוויזען גענוג חריפות אין באָאָבאַכטען גייסטיגע פּראָצעסען, האָבען זיי אָבער אין זייערע ויכוחים זיך פיעל מעהר אָפּגעגעבען מיט מעטאַפיזישע אַנאַליזען און דעדוקטיווע אַרגומענטען איידער מיט סיסטעמאַטישער אינטראָספּעקטיווער באָאָבאַכטונג און אינדוקציע, וואָס איז אזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מאָדערנער פסיכאָלאָגיע.

אין פסיכאָלאָגיע, ווי אין אַנדערע צווייגען פון דער פילאָזאָפיע, איז דעקאַרט'ס איינפלוס געווען א גאַנץ היבשער, כאָטש ניט קיין

דירעקטער. זיין סוביעקטיווער אויסגאנג־פונקט „איך דענק, ממילא עקזיסטיר איך.“*) זיין אונטערשטרייכען די וויכטיגקייט פון ספקות ווי א מעטאדע, זיין פארטיידיגונג פון נאכטראכטען וועגען אונזערע געדאנקען און שטרענג פאנאנדערקלייבען אונזערע פונדאמענטאלע אידעען, — דאס אלץ האט געצילט צו פארשטארקען די מעטאדע פון זעלבסט־באאבאכטונג, און זיין מעכאנישע דערקלערונג אין דער „אפ־האנדלונג איבער די ליידענשאפטען“ האט פארלייכטערט די געבורט פון פיזיאלאגישער פסיכאלאגיע. עס ווייזט אבער אויס אז דזשאן לאק׳ס „אפהאנדלונג איבער׳ן מענשליכען שכל“, (1690) וואס איז געווען דער שטארקסטער פאקטאר אין איינוואָרצלען די מעטאדע פון אנאליטישער זעלבסט־באאבאכטונג, שטעלט מיט זיך פאר די הויפט כאראקטעריסטיק פון די מאדערנע פסיכאלאגישע מעטאדען. ניט קוקענדיג אויף דער צעדרעהטער און ניט אויסגעהאלטענער מעטאפיזיק און די פיעלע פסיכאלאגישע טעות׳ן מיט וועלכע דאס דערמאנטע ווערק איז איבערפילט, האט זיין אפטע ווענדונג צו אינווייניגסטע איבערלעבונגען, זיין ערליכע אנשטרענגונג צו באשרייבען פסיכישע פראצעסען און די צאל שארפע באאבאכטונגען וואס זענען פארשפרייט איבער׳ן גאנצען בוך, אז מען דערמאנט זיך נאך דערצו אז דאס בוך איז ערשינען אין א צייט ווען די אינדוקטיווע מעטאדע האט אנגעהויבען ווערען פאפולער, דאס אלץ האט פארשאפט פאר זיין ווערק א שנעלען און ברייטען ערפאלג, און האט געשאפען א גאנץ אנגעזעהענע עמפירישע ריכטונג אין דער גאנצער שפעטערער ענגלישער פסיכאלאגיע.

בישאף בערקלי האט מיט נאך מעהר געשיקטקייט זיך באנוצט מיט פסיכאלאגישער באאבאכטונג און פסיכאלאגישע אנאליזען, ווי א דערקלערונג־פרינציפ, אין זיין „טעאריע פון זעהן“. און דערנאך האט ער זיי באנוצט פעסטצושטעלען זיין פסיכאלאגישע אמונה, דעם „אידעאליזם“. ענדליך, האט דוד היום, דער אמת׳ער גרינדער פון דער אסאציאציאניסטישער שול אין פסיכאלאגיע, נאך מעהר אויפגעהויבען די וויכטיגקייט פון דער מעטאדע פון אינטראספעקטיווען אנאליז דורך

*) Cogito, ergo sum

# אַ קורצע געשיכטע

די געוואגטע סקעפּטישע שלוסען וועלכע ער האָט, לויט זיינע טענות, דערגרייכט דורך זיי. די שפּעטערע ענגלישע אנהענגער פון דער אסאָציאַציאַניסטישער שול, הארטלי, דיביידע מילס, ביין און הער־בערט ספּענסער, זענען אַנגעגאַנגען מיט דער דאָזיגער מעטאָדע און טראַדיציע אין דער זעלביגער ריכטונג. ביי זיי געפינט מען תמיד א דירעקטע ווענדונג צו אינווייניגסטע איבערלעבונגען צוזאַמען מיט א סיסטעמאַטישער באמיהונג צוריקצופירען דעם אָפּשטאַם פון די העכסטע, גייסטיגסטע און קאָמפּליצירטסטע פּסיכישע באגריפען, צו עלעמענטאַרע צעגלידערטע צושטאַנדען פונ׳ם באוואוסטזיין פון די שפּירונגען, אלגעמיינע אידעען, נויטיגע אמת׳ן, די אידעען פון אן „איך". צייט, רוים, אורזאַכליכקייט, פּונקט אזוי ווי די איבערצייגונג אז ס׳איז פאַרהאַן א דרויסענדיגע ממשות׳דיגע וועלט, אַט דאָס אַלץ איז דער־קלערט געוואָרען ווי א פּועל יוצא פון שפּירונגען און אסאָציאַציעס. מען האָט אָפּגעלייקענט די רעאַליטעט פון דער העכערער טעטיגקייט אדער פעהיגקייט. וואָס איז אין תוך פאַרשידען פון די נידעריגערע כחות פון די חושים, און מען האָט צוריקגעוויזען אלע הויפּט פאַקטען וואָס זענען פריהער באַנוצט געוואָרען פעסטצושטעלען די איינפאַכ־קייט, גייסטיגקייט און ממשות׳דיגקייט פון דער נשמה. די ראַציאָ־נאַלע אדער מעטאַפיזישע פּסיכאָלאָגיע איז אזוי ארום פּאַקטיש פאַר־שווינדען און אָפּגעמעקט געוואָרען פון דער ענגלישער פילאָזאָפישער ליטעראַטור אין משך פון ניינצעהנטען יאָרהונדערט. אפילו די אָרטאָ־דאָקסישערע פאַרשטעהער פון דער שאָטלענדישער שול: ריד און דוגאַלד סטואַרט, וועלכע האָבען אויסגעמיטען יעדען מעטאַפיזישען ארגומענט און האָבען געשטרעבט סותר צו זיין היום׳ען מיט זיינע אייגענע מיטלען, זיך ווענדענדיג בלויז צו ערפאַרונג און באַאָבאַכטונג. האָבען בלויז געהאָלפען פעסטשטעלען די טענדענץ אין דער ריכטונג פון א ריין עמפּירישער פּסיכאָלאָגיע. דער שטאַרקער פאַרלאַנג אין דער ענגלישער פּסיכאָלאָגישער ליטעראַטור, אין משך פון דעם גרעסטען טייל פונ׳ם ניינצעהנטען יאָרהונדערט, בנוגע די וועלכע האָבען פאַר־טיידיגט די טעאָריע אז די מענשליכע נשמה איז א העכערע גייסטיגע ערשיינונג, איז געווען א סיסטעמאַטישע און גרינדליכע באַטראַכטונג

## מ. מאַהער

**פון דער עמפּירישער פּסיכאָלאָגיע.** מאַרטינאָ, וו. ג. וואַרד און אַנ־דערע שרייבער האָבן געטון אויסגעצייכנטע ארבייט בנוגע געוויסע פראַגען, אָבער כמעט אַלע סיסטעמאַטישע אָפּהאַנדלונגען איבער פּסי־כאָלאָגיע זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרען פון די תלמידים פון די מאַטעריאַליסטישע שולען. אָבער אויב פילאָזאָפיע דאַרף זיך שטיצן אויף ערפאַרונג, דעמאָלט איז עס זיכער אז יעדע צופרידענשטעליגע נאַציאָנאַלע, מעטאַפיזישע טעאָריע וואָס שטעלט פאַר די טבע פון דער נשמה, איהר אָפּשטאַם און איהר גורל, דאַרף געבויט ווערען אויף די פאַרזיכטיג־צעגלידערטע און זיכער־פעסטגעשטעלטע רעזולטאַטען פון דער עמפירישער פּסיכאָלאָגיע. אָבער זייערע פאַלשע אַנאַליזען און אויסטייטשונגען פון אונזערע באַוואוסטזיינס־צושטאַנדען, כאָטש זיי האָבן אָפט אויסגעקוקט גאַנץ נישקשה'דיג, זענען שולדיג אין די גרעסטע טעות'ן וואָס בייז, די צוויי מילס, ספּענסער און זייערע תלמידים, האָבן געמאַכט אין זייער פילאָזאָפיע און פּסיכאָלאָגיע. בלויז דורך פאַרזיכטיגערע אינטראָספּעקטיווע באָאָבאַכטונגען און א טיפערן אַנאַליז בנוגע די זעלביגע פּסיכישע פאַקטען, קען מען קלאָר מאַכען די דאָזיגע טעות'ן און אוועקלייגען א פעסטען פונדאַמענט פאַר אַן אמת'ער מעטאַפיזישער פּסיכאָלאָגיע פון דער נשמה.

אין פראַנקרייך האָבן קאָנדיאַק, לאַ מעטרי, האָלבאַך און באָניי אַנטוויקעלט דעם סענסאַציאָנאַליזם פון לאָק'ס פּסיכאָלאָגיע אין זעהר א רויהען מאַטעריאַליזם. כדי בייצוקומען די דאָזיגע ריכטונג האָבן שפּעטער צו רואיע־קאָלאַר, קוזען, זשופרואַ און מען דע ביראַן זיך גע־ווענדעט צו ריד'ס ווערק און צו דער „שכל הישר'דיגער" שאָטלענדישער שול אָננעמענדיג זייערע מעטאָדען און רעזולטאַטען אין דער עמפּי־רישער פּסיכאָלאָגיע. אחוץ דעם, האָבן א טייל פון די דאָזיגע שריי־בער זיך געסטאַרעט צו פירען זייערע געדאַנקען ווייטער פון די בלויזע אינדוקציעס פון דער עמפּירישער פּסיכאָלאָגיע, כדי אויפצובויען אויף אַט דער פאַרגרעסערטער ערפאַרונג אַן עכטע פילאָזאָפיע פון דער נשמה, מאַכענדיג די נשמה פאַר דעם „פּרינציפּ" און דעם סוביעקט פון די צו־שטאַנדען און טעטיגקייטען וואָס ערשיינען אוממיטעלבאַר אין אינ־טראָספּעקטיווער באָאָבאַכטונג.

# אַ קורצע געשיכטע

אין דייטשלאַנד האָט די ריין עמפּירישע טענדענץ — וואָס האָט אָראָפּגעשטופּט די פּסיכאָלאָגיע אין ענגלאַנד פּשוט צו דער מדרגה פון אַ פּאָזיטיווער וויסענשאַפט פון פּסיכישע פאַקטען — ניט געהאַט דעם זעלביגען ערפאָלג. דאָרטען זענען מעטאַפיזיק און פילאָזאָפיע אַליין קיינמאָל ניט אַזוי טיף געזונקען ווי אין ענגלאַנד אין אָנהייב פון נײַנצעהנטען יאָרהונדערט. און כאָטש קאַנט האָט פאַרוואָרפען דעם אַלטען באַגריף וועגען אַ פילאָזאָפישער וויסענשאַפט פון דער טבע און די אייגענשאַפטען פון דער נשמה, און עס איז אויך אַזעלכעס ניטאָ אין די סיסטעמען פון פיכטע'ן, שעלינג'ן און העגעלען, דאָך האָט אין דייטשלאַנד דער בלויזער פענאָמענאַליזם קיינמאָל ניט געזיגט. הערבאַרט, אָפּלייקענענדיג די עקזיסטענץ פון אָפּגעזונדערטע גייסטיגע פעהיגקייטען, שטעלט אַוועק אויף זייער אָרט אַן עלעמענטאַרען סוביעקט פון אַלע פאָרשטעלונגען אָדער אידעען וואָס שאַפען אונזער באַוואוסטזיניג לעבען. הערמאַן לאָצע שטרייכט אונטער אויף אַן ענליכען אופן די וויכטיגקייט וויסענשאַפטליך צו באַאָבאַכטען אונזערע פּסיכישע צושטאַנדען, דאָך באַשטעהט ער נאָך שטאַרקער דערויף, אַז ווען מיר זאָלען ריכטיג אויסטייטשען אונזערע אינטראָספּעקטיווע ערפאַרונגען וואָלטען מיר געהאַט אַ געננוגע מעטאַפיזישע באַרעכטיגונג פאַר אַ רוחניות'דיגער נשמה. אין דער זעלביגער צייט האָבען הערבאַרט'ס באַמיהונגען אויסצודריקען פּסיכישע טעטיגקייט דורך מאַטעמאַטישע פאָרמולעס געפירט אין אַ פיעל מעהר ערפאָלגרייכער ריכטונג פון עקספּערימענטאַלען פאָרשען, מיט וואָס עס האָבען זיך באַשעפטיגט וועבער, פעכנער, וואונט און אַנדערע. דער ציל פון דער דאָזיגער שול איז געווען צו דערגרייכען די מעגליכקייט צו מעסטען צושטאַנדען פון באַוואוסטזיין קוואַנטיטאַטיוו. אַזוי ווי דאָס איז אָבער געוויינליך אוממעגליך אויף אַ דירעקטען אופן, האָט זיך געפאָדערט אַסך אַרבייט און איינפאַל צו מעסטען קוואַנטיטאַטיוו, מיט דער הילף פון ערפונדענע, פיינע אינסטרומענטען, די באַלדיגע פיזישע פאָרגעהער*) און

---

*) צוליב טעאָרעטישע טעמים באַנוצען פּסיכאָלאָגישע שרייבער אָפט דאָס וואָרט „פאָרגעהער" אַנשטאָט „אורזאַכען". דאָס וואָרט „אורזאַך" איז מחייב אַ דירעקטע באַציהונג צווישען אַ פיזישער ערשיינונג און אַ פּסיכישער (ווי למשל צווישען אַ שניט מיט אַ מעסער און וועהטאָג), אָבער אַ דירעקטע באַציהונג צווישען צוויי לחלוטין פאַרשידענע זאַכען (מאַטעריע און פּסיכיק) איז אומדענקבאַר. איבערזעצער.

## מ. מאהער

רעזולטאטען פון פארשידענע פסיכישע טעטיגקייטען, דורך וועלכע מען האט געהאפט צו באקומען פינקטליכע קוואנטיטאטיווע שילדערונגען פון די פסיכישע צושטאנדען אליין. פסיכאלאגישע לאבאראטאריעס, וואס האבען זיך אפגעגעבען מיט אזעלכע סארטען פארשונגען, האבען זיך נעעפענט אומעטום, ספעציעל אין דייטשלאנד און אמעריקע. אבער אין ענגלאנד, וואס איז זינט לאק'ן געווען די ספעציעלע היים פון דער עמפירישער פסיכאלאגיע, האט די נייע באוועגונג פאר עקספערימענטאלער פסיכאלאגיע — ביז דער איצטיגער צייט, לכל הפחות, — ניט געהאט קיין גרויסען ערפאלג. דער פראגרעס פון דער פיזיאלאגישער וויסענשאפט, ספעציעל פון דער פיזיאלאגיע פונ'ם מארך און נערוועז סיסטעם, האט זיך אויך אפגערופען אויף פסיכאלאגיע. ארויסרופענדיג טיפערע פארשונגען איבער די שייכות'ן צווישען פיזישע און פסיכישע פראצעסען. מען קען אבער ניט זאגען אז דער פראגרעס פון פיזיאלאגישע ידיעות, כאטש דער דאזיגער פראגרעס איז א גאנץ היבשער, האט אונז געבראכט באדייטענד נעהנטער צום ענטפער אויפ'ן גרויסען פראבלעם ווי אזוי דער קערפער און די פסיכיק ווירקען איינס אויף ס'אנדערע. די לערע פון נערוועזן פאטאלאגיע, פון פסיכישע קראנקייטען און אומנארמאלע פסיכישע צושטאנדען, ווי למשל היפנאטיזם און טאפעל־באוואוסטזיין, דאס אלץ האט אויך פאר'ן פסיכאלאגישען פארשען געעפענט נייע פלענער, וועלכע האבען זיך געהאלטען אין איין אויסשפרייטען זינט די לעצטע דרייסיג יאר.